אויפ׳ן פסוק „ולקחתם לכם פרי עץ הדר“ — איהר זאלט זיך נעהמען די פרוכט פון דעם שענעם בוים — וועגען מנהג פון אתרוג מיט׳ן לולב איז פאראן א סוד. און ערקלערט דערביי: „יושבי רומניה יודעים את הסוד הזה“ ס׳הייסט די יודען וואס וואוינען אין איטאליען (וואס האט דעמאלט געהייסען ראמא־ניא) ווייסען אט דעם סוד.*) וואס זשע איז דאס געווען פאר א סוד? ביי די רוימישע קיסרים איז געווען א מנהג, אז אין טאג פון קאראנאציע פלעגט דער קיסר פאהרען מיט זיין סווי־טע אויף זעקס ווייסע פערד צו א שפיץ בארג. שטעלענדיג זיך אויפ׳ן שפיץ בארג, פלעגט דער קיסר, האלטענדיג אין איין האנד א שווערד אין דער צווייטער — אן אתרוג, פאכען דער־מיט אין אלע פיער זייטען. דער שווערד איז געווען א סימבאל (א בילדליכע פארשטעלונג) פון זיין מאכט, און דער אתרוג פון דעם ערד קוגעל. די דאזיגע צערעמאניע האט בעטייט, אז די מאכט פון די רוימישע קיסרים איז פארשפרייט אויף דער גאנצער ערד, אז זיי זענען די הערשער פון דער וועלט. „מיר — האט ערקלערט ר׳ ליבושעל, אינ׳ם נאמען פונ׳ם „אבן־עזרא“— האבען דעמאלט איינגעפיהרט דעם מנהג צו ווייזען, אז די הער־שאפט אויף דער ערד בעלאנגט ניט א מענשען, נאר צו גאט. דער „רבונו של עולם“ איז דער „מלך מלכי המלכים“.

*) דער „אבן עזרא“ איינער פון די גרעסטע פילאזאפען און פריידענקער, וואס האט געלעבט מיט 800-900 הונדערט יאהר צוריק פלעגט ריידען שטענדיג אויפ׳ן וואונק. סודות׳דיג, כדי די קלוגע די דענקענדע מענשען זאלען זיך ארייבקלערען אין זייבע געדאנקען און די פאנאטיקער זאלען איהם ניט פערפאלגען.

דערפאר האט אבער די שפאניער־אינדוסטריע א מעלה: ניטא דא קיין „סלעק". א גאנצען יאהר „ביזי"...

---

געבען סאסאוו איז דא א שטאדט זלאטשעוו. נעגען סאסאוו — א כרך יודען — צעהן מאל אזוי פיעל ווי דארטען. דאס יודעשע לעבען פון איצט איז אבער דא א סך ווענינער אינטערעסאנט, ווי דארטען. דערפאר האט אבער זלאטשעוו אן אלטען יחוס. אין „גזרת ת'ח", אין דער צייט פון „חמעלניצקי'ס שחיטה" האט אפשר קיין שטאדט ניט געגעבען אזוי פיעל קרבנות, ווי זלאטשעוו. 300 נפשות זענען דעמאלט דא אויסגעשאכטען געווארען. דא איז א לאנגע צייט געווען א נעסט פון „שבתי־צבי־ניקעס". דא האט געלעבט און איז געשטארבען מיט הונדערט יאהר צוריק ר' מיכל זלאטשעווער, איינער פון די בעריהמטעסטע גוטע יודען אין יענער וואונדערליכער צייט. א חוץ ר' מיכל זלאטשעווער זענען דא געווען נאך אנדערע מערקווירדיגע יודען. א שטויגער, ווי ר' יאסיל קיסין. פאר וואס האט מען איהם גערופען קיסין? ווארום ביין אבריכטען חצות פלעגט זיין קיסען ווערען דורכגעווייקט פון טרערען. און פאר זיין פטירה, אין ארץ ישראל האט ער געלאזען צוואה, מ'זאל זיין חצות־קיסעלע איהם אין קבר צוקאפען געבען. נאך איז געווען דא מיט 200 יאהר צוריק א קלוגער און א אויפגעקלערטער רב ר' ליבעשיל, פון וועמען עס איז געבליבען א לעגענדע, וואס גיט זעהר א שענע ערקלערונג דעם מנהג פון שאקלען דעם לולב און אתרוגים סכות אין שול.

א פוילישער חראביע (גראף), דער באלעבאס פון שטעדטעל — דערצעהלט די לעגענדע — האט אמאל בעגעגנט רבי ליבושלען געהענדיג אין שול מיט'ן אתרוג און לולב. פרעגט דער חראביע דעם רב: דו ביזט דאך א קלוגער און אויפגעקלערטער מענש, ווי קומט דאס צו דיר, זאלסט האלטען פון אזא נארישע צערעמאניע, ווי טרייסלען דעם לולב מיט'ן אתרוג? זאגט דער רב צום חראביע: איך וועל דיר, אדוני פריץ, ענטפערן אויף דעם מיט אן „אבן עזרא". דער „אבן עזרא" שרייבט

דריטענס — איז ער א שטריימעל־מאכער; פערטענס — א בעקער; פינפטענס — א בעל תפילה, און צו די אלע פרנסות א גרויסער ארימאן.

צו אזא „פראדוקציאן", ווי די שפאניעס־מאכעריי פאסט זיך דאכט זיך גאר ניט דאס ווארט: „בעוועגונג" און „סטרייק". פון דעסטוועגן איז דא אויך געווען א בעוועגונג מיט סטריי־קען. דער קאמפף האט דא געהאט גאר אן אריגינעלען פנים. אזוי ווי יעדע „שפאניער־מאשין" קען מען אננעהמען מיט דריי פינגער, האבען די סטרייקער צונויפגעכאפט אלע קלעצלאך אין איין שטיבעל און „קאנצענטרירענדיג" אויף אזא'ן אויפ'ן די „פראדוקציאן" אויף איין פלאץ, האבען זיי געהייסען „אלע רעדער בלייבען שטיל."

דאס איז געווען אין יאהר 1903. דער דאזיגער קאמפף האט זיך געענדיגט מיט'ן „פולען זיעג" פון די ארבייטער. זיי האבען אויסגעקעמפפט א האלבען קרייצער אויפ'ן לויט (דער פרייז צאהלט זיך אויפ'ן וואג, געוועהנליך פון לויט) דאס האט געמאכט 40 קרייצער אויף דער עטרה. אזוי ווי אן עטרה מא־כען דויערט א וואך צייט — האבען זיי אויסגעקעמפפט העכע־רע שכירות אונגעפעהר 8 (לעז: אכט) סענט, אדער 16 קאפי־קעס אויפ'ן וואך געהעכערט.

מיט דעם דאזיגען רעזולטאט האבען זיך די ארבייטער א פנים צופרידען געשטעלט גאנצע 8 יאהר. ווארום א צווייטער סטרייק איז אויסגעבראכען ערשט אין יאהר 1911. דא האט שוין דער קאמפף געדויערט מעהר און דער רעזולטאט איז גע־ווען א מעהר ממשות'דיגער. אנשטאט 40 קרייצער האט מען שוין אויסגעקעמפפט גאנצע צוויי רייניש אויף דער עטרה. דער דורכשניטליכער לוין האט דערגרייכט צו אזא הויך, וואס פריהער האט זיך דעם „שפאניער־מאכער" ניט געחלום'ט — פינף רייניש ד. ה. עפעס מעהר ווי צוויי דאלער (פיער רובל) א וואך...

נאר אזא „גליק" האט ניט לאנג געדויערט. ס'איז געקומען דער קריזיס און דער פרייז איז געפאלען אויף העלפט: אויף פינף קראנען א וואך.

צער א שטונדע. דער בעסטער ארבייטער ארבייט אויס 5 רייניש*) א וואך ביי 14 שטענדיגער טעגליכער ארבייט. קינדער אר־בייטען דערביי פון 8 יאהר אן ניט אויסגעשלאסען די אייגענע קינדער פון די פאבריקאנטען. אז א פאבריקאנט האט עטליכע קינדער איז ער „גליקליך“. ער דארף ניט האבען קיין פרעמדע הענד.

אמאל האט מען איבריגענס, געארבייט נאך מעהר ווי 14 שעה. געקומען איז מען געוועהנליך צו דער ארבייט פיער, פינף אזייגער פאר טאג. מ'פלעגט ארבייטען ביז 11. דאן פלעגט מען דאוונען. נאכ'ן דאוונען כאפען עפעס אין מויל און ווייטער צו דער הייליגער מלאכה — ביז 11 אזייגער ביי נאכט. דער פאר איז זומער א לעבען. מיט צוויי פינגער טראגט מען ארויס די גאנצע „מאשין“ אויפ'ן הויף אין א קיהל ארט און מ'זינגט זיך דערביי אונטער א נגון פון די בראדער זינגער.

דער אבזאץ פון די עטרות איז הויפטזעכליך: עסטרייך־אונגארן, רוסיש־פוילען, אמעריקא. גאליצישע חסידים האבען זיך זייערע פאנטאזיעס אין דעם ריסונאק פון דער עטרה. טשארטקאוו האט ליעב א ברייטע עטרה מיט א דריבנעם ריסו־נאק. בעלז האט ליעב „קעפ“, ד. ה. ברייטע ארבייט. קאמארנער חסידים מוז מען געבען „ליסקעס“ ד. ה. שופען־ארטיגע עטרות. ציוניסטען ווידער פערלאנגען „מגן־דוד'ס“ איינגעוועבט. די אסנאווע, אדער די „קעטע“ פון דער עטרה איז דאס רוב באוויל, רייכערע פערלאנגען א זיידענע קעטע. דער „אוטאק“, אדער „שום“ איז זילבער. צייטענווייז קומט א חוץ די געוועהנליכע־זילבער — „מאטשעץ“. דאס איז א מין זילבער פעדים. איינגעוועבט אלס בעפוצונג. די אלע פאנטאזיעס, נאטירליך, פאדערן א דעזיינער (א צייכנער). און אזעלכער איז דא אין סא־סאוו. איין דעזיינער פאר אלע פאבריקאנטען. דערפאר איז ער ניט קיין געוועהנליכער דעזיינער. ער האט א סך טאלאנטען: ער־שטענס איז ער א דעזיינער; צווייטענס — א שילדענמאלער;

---

*) א רייניש, אדער גולדען איז אונגעפעהר ניינציג קאפי־קעס, אדער 45 סענט.

קאנטען. דריטענס גיט ער אוועק די מזומנע קרייצערס דערנאך אויף וואכער און שלאגט אוים ווייטער פון א רייניש נאך איינעם.

אינטערעסאנט איז די היסטאריע ווי אזוי די עטרות־פאב־ריקאציע איז דא פערפלאנצט געווארען. דאס איז געווען מיט א יאהר 80 צוריק, אין דער צייט פון די קאנטאניסטען*) אין רוסלאנד. איינעם פון אט די יונגע קינדער, וואס מ'האט גע־כאפט און אבגעגעבען פאר א רעקרוט, האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען איבער'ן גרעניץ. אט דער יונגער יונגעל איז גע־ווען פון א פאמיליע, וואס האט זיך בעשעפטיגט מיט דער עטרות־וועבעריי. ער איז געווען א פעהיגער און א געשייטער יונג. ער איז נעקומען אהער אין סאסאוו און האט אין גיכען דא פערלענט א פאבריקעל. ער האט אויסגעקליבען „שפאניער" (אזוי הייסען די עטרות־וועבער) פון רוסלאנד. אין קורצען האט זיך ביי איהם דער עסק ענטוויקעלט אין א היבשער פאב־ריק מיט 80 מאן ארבייטער. זינט דאמאלס איז אריבער דער צענטער פון דער שפאניער־פאבריקאציע פון רוסלאנד אהער אין סאסאוו. איצט איז כמעט ניטא קיין הויז, וואו עס זאל ניט זיין קיין „שפאניער", כאטש אייגענטליך פאבריקאנטען, ד. ה. אונטערנעהמער איז מעהר ניטא, ווי א פינף־זעקס. די דאזיגע פאבריקאנטען ארבייטען צום טייל אליין, מיט ווייב און קינ־דער, צום טייל גיבען זיי ארוים די ארבייט פון זיך. די עקס־פלואטאציע איז א מורא'דיגע. מיט דעם אונטערשייד, וואס דארטען זענען די פאבריקאנטען רייך געווארען. דא זענען — מיט דער אויסנאם פון דעם איינעם, וואס איז אויבען דער־מאהנט — אלע פאבריקאנטען אזעלכע קבצנים, ווי די ארביי־טער.

די ארבייט ווערט געצאהלט ניט פון שטיק און ניט פון וואך, נאר פון שטונדע. דער העכסטער פרייז איז צעהן קרייצער א שעה. דער דורכשניטליכער פרייז איז פון זעקס ביז אכט קריי־

---

*) יונגע יודישע קינדער, וואס מ'פלעגט כאפען און אבגע־בען פאר רעקרוטען אין ניקאלאי דעם ערשטענס צייטען.

אז די פאבריק מיט דעם „פאלאץ“ פון דעם דאזיגען קעניג, צו־זאמען, בעשטעהט פון איין שטיבעל מיט א רויכענדיג לעמפעל, מיט א פאר בענקלאך און א טישעל. אין דערזעלבער שטיבעל, וואס דינט אי פאר א פאבריק, אי פאר אן עס־צימער, אי פאר א שלאף־צימער, אי פאר א גאסט־צימער, געפינט זיך אויך די „קאוויארניע“. א פרנסה, וואס עס ברויכט צו אייגענטליך די „קעניגין“ אין די מינוטען, ווען זי רייסט זיך אב פון דער „עטרה“ ווארום די „קעניגין“ פון דעם „קעניג“ איז צו דערזעלבער צייט אויך זיין איינציגע ארבייטערין. איהר ארבייטען, צוזאמען מיט דעם צו האנדלען אין דער „קאוויארניע“ גיט די מעגליכקייט צו צאהלען דירה־געלד פאר'ן „„פאלאץ“ מיט דער פאבריק.

איבריגענס איז אויך פאראן אן אמת'ער קאפיטאליסט צווישען די עטרות־ פאבריקאנטען. דאס איז דער מוכר־ספרים פון שטעדטעל. אז איך בין געקומען צו איהם אזייגער האלב צוועלף ביי נאכט, האב איך געפונען זיין ווייב, אן עלטערע יו־דענע, ארבייטענדיג ארום דער קיילעכדיגער קלעצעל — די „מאשין“ פון דער עטרות־פאבריק. די שטיבעל ענג און שמוציג. דער לעמפעל — רויכערדיג. דער ווייב'ס פנים טויט בלאס, אויסגעזויגען.

און דאך איז דער פאקט א ריכטיגער. דער דאזיגער פאב־ריקאנט־מוכר־ספרים האט באמת זיין אייגענס 20 טויזענד קרא־נען!

ווי אזוי? דערינען זענען פאראן צוויי סודות. ערשטענס האט ער אזוינע ארבייטער, וואס מאכען קיין מאל קיין סטרייק ניט, דאס איז — זיין ווייב און זיינע קינדער, וואס זענען ביי איהם פארשקלאפט פון בעגינען ביז שפעט ביי נאכט. זיינע קינדער, זאגט מען, האט ער איינגעטריבען אין דער ערד. צווייטענס האט ער קיין מורא ניט פאר אן אנזעץ. ער בייט מיט די יודישע בוכהענדלער, ווענען ער פערקויפט די עטרות, סחורה אויף סחורה. מיט די סחורה, וואס ער בעקומט פון די בוכהענדלער לאזט ער זיך אוועק פעדלען איבער די שטעדט־לאך און בעקומט דעריבער א בעסערן פרייז פון אלע פאברי־

# וואו „קרוינען“ ווערען געשאפען.

א קליין שטערטעלע איז סאסאוו. גאר א קליינטשינקע. אין גאנצען איז דארט פאראן אפאר טויזענר נפשות. יורען דערפון — א דריטעל.

און פונדעסטוועגען בעלאנגט זי, אט די שטערטעלע, צו די סאמע אריגינעלע אין גאליציען.

אנהויבען דערמיט, וואס דא — א גרויסע זעלטענהייט אין גאליציען — זענען גאר ווינציג קרעמלאך און שענקען און א סך יודישע פאבריק־ארבייטער. א ריין פראלעטארישע שטעדטעל! אמת: די פאבריקען בעלאנגען גיט צו דער גרויס־אינדוסטריע. איין פאבריק איז פון סיגארעטען־פאפיר. דאס איז אפילו א גאנץ היבשע פאבגיק. מיר דאכט אז די איינציגע פון אט דעם ארטיקעל אין גאליציען. דא ארבייטען יודישע מיידלאך. א צווייטע פאבריק איז האלב פון יודישע הייליגע ארטיקלען — פון שופרות — און האלב פון וואכעדיגע ארטיקלען: פון קעמלאך. ביידע ווערען געמאכט פון הארן. א דריטע פאבריק, אייגענטליך א גאנצע רייה פאבריקלאך, פראדוצירען שוין אין גאנצען יודישע הייליגע זאכען — עטרות צו טליתים. אין דעם דאזיגען מין פראדוקציאן איז סאסאוו אפילו דער „גרעסטער צענטער“ און כמעט דער איינציגער אין דער וועלט. און דער פאבריקאנט, איז אזוי צו זאגען, דער „עטרות־ קעניג“. פון דער רייכקייט פון דעם דאזיגען קעניג פון דער עטרות־פראדוקציאן קען דער לעזער האבען א בעגריף ווען איך וועל זאגען,

## ח. ניט גוט אויסגעפיהרט.

ניט אלע „שמד'קעס" פיהרען גוט אויס. דער גייער גאט, ווי דער נייער גאט — מיט איהם קומט מען ווי עס איז דורך. אבער דער קריסטליכער מאן ווייזט זיך ניט אלע מאל ארוים אזוי פיין, ווי ער האט געשיינט אין דער צייט פון פערליבענים.

נאך דער חתונה ווערט ער אפט גאר אן אנדערער: שכורט, הוליעט, ווארפט אויף דער שמד'קע איהר „זשידאווסקען" יחוס און גאר ניט זעלטען גיט ער קלעפ אויך. קלאגען זיך איז ניטא פאר וועמען. זי איז פון אלעמען פערלאזען און פערהאסט, אמאל נאך פון אייגענע קינדער. די לאגע פון אזעלכע פרויען איז זעהר טראגיש. אט איז א קורצע געשיכטע פון איינער פון זיי, דאס איז אייגענטליך אן אפפער פון פינסטערנים, ניט פון ליעבע.

די דאזיגע „שמד'קע" האט זיך געטויפט בלויז דערפאר, ווייל אין איהר היימישער ספערע איז געווען זעהר פינסטער און איהר גייסט האט געשטרעבט צו ליכט, צו בילדונג. קריסט־ליכע שכנים האבען איהר דארין געהאלפען; די פאמיליע האט איהר דערפאר פערפאלגט. מען האט א־הר געטריבען צום „שמד"; די קריסטליכע גוטע פריינד האבען פאר איהר געקרא־גען א חתן, וועלכער האט געהאט פריהער א געליבטע. מען האט איהר איינגערעדט, אז דאס איז ניט קיין בייז. „א סך קרים־טען האבען „קאכאנקעס", ביי אונז איז אזא מאדע". א קורצע צייט נאך דער חתונה האט איהר דער מאן געווארפען. דאן איז זי אוועק צו דער פרוי ב. מען האט איהר צוגענומען אין אן אזי־ליום פון „געפאלענע"־בעלי תשובה'טעס. נאר די פרוי איז גע־ווען אן ענטוויקעלטע, אן איידעלע, מיט בילדונג, און האט ניט געקענט לעבען אין דעם קרייז פון די „געוועזענע מענשען." זי איז פון דארטען אוועק און לעבט נע ונד.

## ז. גע׳שמד׳ט זיך, אום ניט געשאָסען צו ווערען.

צו מיר איז ניט לאנג, אט דאָ פאר סכות, געקומען א יונגער מענש, — דערצעהלט מיר ה׳ פ. — און זאָגט: ער איז א גע־טויפטער און וויל ווערען צוריק א יוד. דערביי האָט ער מיר דערצעהלט זעהר א אינטערעסאנטע געשיכטע, ווי אזוי ער איז געקומען צו טויפען זיך.

ער איז געוועזען א סאָלדאט, און האָט געדינט אין סעוואס־טאָפאָל. דאָס איז געוועזען א פאָר יאָהר פאר דעם רוסיש־יאפאַ־נישען קריעג. דינען האָט זיך איהם ניט געגלוסט, און ער האָט געמאכט א „ויברח" אין אָדעס.

אין אדעס האָט מען איהם געפאקט און געבראכט אין סעוואסטאָפאָל. מען האָט איהם פער׳משפט צו דיסציפלינאר־נעם באטאליאָן. דאָרט האָט זיך איין אָפיציר איבער איהם שטארק איזדיעקעוועט. דער יודישער סאָלדאט האָט איהם דער־שאָסען און איז נאָך אמאל פעראורטיילט געוואָרען דורכ׳ן קריגס־געריכט. דאָס מאָל צום טויט, דורך שיסען. דער פער־משפט׳ער האָט נאטירליך קיין שום האָפנונג ניט געהאט אויף רעטונג. ער האָט געפּרובירט דעם לעצטען מיטעל: געשיקט א ביטע צום קיסר אום בעגנאדיגונג און צוגעזאָגט אין דער טע־לעגראמע, אז ער וועט ווערען א קריסט. דאָס האָט געווירקט. דער טויט איז איהם פערביטען געוואָרען אויף צעהן יאָהר קאַ־טאָרגע, אין סאכאלין.

דאָ איז אָנגעקומען די מלחמה. א גרופּע קאטאָרזשניקעס האָבען פערלאנגט צו געהן אין קריג, אלס סאָלדאטען. דארונטער איז אויך געוועזען דער יוד. מען האָט זיי אָנגענומען. זיי האָבען אבגעדינט אכט מאָנאטען, און עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען. יעדער מאָנאט איז זיי פאררעכענט געוואָרען פאר א יאָהר: דער יוד איז אין קריג פערוואונדעט געוואָרען און מען האָט איהם בעפרייט — אין גאנצען. דאן איז ער געקומען אין דער װארשעװער יודישער גמינע און געבעטען מען זאָל איהם צונעהמען צוריק פאר א יודען. מען האָט זיין וואונש ערפילט.

## ו. שלום געמאכט.

— איינעם — דערצעהלט מיר ה׳ פ. — האב איך געשיקט אהיים צוריק און געראטען איהם שלום מאכען מיט זיין געטויפ־טער טאכטער. וואס האב איך געקענט טאן, ווען איך האב גע־וואוסט, אז זיין טאכטער האט אייגענטליך געטאן א גוטען שדוך און לעבט גליקליך און צופרידען מיט איהר קריסטליכען מאן?

דער יוד — דער טאטע פון דער „שמד׳קע" — איז אן ארי־מער שמיעד, וואוינט ערגעץ אין א דארף, ניט ווייט פון ווארשא. די געשיכטע איז א קורצע. אין זיין טאכטער האט זיך איינגעליבט אן אגראנאם, א יונגער, א פיינער קריסט, וואס האט א שטעלע ביי דעם פריץ פון הויף און בעקומט א גוטען געהאלט.

דער פאטער האט איינגעלעגט וועלטען, איז ביי מיר פון שטוב ניט ארוים; האט געוויינט, געקלאגט: איך זאל ראטעווען זיין טאכטער...

זיין טאכטער האט אבער שוין חתונה געהאט מיט איהר קריסטליכען חתן אין קלויסטער און האט זיך גאנץ רוהיג בע־זעצט ביין פריץ אין הויף, ניט ווייט פון איהר טאטענס קוזניע, און לעבט גליקליך מיט איהר מאן. איך האב געזאגט דעם פא־טער, אז דא איז גאר נישט צו טאן, ער זאל געהן און ווערען שלום מיט דער טאכטער. ער איז אוועק און איז מעהר ניט גע־קומען.

די מעשה איז געשעהן מיט א פאר יאהר צוריק. דא ניט לאנג האב איך געהאט א גערוס, דערצעהלט ה׳ פ., אז צווישען טאטע און טאכטער איז געווארען ווירקליך א „גוט פריינד". זיי געהען איינע צו די אנדערע. דער איידעם איז א גוטער מענש און איז פריינדליך צו זיין יודישען שווער. די טאכטער שטיצט דעם פאטער, און די ברידער און שוועסטער זענען נא־הענט איינע צו די אנדערע ווי גאר גיט געווען.

מען האָט די קינדער ערקלערט, אַז טאַטעשי און מאַמעשי זיצען אין טורמע און צו זיי קען מען ניט געהן. מען וועט זיי ברייננגען אין אַ שטוב צו יודען, וואו מען וועט זיי געבען עסען און טרינקען. דער קלענערער האָט געוואָלט געהן. נור דער גרע־סערער האָט די אָנגעקומענע בעלי רחמנות אָנגעקוקט מיט מיס־טרויען און אבגעהאלטען דעם קלענערן:

— געה ניט, מאַישעלע, געה ניט מיט זיי... דאָ איז בע־סער...

## ה. מאַישעלע, געה נישט — דאָ איז בעסער.

פון זייער פּראַקטיק האָבען מיר ה׳ פּ. און פרוי ב. מיטגע־טיילט אַ סך אינטערעסאַנטע פאַקטען, פון וועלכע איך ברייננ דאָ איינינע, די מעהר כאַראַקטעריסטישע.

היינטיגען ערב יום כפור — דערצעהלט ה׳ פּ. — קומט צו מיר אַ יודענע אַנזאָגען, אַז ביי זיי אין הויף האָט מען אַרעס־טירט פאַר אַ סטרייק און באַמבעם האַלטען אַ מאַן מיט אַ פרוי. אין שטוב זענען בלויז געבליבען צוויי קינדער — קליינע אינג־לאך. קיינער האָט זיי ניט צוגענומען, האָט זיך דערבאַרעמט די פּאָליציי אליין און ביידע אינגלאך אריינגעבראַכט אין רוסישען „קינדער־פריוט“ (קינדער־אזיליום).

בשעת די קינדער זענען געבליבען פערלאָזען, לעבעדיגע יתומים, האָט עס קיינעם פון די שכנים, אויסער דער פּאָליציי ניט געקימערט. נאָר ווען זיי האָבען געזעהן, אַז די קינדער עסען ניט כשר׳ס און — נאָך ערגער — מען וועט זיי דאָרט אָב־שמד׳ען האָט עס אימיצען פעראינטערעסירט און מען איז געלאָ־פען ראַטעווען די יודישע נשמות.

„מיך וואָלט ניט אַרען“ — ערקלערט מיר ה׳ פּ. — ווען זיי זאָלען זיין דערוואַקסענע און געהן מיט׳ן גוטען ווילען. איך בין ניט גאָט׳ס סטראַפּטשע. אָבער קליינע קינדער, פון 6—5 יאָהר — דאָ האָב איך געפונען פאַר נויטיג זיך אריינצומישען.

— קומט אהיים, — רוף איך זיך אָב צו די קינדער קו־מענדיג אין אזיליום.

— איך האָב ניט קיין היים, האָט געענטפערט דער עלטע־רער יונגעלע. איך וויל צום טאַטען, צו דער מאַמען... כ׳וויל צום טאַטעשי, צו מאַמעשי, וויל איך... האָט זיך צוואַויינט דער קלע־נערער.

זענען אפט אין מאראלישער הינזיכט הויך אידעאלע פרויען. אבער די איינזייטיגע ענטוויקלונג, דער טיפער אבערגלויבען פונ׳ם קאטאליציזם, די אונבעקאנטשאפט מיט די גוטע זייטען פון דעם יודישען לעבען און דער יודישער קולטור, די איינגע־שלאסענקייט בכלל פון זייער לעבען און דערצו די טויזענד־יעה־ריגע טראדיציעס פון דעם קאטוילישען קלויסטער — דאס אלעס פליסט אין זיי איין, נאך מיט דער מוטער׳ס מילך, די פערביסענקייט און גיפטיגקייט צו יודען. מען דארף אויך צוגע־בען אז פון יודען אליין, אין די קליינע פאנאטישע שטעדטלאך ווערט ניט זעלטען בעגאנגען גרויזאמקייט נעגען די קינדער, ווען זיי טרעטען אריבער דעם גרענעץ, וואס איז זיי געשטעלט פון די עלטערן: צו דיענען בלויז אלס צוציה־געגענשטאנד אין שענק אדער אין קראם, פאר די שטעדטעלדיגע און דארפישע גוים און שקצים. די יונגע קינדער מיט א לעבעדיג־מענשליך הארץ געהען ווייטער: זיי שליסען בעקאנטשאפט און פריינדשאפט מיט די קריסטליכע קונדען און שכנים. דאס קומט פאר בעזונדערס, ווען די היימישע ספערע איז צו ענג, צו דושנע, און דאס איז כמעט אימער דער פאל. די פאנאטישע, פינסטערע עלטערן פערשטעהען ניט, אז זיי אליין שאפען א באדען פאר דער קינפ־טיגער פאמיליען־דראמע, און שלאגען די קינדער פאר חבר׳ן זיך מיט קריסטען.

מיט וואסער און ווארפען אויף זיי שטיינער. נאָך דעם, ווי די יודען געהען ארויס פון קלויסטער ווערט אלץ גערייניגט און „גע'כשר'ט" מיט הייליגע וואסער, מיט ווייהרויך, מיט שפרו־כען, צלמ'ען זיך אין תפלות עקסטרא געשאפען ארויסצוטרייבען די „גיט גוטע" און דעם כשוף, וואָס די יודען האָבען געלאָזען.

די אונגליקליכע עלטערן געלינגט אָפט מיט גרויס מאטער־ניס, צו בעקומען אן ערלויבניס זעהען זייערע קינדער אין קלויס־טער. דאן קענען די קאטוילישע אויפזעהער גאָר נישט מאכען געגען דעם. דערפאר אָבער פייערן זיי אָן די שמד'קעס, אז אָט די קרבנות ווילען אליין — אום גיט צו ווערען געקאליע־טשעט פון דעם יודישען כשוף — ניט זעהען זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער. און ווען דאָס זע־העז זיך קומט יע פאָר, פאַסירט דאָס אימער אין דער אַנוועזענהייט פון די „הייליגע שוועסטער". דערביי ווענ־דען די לעצטע אָן פערשידענע מיטלען, אז דער יודישער „כשוף" זאָל ניט ווירקען. די עלטעסטע „שוועסטער" האלט די גאנצע צייט פון געשפרעך מיט די היימישע איהר האנד אויף דער מיידעלס קאָפּ, גלעט איהר די האָהר, בויגט אָן דער „שמד'קעס" קאָפּ צו איהר ברוסט און שעפּטשעט דערביי „היי־ליגע שפרוכען", אז די „טומאה" און דער „כשוף" זאָלען אויף דער מיידעל קיין שליטה ניט האָבען.

דעם טאָג פערברייננגען די מיידלעך אויף דעם זעלבען שטייגער, ווי די מנישקעס אליין: אין פרומקייט, אין ארבייטען. די מיידלעך, וואָס בלייבען דאָרט א לענגערע צייט, לערנט מען ווירטשאפטליכע פרויען־ארבייט: נייהען, שטריקען, האפטען, קאָכען, וואשען. „הלואי זאָל מען דאָס לערנען אונזערע יודישע מיידלאָך אין דער היים, וואָס מען לערנט זיי אין קלויסטער אין דער הינזיכט פון ווירטשאפט", — האָט מיר געזאָגט די פרוי ב. — מען לערנט זיי האלטען זיך ריינליך; מען געוואוינט זיי אָב פון שילטען זיך, שימפּפען, ליגען זאָגען; מען לערנט זיי אויך לעזען און שרייבען פויליש.

מען דאַרף ניט דענקען, אז די האלטונג פון די מינישקעס צו יודען שטאמט פון זיטליכער פערדאָרבענהייט. די מנישקעס

טער, מאכט מען קיין שום שאלות ניט: פון וועמען, ווי אזוי און פאר וואס דאס קינד איז גע׳גנב׳עט. דער מענשען־גנב׳טע ווערען פארגעבען אלע איהרע זינד, און די מאנאשקעס מיט די קסיאנדזען ווענדען אן אלע מיטלען צו פארדעקען יעדען שפור פון דעם גע׳גנב׳עטען קינד. מען שיקט עס אום פון איין קלויס־טער אין צווייטען, און אז ס׳האלט שמאל, טראנספארטירט מען דעם „הייליגען ביסען" אזש אין רוים, צו דעם „כסא הכבוד" פון דעם סאמע פאבסט. די ערוואקסענע, וואס האבען שוין פער־זוכט די וועלט מיט איהרע זינד, האלט מען א געוויסע צייט אין זעהר א שטרענגער גייסטיגער דיעטע. זיי שטעהען אויף „מיט דעם האהן" און געהען שלאפען „מיט דער הוהן". מען הויבט זיך אויף מיט תפלות און ברכות און קניען און צלם׳ען זיך, און מען לעגט זיך מיט דיזעלבע זיבען זאכען. א גאנצען טאג מאכען זיך די ליפען ניט צו פון געוועהנליכע און ספעציעלע תפלות, אויף ארויסצוטרייבען דעם „שטן" און „אויסלייטערן" די הארץ פון יעדען יודישען ריח. א ספעציעלע תפלה איז דא נעגען דער פרוי ב., וועלכע ווערט געהאלטען אין קלויסטער פאר דער שרעקליכסטער מכשפה. אלע ווילדעסטע און שרעקליכסטע באבע־מעשיות וואס אין דער פינסטערער קריסטליכער לעגענדע האט זיך אנגעקליבען וועגען יודען, ווערט דא, געזאלצען און געפעפערט, דערלאנגט פאר די „נייע נשמות". דערביי שמועסט מען איין די דונקעלע קינדער, אז יודען ווענדען אן אלערליי כשוף, אום ארויבצופיהרען די געטויפטע פון דער נייער „ריינער אמונה." אז זיי טראגען מיט זיך גיפט, וויטריאל, בעזיצען שפרא־כען פון טייוועל מיט אלע זיינע משרתים, און זוכען אויף אזא שטויגער צו שאדען זייערע גע׳שמד׳טע קינדער, מאכען זיי פאר קאליקעס. עס קומט דערצו, אז די פון פאנאטיזם אנגע־פייערטע קינדער שימפפען, שמוצען זייערע עלטערן, וועז זיי קומען — אויב דאס גיט זיך זיי איין — אין קלויסטער זעהען זיך מיט זיי. די פרוי ב., וועלכע איז זעהר גוט בעקאנט מיט דעם לעבען פון די שמד׳קעס, האט מיר דערצעהלט, אז ניט זעל־טען גיסען די „שמד׳קעס" ארויס פון די פענסטער אויף זייערע פערוואנדעטע דזשעגאכטס, סמאלע אדער גיסען זיי פשוט אב

## ד. די שמד׳קעס אין קלויסטער.

דעם ערשטען „אונטערריכט" בעקומען די שמד׳קעס ביי די קריסטליכע בעקאנטע און פריינד, וועלכע רופען צו הילף דעם קסיאָנדז. די „אגיטאציע" צו גונסטען דער נייער רעליגיאָן ווערט געפיהרט אויף צווייערליי אופנים: פון איין זייט איז זי פוטער־ווייך און האָניג־זיס, און פון דער אנדערער — שלאַנגען־גיפטיג. די קריסטליכע רעליגיע ווערט פאַרגעשטעלט אלס אידעאל פון לויטער ליעבע און זעלבסט־אָפּפערונג. די פריינדליכקייט פון די פרעדיגער בעפעסטיגען די קאנדידאטען אויף קריםטען אין אָט דער איבערצייגונג. צו דערזעלבער צייט ווערט פאַרגעשטעלט דאָס יודענטום, אלס רעליגיאָן פון ראכע און בלוטדורשטיגקייט, און די יודען אלס שמוציג פאָלק פון ליגנער, בעטריגער, שאכער־מאכער און ד. גל. די מיידעל, וועלכע איז פיינדליך געשטימט נעגען איהר היימישער ספערע (א שמד׳קע שטאַמט כמעט קיינמאָל ניט פון א פאמיליע, וואו די בעציהונגען צווישען עלטערן און קינדער זענען צערטליכע), גלויבט ביידע זאכען.

ווען די ערשטע פאַרבערייטונגס־שטופע צו הויז איז אריבער, דאַן פיהרט מען די מיידעל, מיט דעם קסיאָנדז׳ס רעקאָמענדאציע און ברכה, איבער אין קלויסטער. דאָ געהט שוין די זאך פאר סיסטעמאטיש, נאָכ׳ן קאטוילישען קירכליכען סדר מיט אלע פישטשעוועקעס. פאר׳ן קלויסטער איז דאָס איינער פון די גרעסטע ימים טובים, ווען מען בעקומט א נייע פריש־צאַפּעלדיגע יודישע נשמה. וואָס אינגער דער בעזיצער אָדער די בעזיצערין פון אָט דער נשמה איז, אלץ גרעסער דער יום טוב. דער געשמאַקסטער, הייליגסטער „ביסען" איז א יודיש גע׳גנב׳עט קינד. ברייננט א קריסטין א גע׳גנב׳עט יודיש קינד אין קלויס־

פינסטערנים, און די יודישע יוגענד האט דא נאך אויסצושטעהן יעצט דעמזעלבען השכלה־קאמפף, וואס די ליטווישע יונגע לייט מיט 60-70 יאהר צוריק. ביי די פוילישע שכנים טרעפט מען אפט ענטוויקעלטע, זאגאר געבילדעטע יונגע לייט, וואס קומען צו הילף זייערע יודישע יונגע שכנים. עס ענטוויקעלט זיך א פריינדשאפט. מ'קוקט זיך צו נעהענטער צו דער אינערליכער פיהרונג ביי דעם קריסטליכען שכן. דא איז מעהר ארדנונג, מעהר רוהינקייט, ריינליכקייט און הארציגקייט, און — מען מוז מודה זיין — ניט זעלטען מעהר תמימות און נאטירליכע, פשוט'ע עהרליכקייט, ווי אין דער היים. מען הויבט אן צו קוקען מיט קריטיזירענדע אויגען אויף דעם היימישען גראשענעם שאכער־מאכער־לעבען. קיין ברייטע וועלט־אנשויאונג גיט נאטירליך ניט די נייע קריסטליכע געזעלשאפט. אנשטאט צו זוכען און געפינען די אורזאכען פון דעם אונארמאלען היימישען לעבען, הויבען די קינדער אן צו האסען די עלטערן, וועלכע נויטיגען זיך, ווי זיי אליין, אין מיטלייד און הילף.

גאָר נישט. אום וויפיעל איהר אונוויסענהייט גרייכט, בעווייזט דער פאקט, אז די יודישע מיידעל ווערט זעהר איבערראשט, ווען א קריסטליכע שכנה ערקלעהרט איהר די צעהן געבאָט, וואָס „קריסטען האָבען". זי איז איבערצייגט, אז יודען ווייסען דער־פון נישט, אז נאָר קריסטען „האָבען דאָס."

די יודישע מיידעל, בעזונדערס, ווען זי איז א שענע, ווערט זעהר אונזיניג עקספּלאָאַטירט פון איהרע אייגענע עלטערן צו־ליב פּרנסה. מען ברויכט זי אלס „שוי־פענסטער", אלס צוצי־הונג־ארטיקעל אין שענק, אין קראָם. אין א ווארשא, אין די יו־דישע גאסען, האָט דאָס ניט קיין זעהר שעדליכע פאָלגען פאַר איהר מאָראל, ווייל די אומגעבונג איז א יודישע. אין דער קליין שטעדטיל, איז אבער גאנץ אנדערס. דאָרט איז די אומגעבונג א קריסטליכע, דער מיידעלס ספּערע אין דער „פּרנסה" זענען יונגע שקצים, כמעט אלע דונקעלע, אונוויסענדע. די עלטערן טוט הנאה, וואָס זייער טאָכטער ברייננט זיי אריין חיונה, אבער, סוף כל סוף, צאָהלען זיי טייער פאַר דער דאָזיגער הנאה, ווען די טאָכטער אנטלויפט מיט א שייגעץ און טויפט זיך איז דאָס, אייגענטליך, שוין דער בעסטער פאַל. אָפטער נאָך טרעפט, אז זי פאלט אריין ניט צו א שייגעץ נור אין א „הייזעל", אָדער ווערט א „סחורה" פאַר דעם האנדעל מיט לעבעדיגע נפשות. און ווירקליך איז ערגעץ דער האנדעל מיט ווייסע שקלאַפען ניט אזוי ענטוויקעלט אין יודישען תחום ווי אין די פּוילישע קליין־שטעד־לאך.

עס זענען דאָ אויך אנדערע סבות, וואָס טרייבען יודישע מיידלעך אין פּוילען צום שמד. א שטיף־מוטער, און בכלל שלעכטע בעהאנדלונג — דאָס טרייבט די יונגע קינדער צו זוכען הילף ביי די קריסטליכע שכנים. די דאָזיגע נעהמען זיך אָן פאַר די בעליידיגטע קינדער. אָנפאנגס פון מענשליכען מיטפּיהלען, דערנאָך מישען זיך אריין זייטיגע פרומע כונות.

דאָס זענען אלץ נעגאַטיווע סבות. עס זענען אבער אויך דאָ, לויט די פרוי ב. האָט מיר מודה געווען, פּאָזיטיווע סבות. די ארומיגע קריסטליכע סביבה איז קולטורעלער פאַר דער יו־דישער. אין דער פּוילישער קליין שטעדטעל הערשט א דיקע

## ג. די היימישע ערציהונג פון די שמד׳קעס.

ביי די מנישקעס און גלחים פון די קאטוילישע קלויסטערס רעכענט זיך פאר די העכסטע מצוה, וואס ס׳קען נאר געבען, אבצושמד׳ען א יודיש קינד. עס ווערען אנגעווענדעט אלע מיט־לען, אלערליי קונצען אום צו פערדעקען די שפורען פון די „שמד׳קעס״, אום ניט ארויסצולאזען זיי פון די הענד. עס ווערט אנגעווענדעט א גאנצע פערוויקעלטע סיסטעם, וועלכע האט ניט קיין טעאריע, אבער איז א רעזולטאט פון א הונדערט, פיעלייכט טויזענד־יעהריגער פראקטיק. דא זענען אין שפיעל אי די קא־טוילישע מיסיאנערן, אי די פשוט׳ע פרומע פאליאקען. די „שמד־קעס״ שטאמען מערסטענטיילס פון לובלינער, סעדלעצער, רא־דאמער און קעלצער גוברניעס, וואו די יודישע בעפעלקערונג איז זעהר דונקעל און פאנאטיש און די פוילישע אויך פאנא־טיש, אבער מעהר קולטורעל.

די אורזאכען: פאר וואס טויפען זיך דא אזוי פיעל יודי־שע מיידלעך, זענען פערשידענע. אין אלגעמיין שטימען זיי מיט מיינע בעטראכטונגען אין ליטא. דער הויפט־גרונד איז דא און דארטען — א ראמאנטישער. ער שטאמט פון די זעלבע ארומי־גע בעדינגונגען פון לעבען, אי ביי די יודען אי ביי די קריסטען, פוןביידענס נאהענטקייט צו דער נאטור.

מען דארף געדענקען, אז די יודישע מיידעל אין פוילען גע־ניסט פיעל מעהר פרייהייט אין דער פאמיליע, ווי „דאס אינ־געל״. און דאס קומט גראד ניט פון ליבעראלע אידעען, ניט פון פרינציפען. פארקעהרט: די מיידעל איז פרייער, ווייל איהר ערציהונג ווערט אינגאנצען פערנאכלעסיגט (איך רעד דא, נאַ־טירליך, וועגען די פאנאטישע הייזער). „דאס אינגעל״ דארף לערנען; דאס אינגעל דארף זיין פרום. „דאס מאידעל״ דארף

קריסטליכען ארבייטער — א שערער, קען ער ניט שטעהן פיעל העכער פון דער ארומיגער ספערע. דער גאנצער טומעל וואלט געווים ניט פאסירט, ווען דער „העלד“ פון דער געשיכטע וואלט ניט געוועזן א פראסטער ארימער ארבייטער, און דערצו נאר ניט קיין שענער. וואלט זיך אין פראניען פערליבט א רייכער „פאַ־ניטש“, וואלטען פילייכט אי דער פאטער, אי די מוטער, אי די שוועסטער, געווים ניט אזוי איינגעריסען ווערלטען.

דער געזעלשאפטליכער אינטערעס ליעגט דא אלזא ניט אין דעם עצם פאקט, נור אין דער ראליע וואס דא האט געשפיעלט דער קאטוילישער קלויסטער.

## ב. ביי דער „שמד׳קע“ אין דער היים.

וועגען דער פאסירונג מיט פראניע וויעדערשאל האב איך גערעדט מיט פרוי ב. מיט דעם סוחר פ., מיט פראניעס פאָטער, און מיט די שכנים פון גאס. מיך האָט ניט אזוי אינטערעסירט די סענסאציע אליין, ווי די בעדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט א „שמד׳קע“. איך האב דעריבער בעזוכט די גאס עטליכע מאָל, בעטראכט דאָ די זיטען, דאָס לעבען. און אז איך האב דאָ אלעס גענוי בעטראכט, איז מיר דער פאקט מיט פראניע ווידערשאל קיין וואונדער ניט געווען. ביי מיר איז געווען פיעל מעהר וואונדער, וואָס מ׳האָט ־ערפון געמאכט אזא גרויסען ליארעם.

פראניע וויעדערשאל איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אויף מאָסטאָווע גאס. און מאסטאווא גאס איז אזא ווינקעל אין ווארשא, וואו עס וואוינט מייסטענס דער אָבפאל פון דער קריסטליכער און יודישער געזעלשאפט. דאָס איז א ווינקעל, וואו עס „בליהט“ די פראָסטיטוציע, דער פרויען־האנדעל, און צולאָזענער לעבען בכלל. ווער עס בעלאנגט ניט אליין צו די „הייזלעך“, צו דעם „מסחר מיט לעבעדיגע נפשות“, איז ארומגערינגעלט פון זיי ווי מיט א קייט און קאן אונמעגליך ענטגעהן פון זייער פערדארבענדיגען איינפלוס.

פראניע האָט גראָד בעקומען א באלעבאטישע ערציהונג. האָט בעזוכט א שולע, איז געווען, אום וויפיעל דאָס איז מעגליך אין אזא ווינקעל, אן עהרליך קינד. איהר פאָטער איז א פערמעגענדער באלעבאס, אבער אלס פעלדשער און שערער, וועלכער לעבט יאהרענלאנג דאָ אין גאס, און לעבט פון דער ארטיגער בעפעלקערונג, איבערהויפט פון דער קריסטליכער, וואס אום נושא חן צו זיין אין איהרע אויגען, האט ער געהאלטען א

פון זייער פאמיליע, וואס זאל זיך, לויט ווי עס איז געווען אב־גערעדט, לעגען לעבען זיי ביין ענד פון דעם לעבען; אדער, ווען זיין „שעה" איז נאך ניט געקומען — קומען צו זיי מיט א וויזיט, זעצען זיך נעבען זיי אויף דער ספעציעל דערצו איינגע־ארדענעטער באנק. עלענד און פערלאזען, אויף אייביג פערלאזען, ליגען דא די איינזאמע מתים אין די גערוימע פאמיליען־גרעבער. די, אויף וועמען זייווארטען, וועלען שוין צו זיי קיין מאל ניט קומען. ווארום זיי האבען זיך געגרינדעט גרויסארטיגע נייע פאמיליען־גרעבער אויפ'ן... קאטוילישען, אדער לוטעראנישען „צמענטארזש". וואו עס רוהט שוין א טייל פון זייער נייער משפחה...

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צוריק צו די שמד'קעס. עס איז אלזא גאר נישט ארגאניזירט אין פוילען, אום ארויסצונעהמען די געטויפטע פון די קלויסטערס. כאטש, איך זאג נאך אמאל, אז ביי דער פויליש־יודישער מאסע איז דאס א גרויסער, א שרעקליכער פאמיליען־אונגליק. עס זענען דא איינינגע פערזאנען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט די „שמד'קעס", און דאס איז גאנץ צופעליג. די הויפט־טוער זענען: פרוי ב. און א געוויסער ווארשאווער סוחר פ. זיי ביידען קומען צו־הילף נאך געצעהלטע מענשען, און ניט דוקא פון גאר די פרומע. ב. און פ. זענען מעהר אדער ווענינגער יודיש געזאנען, אבער בעלאנגען ניט צו דער עקסטער ארטאדאקסיע. זיי האבען מיר בפירוש געזאגט, אז זיי קימערט ניט, ווען א יודישער יונגער־מאן, אדער א יודיש מיידעל טויפט זיך פרייוויליג און לעבט אין דער נייער ספערע גליקליכער, ווי אין דער אלטער. זיי אינטערעסירט נור, ווען פון דעם פאקט ווערט א פאמיליען־טראגעדיע, ווען דאס טויפען זיך איז געווען א פערפיהרונג אדער א פערגוואלטיגונג.

זאגט: „בעסער זאָלן זיך די מיידלעך שמד'ן, איידער האָבן ממזרים." די פראזע ווייזט דעם שטאַנדפּונקט פון די רבנים אויף דער דאָזיגער פראגע. זיי בעטראכטען די געטויפטע מיידלעך, אלס „פער'סמ'טע נשמות", וואָס פון זיי קען אלענפאלס קיין גוטס נישט ארוים; דאָס זענען, לויט זייער מיינונג, „טויטע גליעדער" פון געבאָרען טאָג אָן, און פאַר'ן אָרגאניזם פון'ם יו־דישען פאָלק, מיינען זיי, איז פיעל בעסער, אז מען שניידט אזעל־כע גליעדער אָב.

דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט ווייזט אויך, ווי ווייט אונזערע רבנים זענען נאָך ווייט פון צו פערשטעהן די בעדינגונגען אין וועלכע דאָס פאָלק לעבט און די ווירקונג פון די בעדינגונגען אויף דאָס לעבען פון פאָלק.

ניט אזוי קוקט אבער אויף דער דאָזיגער ערשיינונג דאָס פאָלק אליין. איך רעד דאָ ספּעציעל פון דער יודישער מאסע אין פוילען. ביי איהר, ביי דער מאסע, איז דאָס טויפען זיך פון קינדער, נאָך יעצט, ווי אמאָל — אן אונגעהייערער פאמיליען־אונגליק. דער פאמיליען־פערבאנד ביי דער דאָזיגער מאסע איז זעהר שטארק. עס ווילט זיך ניט אָנווערען א לעבעדיג קינד. דער־צו, נאטירליך, קומט דער „פסול", דער „פלעק" אין דער משפחה אין רעליגיעזען זין, וואָס דאָ האָט עס נאָך א גרויסע בעדייטונג, א פיעל גרעסערע, ווי אין ליטא.

וואָס אָנבעלאנגט די פריינעזאָנענע רייכע יודישע קלאסען אין פוילען, מאכט דאָרט דאָס טויפען זיך פון די קינדער כמעט קיין שום רושם ניט, ווייל דאָס טויפען זיך איז ניט מעהר ווי א צערמאָניע, וואָס ענדערט, נאטירליך, גאָר נישט אין דעם לעבען פון די גע'שמד'טע און זייער פאמיליע. די פויליש־יודישע בור־זשואזיע אסימילירט זיך אזוי האסטיג, ווי קיין יודישע בורזשואַ־זיע אין דער וועלט. ווען איהר ווילט זיך דאריין גוט איבערצייגען, געהט אריבער אויף דעם ווארשאווער יודישען בית עולם. דאָרט וועט איהר בעמערקען א סך פאמיליען־גרעבער, וואו א פאָטער, א מוטער, א שוועסטער, אָדער א ברודער ווארטען אומזיסט אונ־טער זייער רייכער מארמאָרנער מצבה אויף א נאָהענטען קרוב

## א. וואָס טרייבט די יודישע מיידלאך אין פוילען צו „שמד"

די געשיכטע מיט פראניע וויעדערשאל, די ווארשאווער מיידעל, וועלכע מען האָט געהאלטען א צייט געפאנגען אין א קלויסטער און צוגערעדט איהר זיך צו שמד'ן, וואָס האָט אויפגערודערט די גאנצע יודישע פרעסע, האָט מיך בעוואויגען, זיינענדיג אין ווארשא, בעקאנט צו ווערען בכלל מיט דער לאגע פון אָט דעם סאָרט מיידלעך, וועלכע טראָגען אין פוילען א ספּעציעלען נאָמען: „שמד'קעס". איך האָב מיך געווענדעט צו די פערזאָנען, וואָס האָבען, אלס כלל טוער, זיך גענומען די ספּעציאליטעט — קומען צו הילף די דאָזיגע אָפּפער, און האָב פאָרנאָטירט זייערע פאקטען און בעטראכטונגען אין דעם דאָזיגען געביט. אָט די אינטערעסאנטע פאקטען און בעטראכטונגען וויל איך מיך יעצט טיילען מיט די לעזער.

קיין אָרגאניזירטער פעראיין, וואָס זאָל זיך סיסטעמאטיש אָבגעבען מיט די שמד'קעס־אנגעלעגענהייטען, איז אין ווארשא גיטאָ. כאָטש עס איז שווער צו קריגען אין יודישען תחום פון רוסלאַנד אזא נעגענד, וואו דאָס טויפען זיך פון יודישע יונגע לייט, איבערהויפּט מיידלעך, זאָל זיין אזא הויפיגע ערשיינונג, ווי אין פוילען. אינטערעסאנט איז דער פאקט, אז וועניגער פון אלעמען אינטערעסירען זיך מיט די געטויפטע די ווארשאווער רבנים. מען דערצעהלט זאגאר אין דעם נאָמען פון ר' אליהו חיים מייזעלס, דעם לאדזער רב, וואָס איז געווען איינער פון די סאמע אידעאלע יודישע רבנים אין רוסלאַנד, אז ער האָט גע־

לעך און וואונדערן זיך: צו וואס שטעהען זיי אלע דא? און צו וואס האבען זיי פריהער זיך געריסען, געהאמפערט, זיך נא־ריש געגרויסט, איינע איבער די אנדערע, פון גאוה און קנאה צופרעסען געווארען? אום צו האבען אזא סוף...

און בעסער וועט שוין זיין דער שיקזאל פון די הילצערנע קרעמלעך, ווי פון די ציגעלנע מויערן. זיי, די קרעמלעך און קעסטלעך וועט מען ווייטער אויף האלץ קאנען פערקויפען און פאר זיי כאטש א פאר גראשען בעקומען. פאר די מויערן אבער — דאס אויך ניט. ווער וועט זיי קויפען? ווער וועט זיי דארפען?

און איבער זיי אלע שטעהט די הויכע שענע שוהל, א מתנה פון דעם מיליאנער־פאבריקאנט גינצבערג. און עס דוכט זיך, ווי די וויסטע קרעמלעך, קעסטלעך, געוועלבער און מויערן קוקען אלע מיט א ביטערן פארוואורף ארויף צו דער שוהל, אויף וועל־כער זיי האבען יאהרען־לאנג זייער האפנונג געלעגט, פון איהר זייער רעטונג ערווארט. נאר די שוהל, וואס איז וויסט און פער־לאזען, אזוי ווי זיי, ווארפט אויף זיי רחמנות'דיגע בליקען און קוקט אראב, גלייך, ווי זי וואלט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און געזאגט:

גארישע מענשען! ווער איז אייך שולדיג, ווען איהר האט פערלארען די פעהיגקייט צו קוקען פאראויס, צו טראכטען וועגען מארגענדיגען טאג? זאגט, וואסער פאלק בויט זיין שיק־זאל אויפ'ן זאמד, אזוי ווי איהר? זאגט, וואסער פאלק גע־ברויכט, אזוי ווי איהר, צום בנין פון זיין צוקונפט, צום יסוד פון זיין קיום, אנשטאט וואפנע און ציגעל — שטויב און אלטע פערשימעלטע קברות־בלעטלעך?...

איז אויך אן אויסגעצייכענטע שול פאר העכערער סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער זעלבסט־ערציהונג.

אין דער לינקער זייט זאַוויערצע איז * פּאָלקאָמענער חורבן, א גהינום. און דער חורבן, און דער גהינום איז נאָך שרעקליכער, אימה'דיגער דערפון, וואָס פון דרויסען איז דאכט זיך גאָר נישט געשעהן. אלץ שטעהט אויף זיין אָרט: אי די גרויסע מויערן, אי די אלטע איינגעבויגענע קרעמלעך, אי די שענע, גרויסע שוהל. די קראָמען זענען אָפען, ווי אמאָל. ארום די קעסטלעך זיצען אלטע ווייבער און אלטע יודען ווי אמאָל. נאָר וויסט איז דאָס שטעדטעל, שטיל... מ'הערט קיין שריט נים, מ'זעהט קיין נפש נים. עס זיצען די קרעמער און קרע־מערקעס ביי די געוועלבער, בודען און קעסטלעך און שפּארען איין די אויגען אין עק גאַס אריין, העט ווייט צום סאַמע עק: טאָמער געהט עמיצער פון דאָרט, פון יענער זייט... נאָר קיינער געהט נים. און זיי זיצען און חלש'ן, און געניצען, און וואַרטען...

נאָר אָט רייסט זיך עפּעס אָב א נפש, נים פון דאָרטען, פון עקס גאַס, נאָר פון דערביי. א קליין אינגעל, פון א טרעפּ אראָב־געפאלען, לויפט צו צו א קעסטעל און דינגט פאר א פּאָר גראָ־שען קארשען, און עס כאַפּען זיך אָן איהם אָן דער אלטער פון איין זייט, די אלטע פון דער אנדער זייט, און שפּארען איהם די קארשען, און רייסען פון איהם זשעדנע די פּאָר גראָשען...

יודען זענען מקיים דעם פּערזאָג פון דוד המלך: לכו והתפרנסו זה מזה — געהט, זענט זיך מפרנס איינער פון דעם אנדערן...

קיין יוגענד איז ניטאָ אין זאַוויערצע. אלץ, וואָס האָט כח געהאט צו אנטלויפען און ראטעווען זיך פאר הונגער, איז אנטלאָפען און האָט זיך געראטעוועט. ווער קיין בענדין, ווער קיין סאָסנאָוויץ, ווער קיין וואַרשוי, ווער נאָך ווייטער, קיין אמעריקא. די שלאָפע, די אלטע זענען געבליבען. געבליבען היטען די פוסטע קראָמען און די פוסטע הייזער.

און די הויכע הייזער, דאכט זיך, שטעהען און קוקען זיך איבער אונטען מיט די וויסטע איינגעבויגענע הילצערנע קרעמ־

---

* שפּאַציר דורכ'ן „גן עדן" און „גיהנום"

פערפיהרען פון „יונגעלשער שטות׳עריי". און ווען ער דער־מאַהנט זיך אָן יענער „יונגעלשער שטות׳עריי", גיט ער זיך אַזש אַ קלאַפּ מיט דער פויסט אין שטערן און זידעלט זיך אַליין: „אַ, דו אייזעל־קאָפּ"...

די „אינזעל־יודען" זענען אַלזאָ געבליבען דיזעלבע נאָך דער רעוואָלוציע, פּונקט ווי זיי זענען געווען פאַר דער רעוואָ־לוציע. דערפאַר אבער האָט פון ביידע זייטען אינזעל, רעכטס און לינקס, די רעוואָלוציע געלאָזען אַ טיעפען רושם.

נאָך פיעל שטאַרקער ווי אין זגערזש, האָט זיך אין זאַ־ווירצע, פון דער רעכטער זייט, ענטוויקעלט אַ ריעזיגע קאָ־אָפּעראַטיווע בעוועגונג. זאַווירצער קאָאָפּעראַטיווען, אונטער פערשיעדענע נעמען, ווי: „פּשישלאָסט", „יעדנאָסט", „ווספּול־קאַ", „ספּאָזשיווצע", און אנדערע זענען די מעכטיגסטע, די רייכסטע, די בעסטע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילען. די „ספּאָזשיוו־צע" אַליין האָט אַן אומזאַץ דריי מאָל אַזוי פיעל, ווי אַלע יודי־שע קראָמען פון דער לינקער זייט זאַווירצע. קיין איינער פון די צוואַנציג טויזענד ארבייטער אין די טעקסטיל־און אייזען־פאַבריקען פון זאַווירצע קוקט ניט אריין אין אַ יודישע קראָם. דאָס איז נאָך אבער ווייניג. ניט בענוגענענדיג זיך מיט דעם גע־ביט פון די פאַבריקען אין רעכטער זייט זאַווירצע, האָבען די ארבייטער געעפענט אין שטעדטעל גופא, אין דער לינקער זייט, אַ ספּולקע פאַר די עטליכע קריסטען, וואָס וואוינען צווישען די יודען.

און דאָס איז געטאָן געוואָרען אָהן אַ שום שלעכטער כונה, אָהן אַ שום אנטיסעמיטישער רשעות. פערקעהרט: די פערזענ־ליכע בעציהונגען צווישען יודען און קריסטען זענען אַזוי ווי בעסער געוואָרען. די ארבייטער האָבען זיך פשוט אויסגעלערנט פערוואַלטען זייערעווירטשאַפטליכע אינטערעסען. זענען ענט־וויקעלטער, קולטורעלער געוואָרען. זיי ווייסען שוין אַלע קווע־לען, וואו די יודישע קרעמער נעהמען, האָבען מעהר קרעדיט פון די יודישע קרעמער, האָבען געניטע, פעהיגע פערוואַלטער און רביים. זיי ווייסען אויך, אז די ווירטשאַפטליכע זעלבסט־פערוואַלטונג איז ניט בלויז אַ נוטצע זאַך, אַליין פאַר זיך, נאָר

אבצוטרייסלען דעם שווערען איינדרוק, וואס דער אונאנגענעה־
מער וויזיט האט אויף זיי געמאכט.

אט דער מין „אינזעל־יודען" זענען דא ניט בלויז אין זא־
ווייערצע. זיי זענען דא אין לאדז, אין טאמאשאוו, אין פאביא־
ניץ, אין זגערזש, אין זדונסקא־וואלא, אומעטום, וואו עס איז
דא א יודישער פאבריקאנט און א גוי'אישער ארבייטער. נישט
מעהר — דא, אין זאווערצע, איז די אינזעל — א פשוט'ע
אינזעל, און דאס וואסער ארום — א פשוט וואסער, און דאס
בריקעל — א פשוט בריקעל. דארט, אין אנדערע ערטער, דארף
מען די אינזעל אננעהמען בדרך משל, אבער די „אינזעל־יודען"
זענען פונקט דיזעלבע, מיט אלע פישטשעווקעס, ווי אין זא־
ווייערצע.

נאר אין דער צייט פון דער רעוואלוציע, בעת די וואהלען
צו דער ערשטער און צווייטער דומע, האט זיך בעמערקט אן
אינטערעסאנטע ערשיינונג. דאן, ווען רעכטס און לינקס האט
געברויזט מיט לעבען, מיט שטרעבען, מיט דרייסטע האפנונ־
גען, האבען זיך די אינזעל־יודען געפיהלט עפעס אונבעקוועם
אין זייער איינגעשלאסענער אינזעל. צי זיי האבען זיך פער־
שעמט פאר זייער עגאאיסטישען פרעפעראנס־לעבען, צי זיי הא־
בען זיך פשוט געפיהלט לאנגווייליג און איינזאם, און האבען
מקנא געווען דעם „שטורם און דראנג" ביי יענע פון רעכטס און
פון לינקס, — ווי די מעשה איז געווען, זיי, די אינזעל־יודען זע־
נען אריבער דאס בריקעל, דאס ערשטע מאל אין זייער לעבען,
ניט צוליעב זייער טעגליכער שליחות פון א בופער־עלעמענט,
נאר אום צו נעהמען אן אנטייל אין'ם קאך־קעסעל פונ'ם
קאמפף.

און דאן איז געווען אינטערעסאנט צו הערען, ווי די דא־
זיגע אינזעל־יודען האבען אגיטירט און געשריען: „מיר פרא־
לעטאריאט!" „מיר יודען!" א טייל פון זיי זענען אפילו ציוני־
סטען געווארען און האבען א שקל געקויפט.

ניט לאנג האט געדויערט דער דאזיגער היציגער צושטאנד.
איצט ווערט יעדער פון זיי רויט איבער די אויערן, אז ער
דערמאהנט זיך אן יענעם מאמענט, ווען ער האט זיך געלאזט

האנדעלט זיך ניט אום ארבייטער, נאר אום „מענשען", וואס דארפען אכטונג געבען אויף די ארבייטער. די „מענשען" זענען דוקא מעהרסטענטיילס — יודען. אט די „מענשען"־יודען זע־נען נאר א בעזונדער סארט יודען. זיי דארפען דיענען אלס מחיצה, אלס שייד־ווענטעל צווישען דעם יודישען פאבריקאנט און דעם גוי'אישען ארבייטער. אויף גוי'איש הייסט דאס א בופער־עלעמענט. און דעריבער איז זייער פסיכאלאגיע נאר א בעזונדערע. זיי זענען בערופען צו פערטיידיגען די אינטערעסען פון דעם בעל־הבית. זיי זענען פראלעטאריער בלויז אויף א וויי־לע, פראלעטאריער, אזוי צו זאגען, **צום בעדויערן**. אלע זייערע געדאנקען און שטרעבונגען דרעהען זיך ארום דעם בעהאלטענעם ליעבלינגס־אידעאל צו ווערען אליין פאבריקאנ־טען. אויב ניט פאבריקאנטען, איז גלאט א פירמע, וואס קאן געבען און נעהמען וועקסעלעך.

אין זאוויערצע לעבען אט די יודען אויף אן אינזעל צווי־שען דער לינקער און רעכטער זייט פון שטעדטעל. און דאס איז ניט צופעליג. זייערע אינטערעסען זענען ניט פערבונדען ניט מיט די פון רעכטס, ניט מיט די פון לינקס. זיי לעבען אין שע־נע ווילעס, וואס זענען איינגעטונקט אין בוימער, שטרויכען און בלומען פון אלע זייטען, ארומגערינגעלט פון וואסער. צו זיי קאן מען צוקומען נאר דורך א לאנג, שמאל בריקעל.

דאס בריקעל טרעטען זיי איבער טאג־טעגליך אין א בע־שטימטער שטונדע. דא קומען זיי אין בעריהרונג מיט די, וואס קומען פון דער לינקער זייט זאוויערצע. טוען אב זייערע שליחות און קעהרען זיך אום, איבער'ן זעלבען שמאלען בריקעל, צו זיך אויף דער אינזעל. מיט זאוויערצע פון לינקס האבען זיי קיין שום שייכות ניט. נאר, אין געוויסע מאמענטען, ווען דארט, ביי זייערע קרובים פון לינקס ווערט דער קאמפף פאר'ן לעבען נאר שווער, וואגען אייניגע פון זיי אריבערצוטרעטען דאס בריקעל און אויסשטרעקען די האנד צו זייערע ברידער פון אינזעל, צו די אינזעל־יודען. זיי קריגען עפעס צוגעווארפען און געהען האסטיג אוועק. יענע, פון אינזעל ווידער, סטארען זיך אויף ניך

דריי־שטאָקיגע מויערן געקוקט. יענע פון די הויכע מויערן האָ־
בען ווידער אויף די קעסטלעך און זייערע מילבען־מענשען מיט
שטאָלץ און פעראכטונג געקוקט, ווי אויף משונה'דיגע ברואים,
וואָס זענען גאָרניט מיט זיי פון איין מין. צייטענווייז — זיי
עפּעס צוגעוואָרפען און, מעהרסטענטיילס, בעהאַלטען זיך אין
די דיקע געמויערטע ווענד פון זייערע הויכע הייזער, אָדער זיך
געריסען מיט איינאַנדער פאַר א ר ו ב ל פּ ד י ו ן, פון די,
וואָס אויף דער רעכטער זייט זאַוויערצע. דערין האָבען זיי פאָלקאָם
נאָכגעטאָן די אונטערשטע שטויב־און מילבען־מענשען, וואָס
האָבען זיך ארום די קליינע געוועלבלעך און טישלעך און קעסט־
לעך געטופּעט און זיך אויך געריסען צווישען זיך פאַר א
ג ר אָ ש ע ן פּרנסה. בכלל איז דאָ תמיד פאַרגעגאנגען ניט
א לעבען, נאָר א רייסעניש, א קאַמפּף פאַר'ן גוף. דער האָט איהם
געצויגען צו זיך, דער — צו זיך.

נאָר צייטענווייז פלעגט דער לעבענס־קאַמפּף ביי די אונ־
טערשטע שטויב־און מילבען־מענשען שוין ווערען צו־שוועהר, און
עס האָט ניט געקלעקט דאָס, וואָס די אויבערשטע קרובים פון
די הויכע מויערן האָבען צוגעוואָרפען. דאַן פלעגט מען זיך
לאָזען בעטען הילף ביי די גליקליכע אינזעל־יודען.

די „אינזעל־יודען" — דאָס זענען אויך א מין רייכע קרובה־
שאַפט, וואָס האָבען פערנומען א מיטעל־פּלאַץ צווישען די אָריי־
מע פעטערס און מוהמעס און דעם רייכען פּלימעניק. ער אליין,
דער פּלימעניק, איז שוין לאַנג אוועק, העט ווייט פון דער אָריי־
מער משפחה, ווייט פון דער רעכטער און לינקער זייט זאַ־
וויערצע.

די „אינזעל־יודען" זענען אויך — צום טייל אליין געקו־
מען אחער, צום טייל האָט מען זיי גערופען. זיי האָט דער פאַב־
ריקאַנט גינצבערג, פּונקט ווי דער פאַבריקאַנט פּאָזנאַנסקי,
פּונקט ווי אנדערע יודישע פאַבריקאַנטען, געדאַרפט האָבען אלס
בעאַמטע, אלס פערוואַלטער פון זיין גרויסען פערמעגען. אָנ־
טרויען דאָס פערמעגען די, וואָס זענען מיט די ארבייטער פון
איין טייג געקנאָטען, איז פאַר דעם יודישען בורזשוא ניט גאָר
זיכער. און דעריבער איז ער שוין געראָד „נאַציאָנאַל", ווען עס

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז פון דער לינקער זייט זאַוויערצע גע־בילדעט א יודישער ישוב, א יודישע זאַוויערצע.

די אָרימע קרובים זענען, ווי געזאָגט, געקומען אליין, איינ־ציגווייז, ביסלעכווייז, נים געררופענע. דער רייכער פלימעניק האָט זיך וועגען דער לינקער זייט זאַוויערצע ווייניג געקימערט. זיי ווידער, פון דער לינקער זייט זאַוויערצע, האבען נים גע־וואגט צו געהן אין די פּאַקאַיעס. האבען זיך געריבען הינטער ארום. אגב: וואָס קאָן א מענש טאָן? יודען האבען א גאָט און גאָט וועט שוין זאָרגען פאר פרנסה.

עס שיינט, אז דער רייכער פלימעניק האָט איינגעשטימט מיט אָט דער מיינונג פון זיינע אָרימע פעטערס און מוהמעס. והא ראיה — ער האָט זיי געשטעלט א שוהל. ס'הייסט: געהט און בעט גאָט — ע ר וועט אייך געבען פרנסה!

מ'קאָן נישט זאָגען, אז די שוהל איז נים קיין שענע. זי איז דוקא א גערוימע, א הויכע. ס'איז קענטיג: א מתנה פון א רייכען פלימעניק.

און ווי דער רייכער קרוב האָט אויסגעבויט די שוהל, דער־מיט, הייסט עס, איבערגעוויזען זיין אָרימע משפחה צו גאָט, האָט ער זיך שוין געפיהלט פריי פון זיינע פליכטען צו זיי. פאר די גוי'אישע ארבייטער, די, וואָס ער האָט געררופען, האָט ער געבויט וואוינונגען, שולען. א טעאטער. פאר יודען — פון דעם אלעם קיין שפור. פאר יודען נאָר א שוהל אויף צו דאַוונען.

נאָר... צי פון גאָט, צי פון גוי — יודען האבען זיך ביסלעכ־ווייז ארומגעבויט, ארומגעמויערט זיך פון דער לינקער זייט זאַוויערצע. יענע, פון דער רעכטער זייט, האבען געדאַרפט האָ־בען מעהל, ציבעלע, ברויט, זאלץ, גרויפען. האבען דאָס די, פון דער לינקער זייט, פאר זיי געבראַכט, אהער, פון די גרעסערע שטעדט, א טייל האבען גוטע געשעפטען געמאַכט, האבען נרויי־סע דריי־שטאָקיגע מויערן אויסגעבויט, אנדערע האבען גע־שוויצט און געהאָוועט פון א בליאסק אויף טאָג ביז שפּעט ביי־נאַכט ארום צובראַכענע שמוציגע געוועלבלעך און אלטע איינגעהויקערטע קעסטלעך. האבען קוים, קוים אויף א פּאַרווע וועטשערע אויסגעהאָוועט, און, מיט קנאה, ארויף צו די הויכע

## 2.

בשעת דער יודישער פאבריקאנט־מיליאָנער גינצבערג האָט געבויט דאָס שטעדטיל זאוויערצע, האָט ער אפנים ווענינ גע־קלערט וועגען זיין אָרימער יודישער משפחה, ער האָט ווענינ געטראַכט, אז עס זענען דאָ יודען, וואָס זוכען פּרנסה; אז די אל־טע שטעדטלאך זענען שוין פול אָנגעפאקט און איבערגעפאקט, און אז דאָרט שטעהען שוין לאנג א סך אָרימע קרובים זיינע, פעטערס און מוהמעס, מיט׳ן שטעקען אין דער האנד, מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס, גרייט יעדע מינוט איבערצוּוואנדערן ערגיץ אנדערש, וואו עס איז נאָר דאָ א האָפנונג אויף א גראָ־שען פּרנסה.

נאָר אויב דער רייכער פּלימעניק האָט ווענינ געקלערט וועגען די אָרימע פעטערס און מוהמעס, האָבען די פעטערס און מוהמעס דערפאר א סך געקלערט וועגען דעם רייכען פּלימעניק.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז דער קלאנג וועגען דעם ניי־עם ישוב האָט זיך, ווי דורך פייל און בויגען, פערשפּרייט אין די ארומיגע מקומות, אין די אלטע, געפאקטע יודישע ישובים. און —

ניט קיין געבעטענע — אליין געקומען...

כאָטש אן אָרימינקע, פאָרט א מוהמע.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען ציהען פון פערשיעדענע זייטען אהער יודעלעך, וואָס דאַרפען האָבען חיונה, און אזוי האָט זיך

ניגען.ביידע האָבען געלערנט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער ניט גלייך. פּאָזנאַנסקי — אַז עס איז פיעל זיכערער צו זיין וואָס ווייטער פון די קוימענס און קאַזאַרמעס, לעבען אויף דעם נייטראַלען באָדען פון בערלין און דאָרט שניידען די אינ־טערנאַציאָנאַלע קופּאָנעס פון די אייגענע אקציעס. גינצבערג — אַז דאָס אַליין איז ניט גענוג, מען מוז דאָך מיט עפּיס פּערגלע־טען דעם קאָנטראַסט צווישען קופּאָן און ארבייטער־לוין. און ער האָט געהאַנדעלט, ווי אַן איידעלער איירָאָפּעאישער קאַפּי־טאַליסט.

נאַטירליך, דער גן־עדן, פון וואַנען מ׳קאָן יעדע מינוט ארויסגעטריבען ווערען, איז ניט קיין גן־עדן. אָבער דאָך מאַכט דאָס ארבייטער־שטעדטיל פון זאַוויערצע זעהר אַ גוטען איינ־דרוק. דער ארבייטער האָט די מעגליכקייט פערגעסען חאָטש אויף איינינגע שטונדען, אַז ער איז אַ שקלאַף. איהם טאַרטשעט ניט טאָג און נאַכט אין די אויגען דער קוימען פון זיין תפיסה, אין די פרייע אָווענד־שטונדען איז ער דאָך אַ פרייער מענש, האָט די מעגליכקייט צו זאָרגען פאַר זיינע בעדערפנישען. סוף כל סוף געווינט דערפון דער קאַפּיטאַליסט ניט ווייניגער פון דעם ארבייטער. און געוויס האָט דער פאַבריקאַנט גינצבערג, אין זיין מענשליכערער בעציהונג צו זיינע ארבייטער, זיך גערעכענט ניט מיט געפיהל פון יושר אַליין. דאָ איז אויך געווען אַ פּאָליטישער קוק. זאַוויערצע, מיט איהר בעפעלקערונג פון 20 טויזענד גוט־אָרגאַניזירטע, ענטוויקעלטע אינדוסטריעלע ארבייטער, האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע דאָ ניט לאַנג, ווען די כוואַליעס פון׳ם פּאָליטישען לעבען האָבען שטאַרק געברויזט. פריהער, צי שפּעטער וועט זאַוויערצע איבער אַ נייעס בעקומען איהר מאַכט. עס לוינט זיך פיעל בעסער ניט צו פערשאַרפען, נאָר ווייכער צו מאַכען די בעציהונגען צו אָט דער קינפטיגער מאַכט, פער־טושען מיט עפּיס דעם קאָנטראַסט צווישען ארבייטס־לוין און קופּאָן.

לאָדז, וואָס פּאָזנאַנסקי האָט אויפגעמויערט פאַר זײַנע אַרבײַ־טער. איך האָב ניט ווילענדיג געמאַכט אַ פערגלײַך.

פּאָזנאַנסקי׳ס אַרבײַטער־קוואַרטאַל — דאָס זענען צוויי אונגעהויער־גרויסע, פיער־שטאָקיגע מויערן. ריעזיגע פינסטערע קאַזאַרמעס, וואָס בעשטעהען יעדע פון פיער גראָבע לאַנגע ווענד און אַ גרויסען פיער־קאַנטיגען ליידיגען וויסטען ברוק אין מיטען די ווענד. אין מיטען דעם ברוק שטעהט אַ פּלומפּ— איין פּלומפּ פאַר אַלע הונדערטער פאַמיליען, וואָס זענען דאָ איינגעמויערט אין די פינסטערע ווענד. אויף דעם גרויסען קאַ־זאַרמען־ברוק איז ניטאָ קיין שפּור פון גראָז, קיין איינציג ביינ־קעל, וואו דער אַרבײַטער, זײַן פרוי זאָל זיך קאָנען צוזעצען. די דאָזיגע קאַזאַרמעס שטעהען פּונקט אַנטקעגען די פאַבריקען, און דאָס מאַכט זיי נאָך העסליכער. דער אַרבײַטער האָט קיין מעגליכקייט ניט דורכצוגעהן זיך נאָך דער אַרבייט, איינעטע־מען אַ ביסעל פרייע לופט. פון דער מאַשין — גלײַך צום טיש און אין בעט. ער מוז האָבען שטענדיג פאַר די אויגען די פער־האַסטע קוימענס, זײַן בייטאָגיגע תפיסה. נאָך שאַרפער איז דער איינדרוק, ווען איהר גיט אַ קוק אויף פּאָזנאַנסקי׳ס פּאַלאַץ, מיט זײַן צויבערפאַלען דאַך־גאָרטען, דאָ געגענאיבער, נעבען דער פאַבריק. דער קאָנטראַסט צווישען דעם פּאַלאַץ פון דעם בוימ־וואָל־קעניג און דער קאַזאַרמע פון די בוימוואָל־שקלאַפען האָט געמוזט גאַר בעזונדער שטעכען די אויגען אין „יענע טעג“, ווען דער שקלאַף האָט ערוואַכט און געפאָדערט זײַנע רעכט. די פּאַלאַץ־בעוואוינער האָבען זיך געפיהלט אונהיימליך אין איינ־גער שכנות מיט די אַרבײַטער. און זיי האָבען פערלאָזען זייער לוקסוס־נעסט און איבערגעטראָגען זיך קיין בערלין, וואו זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט ניט ווייניגער בעקוועמליך.

פון דעמאָלט־אָן שטעהט דער פּאַלאַץ מיט זײַן קינסטליכען דאַך־גאָרטען וויסט.

און אַז איהר מאַכט אַ פערגלײַך צווישען פּאָזנאַנסקי׳ס קאַזאַרמע און גינצבערג׳ס גאָרטען־שטעדטיל, פערגעסט איהר אַ ווײַלע אַז נאַציאָנאַלע פראַגען, און מאַכט ניט ווילענדיג אַ פערגלײַך. צווישען דער פּסיכאָלאָגיע פון די צוויי בוימוואָל־קע־

ביסלעכווייז צוטיילעז זיך דא די שפאצירענדע אין פערשיע־דענע הויפענס. א טייל פון די עלטערע לאזען זיך אויף דעם שטענגעל צו דער קירך. די איבעריגע, איבערהויפט די יונגערע — צו בעטייליגען זיך אין א רעפעטיציע פאר א טעאטער־פאר־שטעלונג; ווער — צו ז נגען אין כאר; ווער צו שפיעלען אין אר־קעסטער; ווער עס איילט אויף א וויסענשאפטליכע לעקציע; ווער — צום פרייען פלאץ פאר גימנאסטיק; ווער עס געהט ענדליך אויף א געשעפטליכע זיצונג פאר קאאפעראטיווע אנגע־לעגענהייטען, אדער פשוט צו פערהאנדלען פראפעסיאנעלע אינ־טערעסען. עס ווייזען זיך אויך אין גאס ניט ווענינ וועליסאפע־דען, און מיט זיי ווערען בעלעבט די גלאט־איינגעטראמפעוועטע שווארצע שאסעען, וואס ציהען זיך אויף וויארסטען לאנג ווייט פון שטעדטיל ארוים.

— וואס איז דאס ? א צויבער־לאנד ? אן עלדאראדא ? א גארטען־שטאדט, וואס האט פערבלאנדזשעט ערגיץ פון ענגלאנד, אדער פון דער שווייץ, אהער אין פוילען, מ׳ווייסט ניט ווי אזוי ?...

— ניין, דאס איז פשוט אן ארבייטער־שטעדטיל, לויט׳ן מאדערנעם, אייראפעאישען סטיל. דאס האט ניט לאנג, מיט עטליכע יאהר צוריק, אויסגעבויט דער יודישער פאבריקאנט גינצבערג פאר זיינע טויזענדער קריסטליכע, הויפטזעכליך, פוי־לישע ארבייטער.

איך מוז זאגען דעם אמת. איך האב דאן, אין יענע שטונ־דען, ווען איך האב געבלאנדזשעט איבער די גאסען־אלעען פון אט דער מאדנער שטעדטיל, ניט געקלערט, — ניט וועגען דעם יודישען פאבריקאנט גינצבערג, ניט וועגען פוילישע ארבייטער. קיין שום נאציאנאלע קנאה און פערדרום האב איך בשעת מעשה ניט געפיהלט. פערקעהרט. איך בין געווען גליקליך פאר די אר־בייטער. נאטירליך, איך האב גוט געוואוסט, אז אט דער על־דאראדא איז נאך ווייט פון א גן־ערן. אבער..

און אין מיין פארשטעלונג האבען ערשיינט יענע גרויסע, שווערע, פינסטערע קאזארמעס, וואס איך האב געזעהן אין

אביסעל ווייטער אַן א זייט שטעהט די עוואַנגלישע קירך.
די איינוואוינער בעלאַנגען דאָ אפנים צו דער קריסטליך־רעפאָר־
מאטאָרישער רעליגיאָן.

הינטער די אַלע געביידען לינקס ציהט זיך א פרייער און
ברייטער שפּאַציר־גאָרטען. דאָס גאַנצע שטעדטיל ביי אָט דעם
עק פּאַלט אריין אין א פּאַרק, א סאָסנע־וואַלד.

ביי־טאָג איז דאָ אַלץ שטיל, רוהיג. די קורצע, אבער ברייטע
גאסען־אַלעען זענען כמעט ליידיג. בלויז ארום די הייזלעך און
פלומפען בעמערקט זיך א בעוועגונג. אומעטום — בלויז פרויען
און קינדער.

שלאָגט אבער זעקס פאר־נאַכט, ווערען די גאסען און געס־
לעך שטארק בעלעבט פון א מענער־פּובליקום. עס שיטען זיך
אין די אַלעען גאַנצע כוואַליעס מענשען אין קאָרטענע בלוזעס
און מארינאַרקעס, מיט פערברוימטע פּנים׳ער, מיט ברייטע פּליי־
צעס און העגד אין מאַזאַליעס, אין די אַלעען צוטיילען זיך די
גרויסע כוואַליעס אויף קלענרע שטראָמען. צו יעדען הויז געהט
א שטרעמיל. דער גאַנצער קאָך געדויערט דאָ ניט מעהר ווי א
צוואַנציג מינוט. דאַן ווערט דרויסען גאָר שטיל. מ׳זעהט קיין
שפּור ניט פון א לעבעדיגען מענשען. דערפאַר מערקט זיך אינ־
ווייניג אין די הייזלעך, א שטארקע בעלעבונג. אונגעפעהר א
שטונדע דויערט די שטילקייט פון דרויסען. דאַן הויבען זיך
ווידער אָן צו ווייזען פון די הייזלעך מענשען. די געסלעך ווערען
ווידער בעלעבט, נאָך מעהר, נאָך ריהרעוודיגער, ווי פריהער. עס
הויבען זיך אָן צו בעוועגען אהין און אהער אַלערליי פיגורען:
מענער, פרויען, קינדער, — אַלט און יונג. אַלץ איז איבערגע־
טאָן גאָר אויף אַן אנדער שטויגער. אַנשטאָט די פריהערדיגע
שווארצע פּנים׳ער, בלויזע קאַלירטע טיכלעך, איינפּאַכע און־
טער־קליידלעך, בלוזעס און קאָרטען־הייזען, — פּראַנטעוועט
מען אין שטרויענע היט, געפּרעסטע העמדער און קראַגענס, גע־
פּוצטע קאַמאַשען און לייכטע קאָסטיומען, איינפּאַך, אבער ריין
און נעט. די געסלעך ווערען פערוואַנדעלט אין שפּאַציר־אַלעען,
פון אַנהויב ברויזט עס דאָ פּונ׳ם פּובליקום. די בעוועגונג
שטרעמט אהין און אהער, האָט ניט קיין בעשטימטע ריכטונג.

כלים, וואשען אדער הענגען צום טריקענען וועש אויף שטריק־לעך, פערצווינגען אויף די הויפען.

אלץ איז דא פול מיט בעוועגונג. נאר דא בעמערקט זיך ניט קיין האוועז, קיין שמייען. די בעוועגונגען זענען רוהיג, געלא־סען, ערנסט. אלץ עטעמט דא מיט א רעגעלמעסיגען ריטם. אלץ ווערט דא געטאן שטיל, מיט א סדר.

אינגאנצען זעהט אוים דאס שטעדטיל, ווי איין ווילע, איינ־געטונקט אין בוימער און בלומען פון אלע זייטען. אין די גאסען זעהט מען זעלטען א מענשען דורכגעהן. די ארבייט קומט־פאר בלויז אין די הייזער און ארום די פלומפען. די געשטאלטען, וואס בעוועגען זיך, זענען כמעט אויסשליסליך פרויען. קינדער ווינציג. דאס רוב שפיעלען זיי זיך. ערטערווייז העלפען זיי אונטער די עלטערע.

דאס שטעדטיל מיט זיינע מאדערנע איינוואוינער מאכט אויף מיר א שטארקען איינדרוק. איך פרעג ניט מיין בעגלייטער. איך שטוים מיך אן. מיר געהען ווייטער. דא ענדיגט זיך דאס שטעדטיל — מיט צוויי פרעכטיגע פרייע בולווארען רעכטס און לינקס. רעכטס שטעהט אין מיטען א בולוואר א גרויסע פיער־שטאקיגע געביידע פון מאדערנער איידעלער ארכיטעק־טור. דאס איז א קינדער־שול פאר די איינוואוינער פונ'ם שטעד־טיל. אביסעל אן א זייט דערפון שטעהט א קלענערע געביידע, אויף פון זעהר א שענעם אויסזעהן. דאס איז א באדע־הויז מיט וואנעס און שפריצען מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען, אלץ נאכ'ן לעצטען ווארט פון דער פעדאגאגיש־היגיענישער טעכ־ניק. די שול איז פאר די קינדער; דאס באדע־הויז — פאר גרוים און קליין.

געגענאיבער, לינקס שטעהט אויך אזא הויכע און שענע געביידע, א ביסעל פון אנ'אנדער ארכיטעקטור, ווי די שול. דאס איז דאס פאלקס־טעאטער, דא זענען אויך זאלען פאר פערוויי־לונגען און מיטינגען פאר ערנסטע אינטערעסען פונ'ם געזעל־שאפטליכען לעבען. דערביי — א גרויסער פרייער פלאץ, א טרעק פאר פערשיעדענע ספארטען און שפיעלען פאר גרויסע, אויף פערשיעדענע צוריכטונגען פאר גימנאסטיק.

---

— פרעגט ניט, איהר וועט זעהן. אלזא רעכטס, צי לינקס?

די שאלה איז געווען ניט גאר קיין לייכטע. אין אמת'ן: אויב איהר מוזט זיין אין ביידע — אין אין גיהנום, אי אין גן־עדן, — וואס־זשע קלויבט מען אויס פריהער?

— דעם גהינום וועל איך ניט פערשפעטיגען, האב איך געטראכט, און אזוי בעשלאסען. אלזא: פריהער אין „גן־עדן".

מיר האבען זיך געלאזט געהן רעכטס.

אויף א גוטער וויארסט האבען זיך געצויגען די געביידען פון די פאבריקען. אינוויינינג האט געקאכט די ארבייט. פון דרויסען איז געווען שטיל: דא זענען בעשעפטיגט, ביי דעם יודען גינצבערג, ביז צעהן טויזענד פוילישע ארבייטער, האט מיר מיין בעגלייטער ערקלערט. יודישע וועבער — קיין איינער ניט. א מייסטער, א מאשיניסט איז אמת דא איינער, א יוד, איז דאס, נאטירליך, צופעליג. מעכאנישער בעטריב איז דא פון אנהויב אן, זינט די פאבריק עקזיסטירט.

מיר זענען געגאנגען ווייטער און ארייגעפאלען אין א מין גארטען־שטאדט. קליינע, צוויי שטאקיגע מויערלעך, צו פיער וואוינונגען א מויער'ל, בעשטימט פאר פיער פאמיליען: צוויי אונטען און צוויי אויבען. יעדעם מויער'ל האט פון פראנט א בלומען־גארטען, פון די זייטען און פון הינטען א גרינס־און פרוכט־גארטען. איין מויער'ל איז אבגעטיילט פונ'ם אנדערן דורך א פרייען הויף. אונגעפעהר יעדע פיער מויערלעך בילדען א קווארטאל. דאס גאנצע שטעדטיל איז דורכגעשניטען מיט רעגעלמעסיגע ברייטע גלייכע און גלאט איינגעטראמפעוועטע גאסען אין דער לענג און אין דער קווער.

די לענג־און קווער־גאסען זענען בעזעצט פון ביידע זייטען מיט אלעען. ביי יעדע צוויי הייזער פון דרויסען שטעהט אן ארטעזיאנישער ברונעם — א פלומפ. קינדער מיט פערברענטע פנים'ער, לייכט, איינפאך געקליידט, מעהרסטענס, בארוועס, לויפען דא לוסטיג ארום, שפיעלען זיך אויף די הויפען און דרויסען אויף דער גאס. יונגע און עלטערע פרויען און מיידלעך געהען אפט אריין און ארויס פון די הייזער צו די פלומפען. זענען זיך עוסק אין הויזליכער ווירטשאפטליכער ארבייט, שייערן

שעז רייזענדער איז זי, א חוץ דעם, זעהר בעלעהרענד. איך ראט יעדען יודישען זשורנאליסט, יעדען יודישען אינטעליגענט, וואס פערקלערט זיך איבער דער לאגע פון דער יודישער בעפעלקע־רונג אין פוילען, ער זאל בעזוכען „זאוויערצע“.

זאוויערצע איז ניט פשוט א ווארט, איז ניט פשוט א סטאנציע, א נאמען פון א שטעדטיל. זאוויערצע איז א גאנ־צער בעגריף. א סימבאל, א מוסר השכל.

א חוץ די מעטאל־ווערק האט זאוויערצע גרויסע וועבע־רייען. די היגע טעקסטיל־פאבריקען שפיעלען אין דער פוילי־שער אינדוסטריע ניט קיין קלענערע ראליע, ווי די היגע אייזען־ווערק. זיי ציהען זיך, די טעקסטיל־פאבריקען, דא אויף גאנצע וויארסטען די לענג. נאכמעהר: זאוויערצע איז געבויט געווארען מיט א 25 יאהר צוריק פון אנהויב אן צוליעב אט די ריעזיגע טעקסטיל־פאבריקען.

און געבויט האט זאוויערצע א יוד. גינצבערג הייסט אט דער יוד, וואס האט זאוויערצע געבויט. נאך פאזנאנסקי׳ן איז דאס דער גרעסטער יודישער טעקסטיל־קעניג, דער גרעסטער יודישער מיליאנער אין פוילען.

זאוויערצע איזווירקליך אן אמת׳ע טעקסטיל־מלוכה. און כדאי איז א קוק צו טאן: וואס הערט זיך, וואס טוט זיך אין אט דער „מלוכה“, געבויט פון א יודישען פאבריקאנט.

פערבראכט האב איך אין זאוויערצע בלויז אייניגע שטונ־דען און דעם איינדרוק, וואס איך האב דא בעקומען, וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען.

איך בין אויסגעגאנגען זאוויערצע אין דער לענג און אין דער ברייט. האב אומעטום אריינגעקוקט, וואו עס איז נאר מעג־ליך געוועזן אריינצוקוקען. בעגלייט האט מיך א היגער יונגער־מאן.

— וואוהין ווילט איהר פריהער, — האט מיך מיין „משוי־טשערנע“, מיין וועגווייזער, געפרעגט: לינקס, צי רעכטס — אין גהינום, צי אין גן־עדן?

— וואס הייסט?

# אַ שפּאַציר דורכ'ן „גן-עדן" און „גיהנום"

## 1.

וואָס איז אַזוינס ז אַ וו י ע ר צ ע?

אַ וואָרט, וואָס זאָגט גאָרנישט: אַ סטאַנציע, וואָס האָט אַפילו נישט קיין בופעט. אין „ראַסקלאַד יאַזדי", אין דעם „וועגווייזער" פאַר די פּוילישע באַהנען, פערליערט זיך דער דאָזיגער נאָמען צווישען דער מאַסע אַנדערע נעמען פון קליינע סטאַנציעס, וואו דער צוג שטעלט זיך אָב, גיט אַ פּייף און פליהט ווייטער.

נאָר פאַר דעם, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער פּוילי־שער קולטור, מיט דער פּוילישער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, זאָגט „זאַווירצע" אַ סך. זאַווירצע איז דער וויכטיגסטער פּונקט אין דער גרעסטער בראַנזשע פון דער פּוילישער אינדוס־טריע. דאָ, אין דעם געביט פון די פּוילישע מעטאַל־ און קויהלען־גרובען, געפינען זיך די גרעסטע פאַבריקען פון מעטאַל־ווערק אין פּוילען. זאַווירצע איז דאָס פּוילישע שעפילד*), פּונקט ווי לאָדז רעכענט זיך פאַר דאָס פּוילישע מאַנטשעסטער**).

נאָר ניט בלויז פאַר דעם פּאַליאַק איז „זאַווירצע" אַ נאָ־מען, וואָס רעדט אַ סך. זאַווירצע איז זעהר אַ אינטערעסאַנטע שטאָדט אויך פאַר יעדען אינטעליגענטען טוריסט. פאַר אַ יודי־

---

*) צענטר פון שטאָהל־און אייזען־אינדוסטריע אין ענגלאַנד.
**) צענטר פון בוימוואָל־אינדוסטריע אין ענגלאַנד.

שרעקליכע פארבען האט ער זיי געמאלט. ער האט געוואלט דער־וועקען אין זייערע הערצער פונקען פון ליעבע און רחמנות צו זייער פאלק..

און אז ער האט געענדיגט, האט זיך א קאלטער, א בייזער געמורמעל פערשפרייט איבער׳ן זאל.

זיינע אויערן האבען דייטליך פערנומען: „דער רב מישט זיך ניט אין זיינע זאכען". „א רב דארף ריידען וועגען „חיזוק הדת", „וואס מישט ער זיך אין פרעמדע עסקים?"..

פון דעמאלט־אן רעדט ניט מעהר דער רב. נאר אין איינ־זאמע נעכט זיצט ער אפט ארומגערינגעלט מיט נייע ספרים און שרייבט. ער שרייבט, דער ירמיהו הנביא פון זגערזש, א נייע „איכה", א נייעם „אני הגבר" — וועגען דעם חורבן פון דער יודישער אומה.

נויטיג, צוליעב פאליטיק, צי צוליעב יושר געהן צום פאלק און טאן עפעס פאר איהם. מ׳גיט איהם בילדונג, מ׳סטארעט זיך איהם צו ארגאניזירען אויף דעם אדער יענעם געביט, מ׳ווייזט איהם נייע פארמען פון לעבען.

בכן געווינט עפעס דאס פאלק, הויבט זיך דערווייל זיין קולטור, ווערט שטארקער זיין עקאנאמישער מצב, ווערט א בריק געלעגט צווישען פערשיעדענע טיילען פונ׳ם פאלק און עס בעקומט זיך דאך עפעס איינס.

און דער רב פרובט זיך זוכען שפורען פון אזא צובונד ביי דעם יודישען פאלק. אבער ס׳איז ניטא! דא איז פונקט דער היפך! יעדער פאר זיך. אלץ רייסט זיך וואס ווייטער איינער פון דעם אנדערען. אלץ צולויפט איינער פון דעם אנדערן. און אויב עפעס פעראייניגט זיי, איז דאס די אלגעמיינע גלייכגיל־טיגקייט צום שיקזאל פון דעם יודישען המון. און עס איז ניטא קיין מעהר בולט׳ערביישפיעל דערצו, ווי זגערזש.

און דעם רב׳ס בליק פאלט אויף דעם איינלאדונגס־בילעט, וואס ער האט נאר־וואס בעקומען. ער לייענט איבער נאכאמאל דעם בילעט און א טיעפער שמערץ צוקט דורך זיינע גאנצע אינגעווייד.

זיי רופען איהם, ער זאל זיי זאגען א דרשה וועגען „חיזוק־הדת״, זיי קלויבען זיך צו פייערן „חנוכת־החברה״. א חברה „מחזיקי־הדת״ האבען די זגערזשער פרומע יודישע פאבריקאנ־טען געגרינדעט. א ישיבה האבען זיי מיסד געווען אין זגערזש. עטליכע צעהנדליג ישיבה לייט האלטען זיי אויס. זיי זארגען פאר דער אמונה.... דער דת זאל, חלילה, נישט אונטערגעהן.

וואס האבען אט די מענשען צו טאן מיט דת און אמונה, די וואס בויען זייער גליק אויף דעם חורבן פונ׳ם יודישען פאלק!...

און ער איז געגאנגען צו זיי אויף חנוכת החברה. און א דרשה האט ער זיי געהאלטען. אבער ניט וועגען חיזוק־הדת. ניין! ער האט זיי געלייענט א בעשולדיגונגס־אקט. ער האט זיי געוויזען אויף א גרעסערען חורבן, ווי דער חורבן פון דת. ער האט זיי געוויזען אויף דעם חורבן פון דער אומה. פינסטערע,

איז געקומען דער יודישער פאבריקאנט און האט פער־טריבען פון דאנען דעם לעצטען יודען, דעם פולבערעכטיגטען בירגער פון זגערזש, זיין אייגענעם ברודער...

און דא האבען די שאלות ביי דעם זגערזשער רב געמוזט איננאנצען פערפלאנטערט ווערען. אלס רב האט ער געמוזט זו־כען א זכות אויף כלל־ישראל. אלס יוד, האט ער זיך געדארפט פרעהען, וואס זגערזש ווערט אלץ מעהר א יודישע שטאדט: וואס יודישע פאבריקאנטען האבען אזא שטארקען חלק אין זגערזשער אינדוסטריע.

אבער, ווי קאן זיין א יודישע שטאדט אהן יודען? ווי קאן ער זיך פרעהען אויף דעם גליק פון די, וואס זענען דאס אומגליק פון זייערע אייגענע ברידער? פון די, וואס זענען גרויזאמער צו זייערע ארימע ברידער, ווי דער מאריאוויט, די ספולקע, דער קסיאנדז?

און אלע פערפלאנטערטע שאלות האבען זיך געמוזט ביי דעם רב אין געדאנק צוזאמענגיסען אין איין הארבע שרעקליכע שאלה:

צי איז גאר פארהאן א יודיש פאלק?

פון די נייע ספרים, אין וועלכע דער רב האט פון צייט צו צייט אנגעהויבען ארייצוקוקען, אום צו געפינען אן ענטפער אויף די נייע שאלות, וואס ער, אלס גייסטיגער פיהרער פון פאלק, האט זיך געפיהלט מחויב צו פערענטפערן, האט ער גע־וואוסט, אז אין יעדען פאלק זענען דא פערשיעדענע קלאסען, וועמעס אינטערעסען זענען סותר איינע די אנדערע. אבער דאך זענען דא אנדערע אינטערעסען, וואס פערבינדען זיי די גע־גענגעזעצטע קלאסען און פארטייען.

אט זעהט ער, צום ביישפיעל, ארום זיך דאס פוילישע פאלק, וועמעס שיקזאל איז ביז צו א געוויסען גראד עהנליך צום יודישען פאלק. דא קעמפפען צווישען זיך: נאראדאוועצעס, פאסטעמפאוועצעס, קסיאנדזען, סאציאליסטען. אין זייער קאנ־קורענץ צווישען זיך וויל יעדער צד צוציהען צו זיך דאס פאלק, דעם המון. הייסט דאס, אז יעדער צד אנערקענט דאס פאלק פאר א מאכט, האט צו איהם א געוויסען דרך־ארץ, האלט פאר

ערגיץ האָבען זיי ניט אזא מאכט, אזא איינפלוס, אזא ער־פאָלג, ווי דאָ. קיין שפור פון אנטיסעמיטיזם איז ניטאָ אין זייער סעקטע. זינט זיי זענען דאָ, איז דער פוילישער ארביי־טער געוואָרען עפּעס איידעלער, פיהרט א ניכטערן לעבען, קוקט מיט אָפענערע אויגען אויף זיך, אויף דער וועלט.

האָבען זיי זיך אויסגעלערנט אינגאנצען צו בענעהן זיך אָהן דעם יודען. די מאריאוויטען, צי דערפאַר, וואָס זיי ווילען אריינגעהמען צו זיך די פוילישע מאסע, צי דאָס איז טאקע דער עיקר פון זייער לעהרע, — טוען נאָר און מאכען „ספּולקעס". אלץ אינ'ם לעבען פונ'ם פוילישען ארבייטער איז דורך זיי קאָ־אָפּערירט. ניט האָבענדיג וועגען דעם יודען קיין שלעכטע מחשבות, גראָבען זיי אונטער זיין קיום, מאכען חרוב אינגאנ־צען דעם יסוד פון זיין חיונה.

ערגער פון אלץ איז, אז מ'קאָן פון ז י י, פון די פרעמ־דע, קיינעם ניט בעשולדיגען. וואָס קומט אבער ארויס דער־פון: דערוויילּ איז ביטער, ווי דער טויט. פון טאָג צו טאָג ווערט די לאגע שלעכטער.

און פאר זיינע אויגען איז געוואָרען א תל פון זגערזשער יודען. מיט יעדען טאָג ווערט שיטערער, שיטערער. יונג און אלט מוז זיך נעהמען פאר'ן שטעקען, אום ניט צו שטארבען פון הונגער.

פון אלע קרעמער, בעלי־מלאכות איז א תל געוואָרען. נאָר א פּאָר קרעמלעך און עטליכע קעסטלעך זענען איבערגעבלי־בען, ווי א זכר לחורבן. אָבער די וועלען אויך היינט — מאָרגען מוזען פערשווינדען.

נאָר איין יוד איז געבליבען דאָ, וואָס ניט דער עלעקטרי־שער טראַמוויי, ניט די „ספּולקע", ניט די מאריאוויטען זענען געווען אימשטאנד איהם ארויסצושטופּען, בערויבען זיין מענ־שען־רעכט, זיין בירגער־רעכט.

דאָס איז דער וועבער. ער, וועלכער האָט געהאט א חלק אין דער אויפבויאונג, אין דער שאפונג פון זגערזשער קאפּי־טאל, פון זגערזשער עשירות, מאכט און רוהם, איז פאר קיין פאל ניט קיין איבעריגער דאָ.

אויף יענעם גאון. ער שרייבט א בלאט נאך א בלאט וועגן... דעם נאציאנאלען און עקאנאמישען חורבן פונ׳ם יודישען פאלק.

ניט טעאריעס און חקירות שרייבט ער פון ביכער, נאר דאס, וואס זיינע אויגען האבען געזעהן, וואס ער אליין האט איבערגעלעבט פאר די לעצטע פינף, זעקס יאהר. שרייבט מיט דעם צארן פון א נביא, מיט דעם בלוט פון זיין הארצען... אני הגבר ראה עני...

ער שרייבט א בלאט נאך א בלאט און קומט צו א טרויע־ריגען, צו א שרעקליכען אויספיהר:

ד א ס י ו ד י ש ע פ א ל ק ג ע ה ט מ י ט ה א ס־ ט י ג ע ש ר י ט צ ו א נ א צ י א נ א ל ע ן א ו ן ע ק א נ א מ י ש ע ן ב א נ ק ר א ט...

אייזערנע פאקטען פון לעבען בעווייזען דאס, און די בי־כער, די נייע ביכער בעשטעטיגען, ערקלערען דאס, אז אזוי דארף זיין, אזוי מוז זיין.

מיט איינע ניין, צעהן יאהר צוריק האט זיך יודען געלעבט דא ארום איהם גארניט שלעכט. הונדערט בעלי־עגלות יודישע אליין האבען געהאט פיינע חיונה. איז געקומען דער עלעקטרי־שער טראמוויי פון לאדז און האט אין איין שענעם פריה־מאר־גען חרוב געמאכט די עקזיסטענץ פון אלע הונדערט בעלי־עגלות.

זגערזש איז אן ארבייטער־שטאדט. די ארבייטער פערדיע־נען ניט שלעכט. די היגע דייטשע און פוילישע ארבייטער זענען ניט קיין גראבע מענשען. עסען, טרינקען, פיהרען זיך לייטיש. הונדערטער יודישע פאמיליען האבען פון זיי פערדיענט, געצוי־גען פון זיי די חיונה. איז געקומען די רעוואלוציע מיט איהרע נייע אידעען. די ארבייטער האבען זיך אויסגעלערנט ארגאני־זירען „ספולקעס", קאאפעראציעס. האבען זיך אויסגעלערנט פונ׳ם יודען אלע קרעמערשע חכמות און זענען אליין קלוג — בעדארפען מעהר ניט דעם יודען.

און אט די מ א ר י א ו ו י ט ע ן, צום ביישפיעל, זיי האבען גאר דער׳הרג׳עט דעם יודישען קיום. ער האט געהאט די געלעגענהייט צו צוקוקען זיך גוט צו זייער טעטיגקייט. ווארום

בעמערקט א בעקאנט בילד פון דער לאָדזער באַלוט, פון זדונסקאָ־וואָליאַ... דאָס איז דער לעצטער מאַהיקאַנער...

ארום אנ'אלטען, האלב־חרוב'ן האנד־שטוהל עוסק'ט זיך אן אלטער האלב־חרוב'ער יודישער וועבער.. דער לעצטער פון די מאַהיקאַנער...

דאָרט, הינטער דער שוהל, זאָגט מען אייך, וואוינט דער רב. דער רב קוקט ארויס פון זיין פענסטער אין דער וויסטער גאַס אריין, און ס'דאכט זיך אייך, אז צוזאמען מיט דער שוהל, צוזאמען מיט אייך, קוקט ער אין אלע זייטען, קוקט און זוכט א יודען. און א חוץ דער יודענע מיט דעם אלט־אָבגעריסען קליי־דעל, מיט די צוקנייטשטע הענד און פנים, זיצענדיג ביי איהר צובראָכען פוסטען אלמעריל און קאַשיק, און א חוץ דעם איינ־געבויגענעם זעכציג־יעהריגען וועבער ביי דעם אפשר הונדערט־יעהריגען האנד־שטוהל, איז פוסט און וויסט ארום און ארום. ניטאָ קיין יודען.

און ס'זיצט דער רב פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, טרויעריגע געדאנקען. 14 יאָהר ווי ער איז דאָ רב. ניט קיין סך — 14 יאָהר. אליין איז ער נאָך גאָר ניט קיין אלטער מאַן. און וואָס האָט דאָ פאַסירט ארום איהם אין אָט די 14 יאָהר. איבער־הויפּט אין די לעצטע פינף, זעקס יאָהר.

ער וויל זיך אבגעבען רעכענונג אין דער וועלט־איבער־קעהרעניש ארום איהם, אין דעם פּלאָנטער פון די שאלות, וואָס ברענען זיין געדאנק און טרייבען זיין שלאָף. ער זוכט אויף די דאָזיגע שאלות א תירוץ אין זיין אלמער מיט ספרים. ער גרוי־בעלט זיך אין די גמרות, אין די ערשטע און לעצטע מפרשים און זוכט עפּעס אן אויסוועג אין דעם פערוויקעלטען פּלאָנטער פון די נייע הארבע שאלות, זוכט און געפינט ניט.

און עס געשיהט א מערקווירדיגע זאך! אזוינס, וואָס האָט נאָך מיט קיין רב, אין קיין שטאָדט און שטעדטעל ניט פּאַ־סירט. דער זגערזשער רב הויבט זיך אָן ארומצולעגען מיט גאנץ אנדערע ספרים. ער לעזט און שרייבט... לעזט און שרייבט.

שרייבט ניט שאלות און תשובות וועגען הלכות גט'ן און קדושין; שרייבט ניט חדושים און פירושים אויף דעם אדער

קענען קליינע, שטילע, ריינליכע ארבייטער־מויערלעך. דאָס זע־נען מויערלעך פון א בעזונדער טיפּ: איין שטאָק מיט א שאָל־קע, פּאָר צוויי פאמיליען אָדער דריי. מאסיווע טירען, פונ׳ם אלטען דייטשען סטיל און א ברייטער גאניק אין פראָנט מיט ביינקלעך צו פערברייננגען דאָרט נאָך דער ארבייט. אויף די גאַ־סען איז רוהיג, שטיל, ריינליך.

אָבער וואו זענען די יודען ?

יודען זענען כמעט ניטאָ אין זגערזש. איהר געהט און זוכט און קוים וואָס איהר געפינט ביי איין עק שטאָדט א שפּור פון אן אלטען מארק מיט עטליכע קראָמען. ארום דעם געהען אום, ניט קיין יודען, נאָר שאָטענס פון יודען. טופען זיך ארום די געוועלבלעך און טופען גאָרנישט אויס, זעלטען קומט אונטער א קריסט און קויפט א פונט נאָפט, א האלב פונט זייף, א קער־בעלע שוועבעלעך — די איינציגע ארטיקלען, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבען אין יודישע הענד.

איהר געהט ווייטער און ס׳פערשווינדען די עטליכע שאָ־טענס. דורכאויס : אָדער גרויסע פאבריקען, אָדער קליינע מוי־ערלעך. אין די גאסען בעגעגענען אייך אויף יעדען שריט דייַ־טשע און פּוילישע ארבייטער.

איהר פאלט אריין אין א זייטיגע וויסטע גאָס. עפּעס אין א ווינקעל שטעהט א געביידע, עהנליך צו א מאָטערשען מע־טשעט. דאָס איז די יודישע שוהל. עלענד, טרויעריג, פער־יתומ׳ט שטעהט זי, און ס׳דאכט זיך אייך, אז זי קוקט אויף צוזאמען מיט אייך אין אלע זייטען און זוכט א יודען.

אייערע אויגען בלאָנדזשען און שטעלען זיך אָב ערגיץ אויף א שמוציגען ווינקעל־פלאַץ. דאָרטען שטעהט א צובראָכען קעסטעל. ארום דעם קעסטעל דרעהט זיך א יודענע מיט אן אל־טען פוסטען קאָשיק. עס איז פוסט און וויסט. נאָר אָט איז ביי א זייט ווייטער א ביסעל א האלב־איינגעפאלען נידעריג שטיבעל. אין פענסטער בעמערקט איהר עפּעס א שאָטען בע־וועגען זיך און עס קומט צו אייערע אויערן דער בעקאנטער „טיק־א־טאָק“... „טיק־א־טאק“.. איהר געהט צו נעהנטער און

אמת'ער פראָדוקציע, — פיהלט זיך דערפאַר אייער נאַציאָנאַ־לער זעלבסט־געפיהל שטאַרק געהויבען אין זגערזש.

זגערזש איז ניט בזשעזין. זגערזש האָט זיך ניט וואָס צו שעמען פאַר אַ מאָעס. זי אַרבייט אויס פונקט אַזוינע פיינע שטאָפען, ווי דער ביאַליסטאָקער גוי.

און זגערזש איז אויך, ווי ביאַליסטאָק, אַ יודישע פאַבריק־שטאָדט. אין זגערזש פרעהט אייך אָבער דאָס האַרץ פאַר דעם יודישען קאַפּיטאַל, פאַר דעם יודישען אונטערנעהמונגס־גייסט.

און נאָך מעהר ווערט אייער שטאָלץ, ווען איהר דערוויסט זיך, אַז סך־הכל מיט אַ 5—6 יאָהר צוריק האָט דער יודישער קאַפּיטאַל זעהר אַ קנאַפּע ראָליע געשפּיעלט אין זגערזשער פאַב־ריקאַציע. בלויז אַ צעהן פּראָצענט פון זגערזשער פאַבריקען האָ־בען בעלאַנגט צו יודען. די איבעריגע פאַבריקאַנטען זענען גע־ווען אַלע — דייטשען.

איצט פערנעהמען יודען דעם גרעסטען פּלאַץ אין זגער־זשער אינדוסטריע. די דייטשע פאַבריקאַנטען עמיגרירען בּיס־לעכווייז נאָך דייטשלאַנד. יודישע פאַבריקאַנטען זענען דאָ ביז 70 פּראָצענט.

און איהר האָט פאַרוואָס צו פרעהען זיך מיט דעם ערפאָלג פון'ם יודישען קאַפּיטאַל. זגערזש איז ניט בזשעזין. זגערזש מאַכט עהרע דעם יודישען אונטערנעהמונגס־גייסט. זגערזש איז איינער פון די וויכטיגסטע פונקטען אין דער פּוילישער טעקס־טיל־פּראָדוקציע. און זגערזש איז — אַ יודישע שטאָדט...

אָבער.. וואו זענען דאָ די יודען?

איהר געהט דורך זגערזשער גאַסען. ס'איז אַנגענעהם צו געהן אין זגערזשער גאַסען. דאָ זענען ניט די קוימענס אין מי־טען שטאָדט, אַזוי ווי אין לאָדז. דאָ פעלט אייך ניט אין די אויגען דער קאָנטראַסט צווישען רייכע פּאַלאַצען און פינסטערע חורבות, ווי איהר זעהט, אַ שטויגער, אין אַ לאָדז, אין אַ וואַרשוי.

זגערזש איז הויפּטזעכליך אַן אַרבייטס־שטאָדט. אַ חוץ עטליכע גרעסערע מויערן אין צענטר, וואו דער עלעקטרישער טראַמוויי פון לאָדז שטעלט זיך אָב, קומען אייך אומעטום אַנט־

# „ירמיהו הנביא" פון זגערזש.

פון בזשעזין קיין זגערזש איז גאר נאהנט: בלויז עטליכע סטאנציעס. און וואס פאר אנ'אונטערשיעד, וואס פאר א תהום עס ליגט צווישן אט די צוויי שטעדט!

א שווערע מרה שחורה פאלט אייך אראב פון דער נשמה, ווען איהר פאלט אריין פון דער שמוציגער יודישער טאנדעט־שטאדט אין דאס ריין און שען שטעדטעל מיט א פאלקאם איי־ראפעאיש אויסזעהן, מיט זיין רייכער אינדוסטריע.

זגערזש און טאמאשאוו זענען די צוויי וויכטיגסטע פונק־טען פון דער פוילישער טעקסטיל־פאבריקאציע. זגערזשער קאמ־גארן און שעוויאטען שטעהען פיעל העכער פאר לאדזער. זגערזש קוקט ניט אוים די אויגען, ווי לאדז, נאך א קונד, שפארט ניט אריין קיין סחורה אבי ווענען; בויט ניט איהר עקזיסטענץ אויף „פעקלעך", ד. ה., אויף גאלע וועקסעלעך.

זגערזש איז ביי זיך תקיף. דער סוחר, וואס וויל האבען א גוט שטיקעל סחורה, מוז אנקומען צו איהר. מוז קומען בכבודו ובעצמו, און קומען טאקע מיט דער הארטער מטבע. נאר מענ־שען מיט א פעסטער פירמע, מיט א אונבעפלעקטער רעפוטא־ציע פון יאהרען־לאנג ערלויבען זיך צו קומען קיין זגערזש אהן מזומנים.

ווערט אייך אין בזשעזין זעהר אומעטיג אויפ'ן הארצען, אייער נאציאנאלער שטאלץ ליידט פאר דער יודישער „פרא־דוקציע", וואס איז דא בלויז א העסליכע קאריקאטור פון

געהאט צו איהם טענות, פארוואס ער האט „דערצווינגען" שלעכט זיין „געמיינדע", איבערהויפט די יונגע לייט, וואס זענען לוי־טער רעוואלוציאנערן. דער רב האט זיך פארענטפערט, אז ער קען ערב זיין בלויז פאר די, וואס טראגען אן „ארבע־כנפות", דאס הייסט, די וואס זענען פרום. פאר די איבריגע, וואס פאל־גען ניט דעם רב, איז ער ניט פעראנטווארטליך. ד א ס האט געגעבען א גרונד דער פאליציי און זשאנדארמען בודק צו זיין ביי די יודישע ארבייטער די „ציצית". דער, וואס מ'האט ביי איהם קיין „ציצית" ניט געפונען איז געווען פאררעכענט פאר אן „אחדות"ניק, ס'הייסט פאר א רעוואלוציאנער, און מ'האט איהם ארעסטירט. פון דעמאלט אן איז די סימפאטיע פון דער מאסען־יוגענד צום רב אבגעקיהלט געווארען. אבער די ארביי־טער, מיט וועמען איך האב גערעדט דעריבער אין לאדז, שפע־טער מיט איינינע יאהר נאך אט דעם פאקט, זענען שוין אין שטאנד צו אורטיילען וועגען יענער מעשה אהן ביטערנעס. „די יודישע ארבייטער בעוועגונג און רעוואלוציע", — האבען מיר איינינע פון זיי צונעגעבען — „האבען איהם, דעם פערשטאר־בענעם רב שוין געטראפען אין די אכציגער יאהרען פון זיין לעבען. דער אלטער מאן איז שוין ניט געווען פעהיג פאראנאנ־דערצוקלייבען זיך אין די פערוויקעלטע פאסירונגען פון דער גרויסער היסטארישער עפאכע. אבער זיין הארץ איז דאך גע־ווען א ברייטע, א צארט־פיהלענדע. ער האט ליעב געהאט דאס פאלק און האט זיך פיעל געמיהט איהם צו העלפען מיט די מיטלען, וואס ער האט געהאט אין זיין מאכט".

זיך שטענדיג צוגעהערט. ער האָט אויך געקענט שטימען פון איין זייט מיט די יונגע און פון דער אנדערער זייט מיט די חסידים, וועלכע האָבען צו איהם גרויס „דרך ארץ" געהאט. דער פאקט, וואָס א מתנגד'ישער רב האָט געקענט פיהרען כמעט א האלבען יאָהר־הונדערט אזא רייכע שטאָדט פון פוילישע חסידים, ווי לאָדז, בעווייזט אויף דעם אונגעוועהנליכען טאקט, וועלכען ר' אליהו חיים האָט בעזעסען.

רבי אליהו חיים האָט געזעהען, ווי פאר זיינע אויגען זע־נען אויפגעקומען א סך יודישע גבירים. פונדעסטוועגען האָט דאָס איהם ניט פארבלענדעט די אויגען פון צו זעהן דעם בי־טערן אמת, אז די יודען אין פוילען שטעהט פאָר א טרויעריגע צוקונפט, אויב זיי זאָלען ניט ענדערן דעם עקאָנאָמישען פונדאַ־מענט פון זייער עקזיסטענץ. ער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט א גרויסארטיגען פראָיעקט צו ברייגען געהענטער די יודישע מאסען צו דער מוטער־ערד. זיין פלאן צו גרינדען אין פוילען יודישע קאָלאָניעס האָט אבער ניט געפונען קיין אָבקלאנג אין די קרעמערשע נשמות פון זיין געמיינדע.

נאָר ר' אליהו חיים איז געווען ניט בלויז א פילאָנטראָפ. ער האָט אויך געהאט די פעהיגקייט צו בעגייסטערען זיך מיט ברייטערע און מעהר ראדיקאלע געזעלשאפטליכע רעפאָרמען. נאָך עטליכע חדשים פאר זיין טויט האָט ער זיך ארומגעטראָגען מיט א היגיענישען פלאָן: צו בויען אין פערשידענע טיילען פון שטאָדט א גאנצע רייהע שטאָדטישע וועשערייען, לויט דער לעצטער טעכניק. אין די דאָזיגע וועשערייען זאָלען יודישע פרויען קענען פאר א קליינע מטבע קומען וואשען זייערע וועש. אזא רעפאָרם איז אויך געווען צו ראדיקאל פאר די לאָדזער פאבריקאנטען, און דער פראָיעקט איז געשטאָרבען צוזאמען מיט'ן רב.

גאָך א פאקט, בעטראכט פון אויבען אויף, וואָרפט א שאָטען אויפ'ן אָנדענקען פון אָט דעם מערקווירדיגען רב. אין דער צייט פון די גרויסע סטרייקען און דעמאָנסטראציעס, ערב דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט דער לאָדזער רב, אזוי ווי דער בריסקער, געמוזט זאָגען זיין וואָרט. די לאָדזער פאָליציי האָט

מיט א ברייטען „קאלנער", פערבונדען אויפ'ן פארצייטיגען אופן מיט בענדלעך. רבי אליהו חיים איז געגאנגען אין א שנעע־ווייסער געפרעסטער העמד, מיט געפרעסטע מאנזשעטען, און א זיידענער לאנגער זופּעצע מיט א ברייטען, ווייכען הוט — מעשה דייטשער, אדער ענגלישער פּאסטאר. ער האט זיך בכלל געהאלטען זעהר נעט, זויבער. זיין בענעהמען זיך מיט ארימע לייט איז געווען מילד און ווייך, מיט גבירים — שטאלץ און זעלבסטווירדיג. ער האט זיי בכלל ניט „נושא פנים" געווען, און דאס האט אין זיי איינגעפלאנצט מורא'דיגען רעספּעקט צו איהם.

מיט אייניגע יאהרען צוריק פאר זיין טויט האט פּאסירט אזא מעשה: די לאדזער יודישע רייכע אסימילאטארישע איני־טעליגענץ האט געוואלט, ווי אין אלע גרויסע שטעדט, איינפיהרען אן „ארון" ביי מקבר זיין די מתים. רבי אליהו חיים האט פּראטעסטירט. די גבירים האבען זיך גע'עקשנט. ענדליך איז געקומען צו איהם א דעלעגאציע און האט גענומען איהם איבער־צייגען, אז לאדז מוז האבען אזא רעפארם.

„כל זמן איך וועל לעבען, וועט דאס ניט זיין!" האט ער זיי קורץ און שארף געמעלדעט. אבער עטליכע יונגע גבירים האבען זיך גענומען שטארק שפּארען.

— ארויס פון מיין שטוב, שקצים! איך וויל ביי אייך קיין רב ניט זיין! — האט ער געשריען צו די מיליאנערן־דע־לעגאטען. פון דער רעפארם איז גאר נישט געווארען. מ'האט איהם קוים איבערגעבעטען.

מיט דרייסיג יאהר צוריק איז אין לאדז געווען כאלערע. די עפּידעמיע האט אוועקגעטראגען א סך קרבנות, איבערהויפּט פון ארימען קלאס. רבי אליהו חיים האט טאג און נאכט גע־ארבייט צווישען די קראנקע, שטעלענדיג זיין לעבען אין גע־פאהר. דערפאר האט ער בעקומען פון דער רעגירונג א מעדאל „אננא" און א שווערדעל.

ער איז בכלל געווען זעהר אנגענומען ביי דער רעגירונג. אויף אלע רבנים־ און כלל־טוער־אסיפות אין פּעטערבורג איז ער געווען געלאדען און צו זיין שטים האט זי, די רעגירונג,

גבירים איז הארט, איז גרויזאם. קעמפפען מיט זיי? דערויף איז ער געווען נענוג קלוג צו פערשטעהן, אז מיט בייזען קען א רב היינט גאר נישט אויספיהרען ביי די גבירים. האט ער זיי געצוואונגען צו געבען אינדירעקט. זיין וועקסעל איז איי־גענטליך געווען ניט מעהר, ווי אן אנווייזונג אויף זייער קעשע־נע. אויסגעפיהרט האבען די הארטע מענשען גאר נישט: דאס געלד האבען זיי געגעבען און דער רעספעקט און די ליבע פונ'ם פאלק האט בעלאנגט ניט צו זיי, נאר דעם רב־קאסיר. וואס האט מיט זייער קאסע געצאהלט.

רב אליהו חיים איז געווען א מערקווירדיג שטארקע פער־זענליכקייט. דאס איז געווען א רב מיט א נאטירליכען בערוף, פון א לידער, א רב — וואס איז געווען, ווי אנגע־מאסטען פאר א גרויסע און רייכע פוילישע שטאדט. אין פוילען מוז דער רב אויך זיין רא־בינער. ער מוז זיין דער פארשטעהער פון דער יודישער בע־פעלקערונג פאר דער קרוין, פאר דער ארטיגער רעגירונג. דער לאדזער יודישער באלעבאס האט איהם געהאלטען פאר א גע־בילדעטען מאן אויך אין וועלטליכע חכמות. דער באלעבאס פון מיין האטעל, וואו איך בין איינגעשטאנען אין לאדז, האט מיך פערזיכערט, אז דער לאדזער רב האט געקענט „מוטער־שפראך" — רוסיש, דייטש, פויליש, פראנצויז. אין רעדאקציע פון לאַ־דזער „טאגעבלאט" האט מען אבער מיט א שמייכעל גערעדט וועגען רבי אליהו חיים'ס „בילדונג". ער האט קוים גערעדט עטליכע ווערטער רוסיש, ווען ער האט געמוזט „מקבל פנים" זיין „נאטשאלסטווא" ד. ה. די „פני" פון דער ארטיגער מאכט.

און פונדעסטוועגען האט פאר איהם „נאטשאלסטווא" גרויס דרך ארץ געהאט. ער האט געקאנט מיט זיין שטאלצער, זעלבסטווירדיגער האלטונג איינפליסען צו זיך רעספעקט ביי אלע קריסטען, ווען דער יודישער „ראבין" איז דורכגעגאנגען די גאס, האט זיך יעדער נידריגער און העכערער פאליציסט אב־געשטעלט און געמאכט „פאד קאזיראק".

דער בריסקער רב, רבי חיים סאלאווייטשיק, געהט אין א קארטענער אבגעריבענער קאפאטע. אונטער דער באַרד, פון דער קאפאטע ארויס, זעהט זיך א פשוט'ע פארצייטיגע העמד,

פאר'ן רב און ער וועט בלייבען ביי אונז. פאהרט אייך געזונד־טערהייד, איהר וועט דא גאר נישט אויספיהרען".

די שלוחים האבען זיך ווירקליך איבערצייגט, אז אין געלד קענען זיי מיט לאדז ניט קאנקורירען. און אזוי ווי רבי אליהו חיים האט זיך שטענדיג גענויטיגט אין געלד, איז ער געבליבען אין לאדז.

און כאטש רבי אליהו חיים איז זיין גאנצען לעבען געווען אן „אנזעצער", האט זיך תמיד גענויטיגט אין געלד, פונדעסטוועגען האט קליין און גרויס אין לאדז און אין דער גאנצער וועלט געוואוסט, אז אזא „שונא בצע", אזא פיינד־האבער פון געלד ווי ער איז געווען, איז שווער געווען צו זוכען. דאס געלד האט ער געדארפט האבען ניט פאר זיך, נאר פאר אנדערע.

רבי אליהו חיים האט ניט געקענט צוזעהן יענעם'ס ליידען. ער האט אויף זיין לעבען קיינעם ניט אנטזאגט. האט וועד געמאכט פאר איהם א קרומע מינע — האט ער איהם אוועקגעגעבען וויפיעל ער האט ביי זיך געהאט: א רובל, פינף, צעהן, הונדערט. געקומען א יוד און קלאגט זיך: „רבי, מיין טאכטער איז שוין, אהן עין הרע, א מיידעל אין יאהרען; מ'דארף טאן א שדוך און ניטא קיין העמד אויפ'ן לייב..." רבי אליהו חיים געהט צו צום קאמאד, נעהמט ארויס א פעקעלע, איינגעוויקעלט אין א פאפירעלע און גיט דעם יודען מיט די ווערטער: געהט אייך געזונטערהייד, דער אויבערשטער זאל אייך העלפען קריגען א זיווג פאר אייער טאכטער."

דער יוד נעהמט דאס פאפירעלע, טאפט דאס איבער אין האנד ארויסגעהענדיג און קלערט: „אודאי א פינף־קארבענדיגער!" געהט אריין אין א טויער, וויקעלט פארנאנדער און — איז שיעור אין חלשות ניט געבליבען: דריי הונדערט קארבען האט איהם דער רב געגעבען!...

אליין האט דער רב קיין געלד ניט געהאט, אבער זיין וועקסעל איז געגאנגען. ווי יעדער אנדער יודישער רב איז ער געווען ארומגערינגעלט מיט ארימע לייט. ער האט געזעהן דעם גרויסען עלענד פון דער יודישער מאסע און זיין צארטע נשמה האט ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג. דאס הארץ פון די

איז א בעהאַלטענער, א מין „למד־וואָווניק" — איז מעהרסטענ־טיילס פערגראָבען אין זיינע ספרים, און נעהמט אָן אַנטייל אין געזעלשאַפטליכען לעבען אויף וויפיעל ער איז געצוואונגען דערצו פון דער אויסענוועלט. וואָס שפּאַרט זיך ציי טענווייז אריין אין זיין חדר מיוחד און רייסט איהם אָב מיט גוואַלד פון זיין איינגעשלאָסענעם, שטילען, צוריקגעהאַלטענעם, לעבען, איז רבי אליהו חיים מזל געווען, פון נאַטור, א מענש מיט א קאָכי־גען געזעלשאַפטליכען טעמפּעראַמענט, איז געווען א מענש מיט א גוואַלדיגער ענערגיע, מיט דער געבאָרענער נאַטור פון א לי־דער, פון א שתדלן, פון א כלל טוער אין דעם ברייטעסטען זין.

רבי חיים סאַלאָווייטשיק וויים ניט כמעט קיין „צורת המטבע". רבי אליהו חיים מייזעל האָט זעהר גוט געוואוסט, וואָס הייסט געלד. זיין ערשטע רבנות איז געווען איז רעדע־טשין — א שטעדטעל אין גראָדנער גובערניע. דאָרט מאַכט ער חובות אויף דריי טויזענד רובל. קומט פּרוזשאַן און צאָהלט אויס די חובות, און נעהמט איהם אריבער צו זיך. אין פּרוזשאַן גיט רבי אליהו חיים אַרויס וועקסלען אויף זעקס טויזענד רובל. קומט ל א מ ז ש א און לעזט אויס די וועקסלען, און נעהמט איהם צו זיך. איז ער אָב אין לאָמזשא עטליכע יאָהר און מאַכט אָן חובות אויף צוועלף טויזענד רובל. נעהמט לאָדז און צאָהלט איין די צוועלף טויזענד רובל און פיהרט דעם רב, דעם „אַנזע־צער" אַריבער צו זיך. געהט ניט אַוועק קיין צעהן יאָהר און רבי אליהו חיים האָט שוין אין לאָדז אָנגענעבען וועקסלען אויף צוואַנציג טויזענד רובל. דערוויסט מען זיך אין שטאָדט, ווערט צווישען די גבירים א געמורמעל: גוואַלד, וואָס טוט מען מיט'ן „אַנזעצער", מיט'ן רב ? ! שיקט ביאַליסטאָק אין געהיים שלוחים צום רב און זאָגט: רבי! איך צאָהל איין די צוואַנציג טויזענד רובל און גיב אייך שכירות, וויפיעל איהר ווילט אַליין, נאָר קומט צו אונז און זייט ביי אונז רב. דערהערט עס פּאָזנאַנסקי, דער יודישער בוימוואָל־קעניג פון לאָדז, שיקט ער רופען דעם ביאַ־ליסטאָקער שליח און זאָגט צו איהם: „הערט נאָר אויס פּאַניע! אין יחוס זייט איהר אפשר רייכער, אבער אין געלד ניט. איך קען בעשטעהן צו בעצאָהלען צוויי מאָל צוואַנציג טויזענד רובל

# א פריינד פון אָרימע און ליידענדע.

(דעם אנדענקען פונ׳ם לאָדזער רבי רבי אליהו חיים מייזעל)

נעקומען אין לאָדז בין איך אייניגע טעג נאָך ר׳ אליהו חיים, דעם לאָדזער רב׳ס לויה. נאָר דער איינדרוק פון זיין טויט איז געווען אזוי שטארק, אז אפילו עטליכע טעג נאָך זיין טויט איז דער נאָמען „רב אליהו חיים", „אונזער רב" ניט ארויס פון יעדערנ׳ס מויל. אין די טראַמוויי‏ען, אין די גאסען, אין די הייזער האָט מען נאָר געהאלטען אין איין דערצעהלען מעשיות און לעגענדעס וועגען דעם פערשטאָרבענעם לאָדזער רב.

פון די אלע לעגענדעס און מעשיות, וואָס איהר האָט זיך געקענט אָנהערען אין לאָדז וועגען דעם פערשטאָרבענעם רבי אליהו חיים — איז אייך געוואָרען קלאָר, אז ער האָט ווירקליך געשפּילט זעהר א גרויסע ראָלע אינ׳ם לעבען פון פרומע יודען. נאָך דעם בריסקער רב, רבי חיים סאָלאָווטשיק, איז דאָס געווען דער גרעסטער אויטאָריטעט צווישען די רוסישע רבנים. מיט רבי חיים סאָלאָווייטשיק האָט דער פערשטאָרבענער לאָדזער רב געהאט א סך עהנליכעס. אזוי ווי דער בריסקער, איז אויך דער לאָדזער רב געווען א מורא׳דיגער פאנאטיקער, וואָס איז ניט פעהיג געווען צו געהן מיט די היינטיגע אויף קיין שום קאָמפּראָמיסען. און דאָך האָט ער, פּונקט ווי רבי חיים סאָלאָווייטשיק, בעזעסען א הארץ פול מיט ליבע צו די אָרימע יודישע מאסען, און האָט זיי אבגעגעבען זיין גאנצען לעבען, זיין גאנצען פערמעגען, אלע זיינע קרעפטען. נאָר צווישען איהם און דעם בריסקער רב איז אויך געווען א גרויסער אונטערשייד. וועהרענד דער

דער „ארון“ האָט עקזיסטירט עטליכע וואָכען. חברה „נושאים“ האָט אָבער געזיעגט. די מתים־רעפאָרם האָט, פערשטעהט איהר מיך, אנגעריהרט די לייב־אינטערעסען פון חברה „נושאים“ וועלכע האָבען אַן אייגענעם שענק, און דער „ארון“ איז זיי געווען אַ קאָנקורענץ. ביי די נייע וואהלען אין חברה קדישא האָט זיך בראַנפען און ביער געגאָסען ווי וואסער, די „מטה“ האָט פערטריבען דעם ארון. כאָטש ראטנער איז דער גרעסטער תקיף און בעל דעה אין שטאָדט.

ווען איך וועל צוגעבען, אַז די צוויי היגע פוילישע אנטי־סעמיטישע צייטונגען ווערען געלעזען פון אַ סך היגע יודען, אַז די מאַרק־ליטעראַטור פארקויפט זיך דאָ אין אַ סך עקזעמפּ. און ערנסטע ווערק זעהט מען ניט, דענק איך, אַז איהר וועט שוין האָבען אַ קלאָרען בעגריף פון דער קולטורעלער פיזיאָגנאָמיע פון אַזאַ גרויסע שטאָדט, ווי בענדין, וואָס האָט איהרע 35 טויזענד יודען.

סך ערלייכטערונגען געמאַכט געוואָרען. יודען פּראָפּיטירען דער־פון און האָבען פּרנסה.

א חוץ דעם „גרענעץ" איז אין דעם דיסטריקט פון בענ־דין, דאָמבראָווע און סאָסנאָוויץ שטאַרק ענטוויקעלט די קוילען־גרעבעריי און נעבען זיי די אייזען־גיסעריי און וואַלצעריי. די דאָזיגע אינדוסטריע ליעגט אין די הענד פון דייטשע און איבער־הויפּט פראַנצויזישע קאָמפּאַניעס. יודישע ארבייטער האָבען אין דעם דאָזיגען אינדוסטריעלען געביט קיין שום צוטריט ניט. אָבער יודישע קאַפּיטאַליסטען רייבען זיך דאָך ארום דעם פּע־טען טאָפּ. די פאַבריקען האָבען נויטיג פערשיעדענע רויהע מאַטעריאַלען. די פּאָדריאַדטשיקעס — די ליווערענטען דערפון זענען יודען.

בענדין האָט דעריבער א גאַנצע רייהע גרויסע יודישע גבירים, צווישען זיי מיליאָנערען.

דער עקאָנאָמישער וואָהל־שטאַנד געהט אָבער ניט אימער האַנד אין האַנד מיט דעם קולטורעלען. דערצו גיט בענדין אויס־געצייכענטע ביישפּיעלען. די נאָהענטקייט פון דייטשען גרע־נעץ, די רייכסטע פּוילישע גרויס־אינדוסטריע, ווי קויהלען־גרו־בען און אייזען־ווערק, וואָס ליעגט דאָ ביי דער זייט, — דאָס אַלעס ווירקט ווייניג אויף דעם גייסטיגען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון יודישען בענדין. צוויי פּאַליצעס ביכער אין א פּרי־וואַטען שראַנק — דאָס איז די גאַנצע בענדינער יודישע ביבליאָ־טעק! ווי אין אלע פּוילישע שטעדט און שטעדטלעך איז דאָ אויך פאַראַן נאַטירליך א „הזמיר". זיין גאַנצער לאָקאַל בע־שטעהט פון א צימער, געדונגען ביי א לעהרער. מאַנאַטען־לאַנג קומט אָבער אין לאָקאַל קיין פוס ניט אריין און קיין דירה־געלד ווערט ניט געצאָהלט. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט א היגער יודישער מיליאָנער אָבגעזאָגט דער שטאָדט 20 טויזענד רובעל אויף א שפּיטאַל. דאָס געלד ליעגט ביי די יורשים און קיינעם אַרט ניט פאַר'ן שפּיטאַל. כאָטש אן ערלויבנים איז שוין לאַנג דאָ. א גרויסער קאַמפּף איז דאָ געפיהרט געוואָרען צווישען א פּראָגרעסיווען גביר ראַטנער מיט חברה „נושאים" פאַר אָבשאַ־פען די „מטה" און איינפיהרען אז ארון צו טראָגען די מתים.

כע בליקען, אין וועלכע עס שפיגלען זיך אָב די טויזענדער גע־פאהרען, וואס זיי לעבען דורך טאָג טעגליך.

דער יודישער קאָנטראבאנדיסט — דאָס איז פיעלייכט דער שטאָלצעסטער, דער דרייסטעסטער, דער פיזיש־שטארקסטער יוד אין דער וועלט. ער איז אבער אויך דער נידעריגסטער אין מאָראלישער און קולטורעלער הינזיכט. דער עמיגראנטען־אגענט, דער פרויען־הענדלער האָבען דעם יודישען פאָלק אנגעטאָן מעהר צרות, פיעלייכט, ווי אלע גזרות און פאָגראמען צוזאמען. זיי האָבען אריינגעטראָגען פוילענים אין אונזער לעבען אינווענינג און בעדעקט אונזער נאָמען מיט שמאך און שאנד פון דרויסען. זיי ווערען פאר אונז יעצט א געפאהר, א נאַציאָנאלער אונגליק.

דער גרענעץ־גיט יודען נאך א ספעציעלע פרנסה: מיט אל־טע בגדים. דער מסחר דערמיט איז שטארק ענטוויקעלט אין בענדין. דער דייטש האָט ליעב אָפט צו נייהען זיך א נייעם בגד. מאכט זיך עפעס א פלעק אָדער ווערט זיין ראָק, זיין מאַנטעל, עטוואָס אבגעניצט, אזוי פערקויפט ער עס פאר א פאָאר מארק און קויפט זיך א נייעם אנצוג. די רוסישע יודען פאָהרען צוליעב דעם אין בערלין, און אין אנדערע גרויסע דייטשע שטעדט, און קויפען אָב אזוינע געטראָגענע קליידער גאנצע פעק פאר א קלייניגקייט. אין דער היים זיצען שוין ביי זיי טאָג־דעט־שניידערס. מען פעררירכט, מ׳רייניגט, מ׳ניצעוועט איבער די געניצטע מלבושים און מ׳פערקויפט זיי אין רוסלאנד פאר נייע. דערפון לעבען הונדערטער פאמיליען.

דאָס זענען אלץ מעהר אָדער ווענינער, פרנסות פון די מאסען. מעהר אָבער גיט די גרענעץ די רייכערע יודישע קלאַ־סען. דורך זייערע הענד געהט דורך כמעט דער גאנצער עקס־פאָרט און אימפאָרט און מען מאכט דערביי א סך טויזענדער.

בענדין איז א פונקט הויפטזעכליך פאר געטריידע (ווערט ארויס און אריינגעפיהרט), פערד, איבערהויפט היהנער, אייער (ווערען ארויסגעפיהרט) און פרוכטען (ווערט אריינגעפיהרט).

ניט לאנג האָט רוסלאנד בעניייט איהר האנדעלס־אָבמאך מיט דייטשלאנד. פאר דעם רוסיש־דייטשען האנדעל זענען א

רען, דער יוד האָט דאָ בכלל ארום גרענעץ מעהר געלעגענהייט צו פערדיענען א קערבעל. איז ממילא ניטאָ קיין סך בעלי מלאכות. דערצו קאָן טאקע א גוטער בעל מלאכה אויסהאלטען די קאָנקורענץ מיט דער גרענעץ. א גוטען בגד קריגט מען נישט אין קאַטאָוויץ, מוז מען פאָהרען ווייטער, לוינט זיך ניט. דאָס איז די אונדירעקטע פרנסה פון גרענעץ. פאַראַן אָבער א דיד רעקטע פרנסה, און די איז א סך גרעסער. א סך יודען האָבען מאָנאָפּאָליכע בילעטען אויף דער גרענעץ־באַהן און פאָהרען זעקס מאָל א טאָג אין אויסלאנד און צוריק. יעדעס מאָל ברייגגען זיי מיט אויסלענדישע זאכען, האנדלען דערמיט אין דער היים, און מאכען ניט שלעכט.

דאָס איז אלץ כשרה ביזנעס. דער געזעץ קאָן עס ניט פער־באָטען און ניט בעשטראָפען. פיעל מעהר איז אבער ענטוויקעלט דאָס „שווארצען" דעם גרענעץ. אויפ'ן קאָנטראבאנדישען אופן ווערט אריינגעפיהרט און ארויסגעפיהרט אלעס. דאָס איז נאַטירליך ניט קיין ספּעציעל יודישע פרנסה. מיט שווארצען דעם גרענעץ בעשעפטיגט זיך אלעס און אלע: א יוד, א פּאָליאק, א רוס, א דייטש, ציווילע און בעאמטע — פון דעם נידעריגסטען ביז דעם העכסטען. געגען דעם גרענעץ־שווארצען העלפט נישט קיין שום שטרענגקייט פון געזעץ, קיין שום קאָנטראָל און רע־וויזיע. די יודען אלס בעגרענעצטע אין רעכט, אלס בערויבטע פון א סך נאָרמאלע און געזונדע מלאכות און פרנסות, זענען גע־צוואונגען פיעלייכט מעהר פון אלעמען צו זוכען זייערע לע־בענס־מיטעל אין דער שווערער, אָפט געפעהרליכער קאָנטראַ־באנדע.

מיט שווארצען דעם גרענעץ בעשעפטיגען זיך נאַטירליך אלע קלאַסען, אָרים און רייך, גבירים און די מאסע, יעדער, פערשטעהט זיך, אין זיין מאָס. די דירעקטע שווארצער אָבער זענען מענשען פון דער מאסע. איבערהויפּט די יודישע בעלי עגלות. די יודישע בעלי עגלות פון די גרענעץ־שטעדטלעך — דאָס איז א גאַנץ בעזונדער טיפּ. דאָס זענען מענשען מיט פער־ברענטע, אויסגעוויטערטע פנים'ער, ריעזיגע ווי דעמבעס, מיט ברייטע שולטערען, אייזען־שטארקע מוסקלען, דרייסטע, פרע־

דאס הייסט ניט, נאטירליך, אז אין בענדין איז ניטא קיין פראפעסיאנעלע יודישע ארימע לייט, נאר אפילו די ארימע לייט מאכען דא גוטע ביזנעס פון דער גרענעץ און דאקוטשען ווענינ די שטערטעל אליין און אנגעקומענע אורחים.

איהר האט מסתמא געהערט, אז אין דייטשלאנד איז די לעצטע צייט גוט ארגאניזירט געווארען אונטערשטיצונג פאר ארימע יודען, איבערהויפט רוסישע. די דייטש־יודישע בורזשואזיע מאכט גוטע געשעפטען און איז ווייך־הערציג געווארען צו דער לאגע פון יודישע ארימע לייט פון רוסלאנד. אין אלע שטעדט און שטעדטלעך זענען ארגאניזירט געווארען קאמיטעטען פאר צדקה, איבערהויפט פאר עמיגראנטען. דערמיט בענוצען זיך או־סגעצייכענט די פראפעסיאנעלע יודישע בעטלער און שנארער. א גרענעץ־פעסעל קאסט גאר נישט. געהט מען אריבער די גרענעץ און מ׳גיט „צו לייזען" די אלע קאמיטעטען פון די ארומיגע דייטשע שטעדטלעך, וואו ס׳איז דא א יודישע בעפעלקערונג. מ׳קלייבט צוזאמען אויף אזא שטויגער א שענע פאר קאפיקעס און צוריק א היים. דא שפיעלט מען שוין די ראלע פון א בעל הבית.

די גרענעץ קליידט, שוכט און פוצט די היגע בעפעלקערונג. עס קאסט א קנאפער קערבעל היין און צוריק פון קאטאוויץ (די נאהענטסטע דייטשע שטאדט פון דער גרענעץ). פאהרט מען אריבער און מ׳קומט צוריק אז אויסגעפוצטער פון קאפ ביז די פים. דארט אין אויסלאנד — „דריבען" אויפ׳ן היגען לשון, קאסט שטאף ביליגער, דאס גנייי איז שענער. די טואלעט־ארטיקלען זענען אויך שענער און ביליגער. וואס מ׳טראגט אויף זיך דארף מען דערפאר קיין צאל ניט געבען. אין קאטאוויץ, אין טארן, אין מעמעל און אין אנדערע אזעלכע דייטשע שטעדטלעך איז שוין די פאבריקאציע צוגעפאסט צום געשמאק פון דעם יודיש־פוילישען גרענעץ־שטעדטעל. ס׳זאל זיין שען און ביליג.

דאס ווירקט נאטירליך, אז דער היגער בעל־מלאכה האט ווענינער ארבייט. פון דעסטוועגען פארדיענט ער דא בעסער, ווי אין דער ליטא און טיעפער אין פוילען. דאס ערקלערט זיך פשוט. דעם יודישען בעל מלאכה איז דא לייכטער צו עמיגרי־

# יודישע פרנסות ביין גרעניץ.

אין די שטעדטלאך פון צענטראלען פוילען שפיעלט די הויפט ראלע אין דער יודישער עקאנאמישער לאגע ניט די אינ־דוסטריע, נאר דער גרענעץ. גרענעץ־יודען זענען א בעזונדער סארט יודען, מיט בעזונדערע פרנסות, מיט בעזונדערע מלאכות.

אט די סארטען שטעדטלאך ליעגען אויף דער ווארשא־וויענער באהן־ליניע. דאס סאמע כאראקטעריסטישע פון זיי איז בענדין.

בענדין איז א גאנץ אלט יודיש שטעדטעל. יודען שפיעלען דא די הויפט ראלע אין עקאנאמישען לעבען. פון די פופציג טויזענד פערזאן אלגעמיינע בעפעלקערונג, זענען יודען דריי פערטעל.

און דאך ליעגט די אלט־פרענקישע פיזיאנאמיע בלויז אויף דער בענדינער אלטער יודישער שוהל, וואס זעהט אוים ווי א מיטעל־אלטערליכער קלויסטער. אלעס אנדערע האלט זיך אין בייטען: א שטיק אייראפא מיט א שטיק אזיע, א שטיק מיטעל־אלטער מיט א שטיק 20טען יאהרהונדערט; פוילישע חסידות מיט פוילישער אסימילאציע; אסימילאציע מיט קלעריקאליזם; דא קעמפפען ביידע מחנות, דא גיט מען זיך פריינדליך די האנד.

איין ערשיינונג ווארפט זיך אין בענדין אין די אויגען. דא האט מיר נאך ערגעץ ניט אבגעשטעלט קיין יודישער בעטלער. קיינער האט ניט געבעטען קיין נדבה.

מאשאוו — האט געמעלדעט, אז ער נעהמט צו אהן א בעגרענ־
צונג יודישע וועבער, אויב זיי וועלען ארבייטען שבת. קיינער
האט ניט געוואלט, ווייל די יודישע וועבער אין פוילען זענען
מעהרסטענס רעליגיעזע מענשען. די יוגענד ווידער שעמט זיך
פאר די עלטערע וועבער. דערצו קאנען זיי עס ניט טאן צוליב
עלטערן און פאמיליע.

נאר די אייזערנע עקאנאמישע נויטווענדיגקייט וועט
וואהרשיינליך צווינגען אפילו די פרומע יודישע וועבער נאכצו־
געבען דעם „מוז", דא, אזוי ווי אין אמעריקא. די יודישע פאב־
ריקאנטען אין פוילען שטעלען ארויס דעם שבת אלס הויפט־
גרונד פון זייער ניט־וועלען אננעהמען יודישע ארבייטער. מ'זאגט
אז א געוויסער רב אין פוילען, וועמען דער עלענד פון דער יודי־
שער מאסע ריהרט טיעף ביי דער נשמה, זוכט א היתר פאר
יודישע וועבער צו ארבייטען שבת. זיין טעם, וואס ער גיט
אן, איז משום „פקוח נפש". און „פקוח נפש" על פי דין איז
„דוחה שבת"...

דאַרפט איבערגעבען זיין קענטניש די איבעריגע יודישע האַנד־וועבער.

אַז די קריסטליכע אַרבייטער האָבען דערזעהן דעם יודישען וועבער, האָבען זיי אָוועקגעוואָרפען די אַרבייט. באַרנשטיין האָט זיך אָבער ניט דערשראָקען. ער האָט געמעלדעט זיינע קריסטליכע אַרבייטער, אַז אויב זיי וועלען זיך ניט שטעלען צו דער אַרבייט אין דער צייט פון דריי שטונדען, וועט ער זיי ענטזאָגען און נעהמען אויף זייער פּלאַץ אַנדערע. אינטערעסאַנט איז, אַז די פאַבריק־אינספּעקציע און פּאָליציי האָבען א י ה ם גענעגבען גערעכט. נאָך אין פערלויף פון די דריי שטונדען האָבען זיך די קריסטליכע אַרבייטער צוריקגעשטעלט צו דער אַרבייט. דער יוד איז געבליבען. אין א קורצער צייט אַרום זענען באַרנשטיינ׳ס אַלע יודישע האַנד־וועבער געוואָרען מעכאַנישע.

איך האָב בעזוכט די דאָזיגע איינציגע יודישע פאַבריק מיט אויסשליסליך יודישע וועבער. באַרנשטיינ׳ס א זוהן און די קאָנטאָר־אַנגעשטעלטע האָבען מיך מיט שטאָלץ דורכגעפיהרט אַלע עטאַזשען פון אַלע אַבטיילונגען פון דער וועבעריי.

ניט נאָר די וועבער, נאָר אַפילו דער מאַשיניסט און דער הייצער זענען יודען. איך האָב גערעדט מיט איינינע וועבער, יונגע און עלטערע יודען, וואָס אַרבייטען ביי באַרנשטיינען שוין צו עטליכע און צוואַנציג יאָהר. ביידע צדדים זענען צופריעדען. דער יודישער האַנד־וועבער ווערט שנעל א גוטער אַרבייטער אויף מעכאַנישער קראַפט. אַנשטאָט די פריהערדיגע 7—6 רובל א וואָך, וואָס דער האַנד־וועבער האָט אויסגעאַרבייט, פערדיענט ער איצט צעהן, צוועלף ביז פופצעהן רובל א וואָך. ער אַרבייט גרינגער ווי פריהער, אויך ווייניגער שטונדען ווי פריהער. די יודישע פאַבריק אַרבייט, נאַטירליך, זונטאָג און רוהט שבת.

אין די איבעריגע יודישע פאַבריקען אַרבייטען אויך, צום טייל, יודישע וועבער. ד י מוזען אָבער רוהען 2 טעג: שבת און זונטאָג. נאָר זיי אַרבייטען אויס אַזוי פיעל ווי די קריסטליכע אַרבייטער, ווייל זיי אַרבייטען אינטענסיווער. א היגער יודישער פאַבריקאַנט — לאַנדסבערג — דער רייכסטער אין טאַ־

מאכען מיט דאמפף אויף גוטע געשעפטען. אגב האבען די היגע פאבריקאנטען א בעזונדער מיין ביים ניט ווערען איינפיהרען קיין עלעקטריע. עלעקטרישער בעטריב איז ביליג, קאנען זיך, אויף אזא שטייגער, אנהויבען פרובפערן קליינע פאבריקאנט־לעך און קאנקורירען מיט זיי, מיט די גרויסע, לוינט דאס פאר זיי ניט.

איך מיין ניט, אז אין טאמאשאוו זאל ווען עס איז געווען זיין אנ'ארבייטער־בעוועגונג, וועניגסטענס א י ו ד י ש ע ארבייטער־בעוועגונג. יודישע ארבייטער, א חוץ וועבער און אנ־דערע טעקסטיל־ארבייטער, זענען דא, ווי געזאגט, זעהר קנאפ. די לאגע פון די יודישע וועבער איז דא אויך א גאנץ אנדערע, ווי אין די איבעריגע פוילישע שטעדטלעך.

טאמאשאוו איז די איינציגע שטאדט אין פוילען, וואו דער יודישער וועבער ווערט, מעהר אדער ווייניגער, צוגעלאזט צו דער פאבריק. ס'איז דא אבער פאראן איין יודישער פאבריקאנט — זיין נאמען איז ווערט פערצייכענט צו ווערען: ד ו ד ב א ר נ־ש ט י י ן הייסט ער — וואס איז א לעבעדיגער פארוואורף אלע איבעריגע יודישע פאבריקאנטען.

דער דאזיגער בארנשטיין איז אן אויפגעקומענער מיליא־נער. אין די יונגע יאהרען איז ער אויך אמאל געווען א וועבער און גראד א האנד־וועבער. ערשט מיט עטליכע יאהר צוריק האט ער אוועקגעשטעלט גרויסע פאבריקען און האט אנגעהויבען צו ארבייטען מיט מעכאנישער קראפט. זענען אלע יודישע וועבער, וואס האבען פריהער אויף איהם געארבייט צו עטליכע צעהנד־ליג יאהר, געבליבען אהן ברויט. בארנשטיין האט אבער ניט פערגעסען, אז ער איז אמאל אליין אויך געווען א האנד־וועבער און האט אויסגעארבייט ניט מעהר ווי 5—6 רובל א וואך. ער האט בעשלאסען אויסבויען פאר די יודישע וועבער א בעזונ־דער פאבריק.

אז די פאבריק איז פארטיג געווארען, האט בארנשטיין צוגענומען איינעם פון די פעהיגערע יודישע וועבער אין דער אלגעמיינער פאבריק, אום אויסצולערנען איהם די ארבייט אויף מעכאנישע שטוהלען. דער דאזיגער וועבער האט דערנאך גע־

טאמאשאוו ווייסט ניט פון אמעריקא. רעדט איהר מיט א טאמאשאווער, זאגט ער: ביי אונז איז דא אמעריקא. אזא „שמח־בחלקו“־שטעדטעל האב איך נאך כמעט אין ערגעץ ניט געזעהן, ניט אין פוילען, ניט אין דער ליטא.

און אט די צופריעדענקייט האט, נאטירליך, אן עקאנאמי־שען יסוד. אין טאמאשאוו מאכט יעדער א לעבען. די יודישע בעפעלקערונג בעשטעהט דא פון פאבריקאנטען, קאמיסיאנערען, ארבייטער, קאנטאר־לייט, האנדווערקער און קרעמער. נאך די פאבריקאנטען צייכענען זיך אויס מיט זייער וואוילשטאנד די קאמיסיאנערען — אנ׳ערך פון הונדערט. כמעט אלע — ליט־וואקעס. די אנגעשטעלטע אין די פאבריק־קאנטארען פערדיענען אויך זעהר גוט. הונדערט רובל א מאנאט איז דא געוועהנליכע שכירות. יודישע קרעמער און בעלי־מלאכות זענען דא בכלל וועניג פאראן. דערין איז אויך טאמאשאוו אנ׳אויסנאהם פון אנדערע יודישע שטעדטלעך. אומעטום איז אנגעזעצט א קרעמעל אויף א קרעמעל, איין בעל־מלאכה אויף דעם אנדערן. אין טאמאשאוו דארפט איהר זיי זוכען. אלץ, וואס האט נאר עטוואס פעהיגקייט, נעהרט זיך ארום פעטען טאפ פון דער טאמאשאווער פאבריק און לעבט ניט שלעכט.

מיט איהר אויסערליך אויסזעהן מאכט טאמאשאוו אויך א גוטען איינדרוק. דער צענטר פון שטאדט איז דא, ווי אין יעדען פויליש שטעדטעל, דער מארק. נאר דער היגער מארק איז זעהר א ברייטער פלאץ, אין מיטען א רוסישער קלויסטער און ארום פון אלע זייטען קראמען — יודישע און קריסטליכע. א חוץ דעם מארק איז זעלטען צו קריגען א קראם. די הויפט־גאסען — „קאלישער“ און פון דעם „הייליגען אנטאניוס“ זענען ברייט און לאנג, מיט אלעען בעזעצט, און אין די גאסען פיהלט איהר די ברייטקייט און בעקוועמליכקייט פון טאמאשאווער לעבען.

---

טאמאשאוו איז א רייכע שטאדט און א „דייטשערישע“ און דאך האט זי א פאטריארכאלעס אויסזעהן. דער צופאהר צו איהר איז מיט א זייטיגער פאבריק־באהן־ליניע. קיין גאז, קיין עלעקטריע איז אין טאמאשאוו ניטא. טאמאשאווער פאבריקען

# א כפרה אמעריקע !

אַ כפרה אַמעריקע !...

אין טאַמאַשאַוו לעבען יודען בעסער ווי אין אמעריקע...

טאַמאַשאַוו איז א בעזונדער טיפּ פון א יודיש־פּויליש שטעדטעל. דאַ ווערען אויסגעארבייט די בעסטע שטאָפען פון דער טעקסטיל־פאבריקאציע אין פּוילען, איז וואַס ווייטער, אלץ מעהר מאכט בעקומט דער יודישער קאַפּיטאל. דער יודישער קאַפּיטאל איז דאַ אויף א פעסטערן באָדען, ווי אנדערש וואו אין פּוילען. טאַמאַשאַוו ווייסט זעלטען פון באנקראָט. „ביי אונז געהען ניט אַן קיין „פּעקלעך" — זאָגען די טאַמאַשאַווער פאבריקאנטען. „פּעקלעך" — אויף לאָדזער לשון — הייסט וועקסלען. אין לאָדז איז ניטאָ דער קרעמער, וואָס זאָל ניט קריגען סחורה אויף א וועקסעל. אין טאַמאַשאַוו בעקומט קרעדיט נאָר א סאָלידע פירמע מיט א לאנג־יעהריגען גוטען נאָמען.

דער יודישער פאבריקאנט אין טאַמאשאוו איז מעהר „דייטש", דאָס לעגט א געוויסען שטעמפּעל אויף דער פיזיאָנאָמיע פון'ם שטעדטעל. דער אלט־פרענקישער פּויליש־רוסישער שטויגער איז דאַ כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען. שבת מעגט איהר געהן פראנק און פריי מיט א שטעקעל, און קיינער וועט ניט וואגען אייך אָנצוריהרען, ווייל דער בעל־הבית אין שטעדטעל איז דער „דייטש". די לאנגע קאַפּאָטע מיט דער קליינער היטעלע איז פּאַלקאם אויסגעמישט מיט'ן קאפּעליוש און קורצען ראָק.

זינטערע יסודות, ברייננגען אונזער יוגענד נעהנטער צו דער נאטור, צו דער מוטער־ערד, האָט די טשענסטאָחאָווער שול פאַר גערטנעריי און בלומען־צוכט געקאָנט דערוויייזען אונז, אין אָט דער הינזיכט, זעהר א גוטען דיענסט. אזוינע שולען, ווי אין טשענסטאָחאָוו, דארפען גענרינדעט ווערען אין ווילנאָ פאַר לי־טאָ און, ווענינסטענס, נאָך איינע אין זיד־רוסלאנד. די תלמידים, וואָס האָבען געענדיגט די שול, האָבען געקאָנט דינען פאַר א גוטען שטאָף, צו בויען מיט זיי יודישע גערטנער־קאָלאָניעס ארום די גרעסערע שטעדט אין תחום, אָדער אין די קלענערע שטעדט־לעך, וואָס שאפען גינסטיגע בעדינגונגען פאַר אזא בעשעפטי־גונג.

צו טאָג. בעזונדערס איז געדריקט די שטימונג ביי דער מאַסע, איבערהויפּט ביי דער יוגענד.

---

עטליכע וויאָרסט אונטער טשענסטאָחאָוו געפינט זיך די יודישע גערטנער־און בלומען־פּלאַנצונג־שול פון יק"א. דאָס איז דאָכט זיך, די איינציגע יודישע שול פאַר גערטנעריי און בלומען־קולטיווירונג. ווענען דער דאָזיגער שול ווערט כמעט קיינמאָל א וואָרט ניט דערמאָהנט אין דער יודישער פּרעסע. און דאָס איז א שאָד. ווארום די שול פערדיענט, אָהן א ספק, אונזער ערנסטע אויפמערקזאַמקייט.

איך האָב בעזוכט די שול. זי געפינט זיך אויף א מאָגער שטיקעל ערד. נאָר א דאַנק דער איבערגעבענקייט און מיה פון איהר פערוואַלטער, אנראַנאָם שניאורסאָן און דעם פליים פון די שילער, האָט זיך איינגעגעבען צו פערוואַנדלען אָט די אַנשטאַלט אין איינע פון די מוסטערהאפטעסטע אין פּוילען און גאַנץ רוסלאַנד. אפילו די פּוילישע געזעלשאַפט, איבערהויפּט די ארומיגע פּוילישע גוט־בעזיצער בעציהען זיך צו דער שול מיט רעספּעקט. די שול האָט אין שטאָרט אַן איינגענעם מאגאזין, וואָס פערקויפט א גאַנץ יאָהר לעבעדיגע בלומען, און זומערצייט — גאַרטען־פּרוכטען. דער מאַגאַזין לייזט גאַנץ גוט און איז א היבשע שטיצע פאַר דעם ביודזשעט פון דער שול. אין איהר איז איינגעפיהרט דאָמפּף־בעהייצונג יק"א'ס פערמע, דערנע איינגריכטונגען. דאָס איז די איינציגע יק"א'ס פערמע, פון וואַנען די שילער צולויפען זיך ניט, בעציהען זיך ערנסט צו זייער לעהרע און ענדיגען די שול. נאָכ'ן ענדיגען קריגט יעדער שילער לייכט בעשעפטיגונג אין אויסלאַנד (אמעריקא און אייראָפּא) און אפילו אין פּוילען און רוסלאַנד גופא, און פערדיענט גאַנץ גוט. וואוהין דער שיקזאַל זאָל די שילער ניט פערוואָרפען, נאָכ'ן ענדיגען, בעהאַלטען זיי שטענדיג און אומעטום א טרייען צובונד צו זייער שול און שטעהען אין שטענדיגען בריעף־וועקסעל מיט זייערע לעהרער און פערוואַלטער.

איצט, ווען ביי אונז שטעהט אויף דער טאָגעס־אָרדנונג די פראַגע ווענען איבערבויען אונזער עקאָנאָמיש לעבען אויף נע־

טאַחאָוו איז געוואָרען כמעט דער איינציגער פּונקט אין רוסלאַנד אין דער אויסאַרבייטונג פון צעלאַלואיד־אַרטיקלען. א סך פון זיי ווערען אַבגעזעצט דאָ אויפ'ן אָרט. די קאַטוילישע וואַנדערער קויפען זיי גערן צוזאַמען מיט די הייליגע בילדער—פּרעזענטען אַהיים פאַר די קינדער. נאָר מעהרסטענס ווערען די צעלאַלואיד־סחורות פערקויפט אויסענגווערטס, אין אַלע עקען רוסלאַנד. דאָס וואָלט געווען נישקשה. הערשט אָבער דאָ, ווי אין יעדער פּראָדוקציע, וואָס פאַלט אריין ספּעציעל אין יודישע הענד, א שרעקליכע אַנאַרכיע און קאָנקורענץ. די דאָזיגע אינדוסטריע ברויכט ניט קיין טייערע מאַשינעס, קיין גרויסע הוצאות, איז יעדער אַרבייטער, וואָס האָט חתונה, און בעקומט א פּאָר הונדערט רובל נדן, עפענט ער פאַר זיך א פאַבריקעל. זיינע אַרבייטער אין א פּאָר יאָהר אַרום טוען דאָס זעלבע. די קאָנקורענץ וואַרפט די פּרייזען אונגעהויער און דורכדעם פאַלט די קוואַליטעט פון דער סחורה. אַלס ביישפּיעל קאָנען דיענען די קראַגען, הערצלעך און מאַנזשעטען פון צעלאַלואיד. די אויסלענדישע (שווערישע) האָבען פריהער געקאָסט פון 75 קאָפּיקעס ביז א רובל א שטיק. היינט פערקויפט מען דיזעלבע סחורה פון טשענסטאָחאָווער פאַבריקאַציע צו 15 קאָפּיקעס א שטיק. אָבער וואָס פאַר א סחורה איז דאָס! אום צו מאַכען א סוף צו דער אונענדליכער קאָנקורענץ, האָבען די יודישע פאַבריקאַנטען בעשלאָסען אַרויסצוואַרפען די יודישע אַרבייטער און נעהמען אויף זייער פּלאַץ קריסטליכע. עס איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָחאָוו א סדרה פון לאָקאוטען, אויף דעם באָדען פונ'ם יודישען עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם. די יודישע אַרבייטער זענען זעהר פּעסימיסטיש געשטימט. מ'איז זיכער, אַז אין א קורצער צייט וועט דאָ אין צעלאַלואיד־פאַבריקען, א חוץ די פאַבריקאַנטען, ניט בלייבען קיין איין יוד.

אָט אַזוי פאַלט די לעצטע שטיצע פון דער עקאָנאָמישער יודישער עקזיסטענץ אין א גרויסער פּוילישער שטאָדט. פריהער, צי שפּעטער וועט דער טשענסטאָחאָווער יוד זיך מוזען נעהמען צום וואַנדער־שטעקען. די עמיגראַציע פון דאַנען ווערט שוין איצט, ווי איך האָב פריהער אָנגעוויזען, שטאַרקער פון טאָג

דערמיט קריסטען, אינדירעקט אבער אויך יודען. אמאָל האָבען זיך יודען בעשעפטיגט אויך מיט דעם האנדעל פון די הייליגע בילדער. היינט איז דאָס זייער שטרענג פערבאָטען. נאָר די אויסארבייטונג פון ראהמען צו די בילדער געפינט זיך כמעט אינגאנצען אין זייערע הענד. זיי פערקויפען די ראהמען אנגראָ צו די קריסטליכע בודען־האלטער. א חוץ דעם שטעלען צו די יודען די רויהע שטאָפען, וואָס זענען נויטיג פאר דער אויסארבייטונג פון די הייליגע זאכען.

אָט אזוי האָבען זיך יודען געלעבט אין טשענסטאָחאָוו ניט שלעכט ביז דאָ ניט לאנג, האָבען געלעבט אין פריעדליכע בעציהונגען אי מיט דער היגער שטענדיגער קריסטליכער בעפעלקערונג, אי מיט די צייטווייליג־אָנקומענדע פרומע בעזוכער פון די הייליגטימער. זינט אבער די לעצטע עטליכע יאָהר איז דאָ געקומען א שארפע ענדערונג אין דער יודישער לאגע. די קסיאָנדזען פיהרען א שטארקע אגיטאציע געגען די יודען. יודישע גאסט־הייזער ווערען כמעט ניט בעזוכט. פון דעם פילגרים׳ס אָנקומען ביז זיין אָבפאָהרען געפינט ער זיך אונטער דער אויפזיכט פון די גלחים. אלץ, וואָס ער בעדאַרף האָבען, ווערט פאר איהם בעזאָרגט דורך קריסטען. און נאָר אין א נויט, ווען אלע קריסטליכע גאסט־הייזער זענען געפאקט, ערלויבט מען דעם פילגרים זיך ביי א יודען אָבצושטעלען, אָדער געבען צו לייזען א יודישען קרעמער און בעל־מלאכה.

אין דער עקאָנאָמישער לאגע פון דער טשענסטאָחאָווער יודישער בעפעלקערונג איז דעריבער אָנגעקומען א שארפער קריזיס. צום טייל וואנדערט מען אויס פון דאנען: די קיין ווארשוי און לאָדז, אנדערע ווייטער — צו דער גרעניץ — קיין בענדין, סאָסנאָוויץ. די, וואָס בלייבען, זענען געצוואונגען צו נעהמען זיך פאר נייע פרנסות און מלאכות.

אזוי האָט זיך די לעצטע יאָהרען דאָ איינגעפיהרט א נייע פראָדוקציע, וואָס ליעגט אויסשליסליך אין יודישע הענד. עס ווערען דאָ פאבריצירט פערשיעדענע גאלאנטעריי־ארטיקלען און שפיעל־זאכען פון דעם כעמישען שטאָף צ ע ל אָ ל ו א י ד. אָט די פאבריקאציע האָט זיך דאָ אזוי ענטוויקעלט, אז טשענס־

# ביי גאָט'ס מוטער אויף קעסט.

ביז מיט א יאָהר 40—50 צוריק איז טשענסטאָחאָוו גע־ווען איינענטליך א דאָרף ביי די רואינען פון דער אלטער בע־ריהמטער פעסטונג און היילינגטום. מיט דער אויפבויאונג פון דער ערשטער אייזענבאהן אין פוילען (ווארשוי־וויענער באהן־ליניע) האָבען זיך אנגעהויבען ציהען אלץ מעהר און מעהר פרומע קאטאָליקען, עולי־רגל, צום היילינגען אָרט. זייער צאָהל האָט מיט דער צייט דערגרייכט איינינגע מיליאָן א יאָהר. די מאסען פרומע וואנדערער האָבען ביסלעכווייז צוגעצויגען אין טשענסטאָחאָוו א גרעסערע שטענדיגע בעפעלקערונג — קריס־טען און יודען. איצט איז שוין דאָס א גרויסע שטאָדט מיט א בעפעלקערונג פון 80 טויזענד, דערונטער א דריטעל יודען. ביי־דע, אי די קריסטען, אי די יודען, זענען אין זייערע לעבענס־מיט־לען איננאנצען אָבהענגיג פון די טויזענדער פרומע קאטוילישע פּילגרימען, וואָס קומען טאָג־טעגליך אהער פון אלע עקען וועלט. פאר אזוינע מאסען מענשען דאַרף מען האָבען: גאסט־הייזער, רעסטאָראנען, קראָמען מיט אלערליי לעבענס־מיטלען, קליידער, שיך א. א. וו. א חוץ דעם געהט־אָן א גרויסער האנדעל מיט אלערליי היילינגע בילדער און אנדערע סובענירען. דאָס ווערט אלץ געארבייט און פערקויפט אין מאסען גרויסע און קליינע בודען, וואָס רינגלען ארום דאָס היילינגטום פון אלע זייטען. דער אומזאץ פון היילינגע בילדער און סטאַטועז אליין בעטרעפט הונדערטער־טויזענדער רובל א יאָהר. דירעקט בעשעפטיגען זיך

האָב געוואוסט, אַז ער האָט געהאַנדעלט מיט קליידער און ער האָט געוואוסט, אַז איך האָב געהאַלטען אַ צייטונגס־טישעל —
נאָר אונזער געשפּרעך האָט איבערגעריסען דער אריינגעקומענער קאָנדוקטאָר. ער האָט בעמערקט ניט ווייט פון מיין לאַנדסמאַן אַ צו־גרויסען קאָרב.

— וועמעס קאָרב איז דאָס? — האָט ער זיך צושריען, ווענדענדיג זיך, איך ווייס ניט פאַרוואָס, דוקא צו מיין לאַנדסמאַן. — דיין קאָרב?!

— נאָו — האָט מיין לאַנדסמאַן געענטפערט.

— דיין קאָרב, צי ניט? פרעג איך, — איז צוגעשטאַנען דער קאָנדוקטאָר נאָך שטאַרקער.

— נאָו, — האָט זיך געהאַלטען ביי זיינס מיין לאַנדסמאַן.

— נאָו! נאָו! — האָט איהם איבערגעקרימט דער קאָנדוקטאָר, — וואָס נאָקעסטו?! איך פרעג דיך: דיין קאָרב, צי ניט?

— נאָו! — האָט זיך גע'עקשנ'ט מיין לאַנדסמאַן.

דער ליבויער „דייטש“ האָט זיך ענדליך אַנגעשטויסען און ערקלערט דעם קאָנדוקטאָר, אַז דאָס איז אַן „אמעריקאַנער“ און רעדט אויף „אמעריקאַניש“.

דער קאָנדוקטאָר האָט מיט אַ פערדעכטיגען בליק אַ מעסט געטאָן מיין לאַנדסמאַן פון קאָפּ ביז די פיס, האָט אויסגעשפּיגען און געזאָגט, אוועקגעהענדיג:

— אמעריקאַנעץ! איך קען זיי, די חברה, דריי טעג מיט אַ נאַכט איז אמעריקאַ געוועזען און האָט שוין פערגעסען רוסיש צו ריידען.

— פויערשער קאָפּ!... — האָט איהם דער לאַנדסמאַן נאָכגעוואָרפען און איינגענורעט דעם קאָפּ אין בוזעם צו כאַפּען אַ דרעמיל.

לאנדסמאַן פון אמעריקא, בין איך געווען זעהר צופריעדען און האָב, ליעגענדיג אויבען אויף דער באַנק, זיך גענומען צוהער־רען אויפמערקזאַם, וואָס מיין לאַנדסמאַן וועט ווייטער זאָגען. נאָר מעהר האָט ער נישט גערעדט.

ער איז געזעסען אונטער מיין שלאָף־באַנק. איך האָב איינ־געבויגען דעם קאָפּ און איינגעקוקט זיך אין איהם. דאָס איז גע־ווען א יודעל פון א יאָהר 50, גרויליך, אבער נאָך גאַנץ שטייף, מיט א קורצען האַלז, א קליינעם קאָפּ און דורכנעהמענדיגע אויגלעך, וואָס קוקען אויף אייך אזוי ווי אַן א זייט.

— וואָס הערט זיך אין אמעריקא? — האָב איך, אראָב־בויגענדיג פון מיין אויבערשטער באַנק דעם קאָפּ צו מיין לאַנדס־מאַן, געפרעגט.

ער האָט פערוואונדערט א קעהר געטאָן דעם קאָפּ צו מיר ארויף און געזאָגט:

— פון וואַנען ווייסט איהר, אז איך בין געווען אין אמע־ריקא?

— איהר זעהט דאָך, אז איך וויים, — האָב איך מיט א כלומר'שט געהיימניספולען טאָן געענטפערט. — א וועלט שלאָפט נים. ווי לאַנג זענט איהר געווען אין אמעריקא?

מיין לאַנדסמאַן האָט אין מיר איינגעשפּאַנט זיינע אוי־גען מיט פערדאַכט און גאָרנישט געענטפערט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען, אַנגעצונדען א שוועבעלע און צוגעטראָגען נאָהנט צו מיין פּנים. די פיזיאָגנאָמיע מיינע האָט איהם אפּנים אביסעל בערוהיגט און ער האָט נאָך א לאַנגער פּויזע געענט־פערט:

— דריי יאָהר.

— און ווי לאַנג, אז איהר זענט פון דאָרט?

מיין לאַנדסמאַן איז ווידער געוואָרען פערדעכטיג און אַנ־שטאָט צו ענטפערן האָט ער געפרעגט:

— וואָס מאַכט דאָס אייך אוים?

אום צו בערוהיגען איהם, האָב איך איהם געמעלדעט, אז איך בין אויך געווען אין אמעריקא.

און ביסלעכווייז האָבען מיר זיך פונאַנדערגערעדט. איך

מיר בלוט... אלע טאג... טעפ בלוט... געווארפען זיך צום דאָק־טאר פון שטעדטעל... גענאַסען אין זיך רפואות — נישט געהאָל־פען! א יאָהר האָב איך זיך אזוי געמאטערט צווישען לעבען און טויט, און אין דעם יאָהר בין איך, אט ווי איהר זעהט, גרוי געווארען, ווי א זקן פון 70 יאָהר. בין איך געלאָפען קיין ווארשוי. דאָרט בין איך געלעגען אין שפּיטאָל 6 וואכען. געמאכט מיר אן אָפּעראציע. איך בין צו זיך געקומען, אנגעהויבען עסען... עס וואָלט מיר גאָר גוט געהאָלפען, ווען איך וואָלט געקאָנט ליע־גען אין שפּיטאָל נאָך א פּאָר וואכען. האָט מען מיך פאַר דער צייט אויסגעשריבען. דערנאָך האָט זיך געמאכט א צוטשפּעניש מיט א בלינדער קישקע. ווייטער געלאָפען קיין ווארשוי. אבער קיין אָפּעראציע האָב איך שוין איצט ניט געלאָזט מאכען. ווי גאָט וועט געבען... אט אזוי לעבט מען ווי עס איז. און אז איהר וואָלט מיך זעהן מיט דריי יאָהר צוריק, וואָלט איהר מיך ניט דערקענט. א גבר געווען... אז גאָט וויל אָנשיקען, שיקט ער אן א ציענ...

דער עולם האָט מיט מיטגעפיהל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. נאָר אין מיטען איז גאָר פינסטער געווארען. די צוויי ליכט איןביידע זייטען וואגאָן זענען אויסגעגאנגען. די פּאסאזשירען האָבען גענומען בטל'ן צום קאָנדוקטאָר'ס קאָפּ, וואס ער לאָזט אין דער פינסטער. איינער האָט אנגעצונדען א שוועבעלע. א צווייטער איז געגאנגען זוכען דעם קאָנדוקטאָר. ער איז געקו־מען מיט צוויי קורצע ליכטלעך אין דער האנד. נאָר איידער ער האָט זיי אנגעצונדען, האָט ער פריהער ביידע ליכט אונטערגע־שניטען און האַלבע גענומען מיט זיך. אזא גנבה, פאר אלעמען אין די אויגען, האָט די פּאסאזשירען אויפגעבראכט. האָט מען אנגעהויבען שמועסען אויף דעם טעמא, ווי אזוי די קאָנדוקטאָ־רען זענען גנבים. איין יודעל האָט איהם גענומען פערטיידיגען: ער קריעגט אודאי דריי אָדער פיער קארבאָנצעס א וואָך „ווייַ־דזשעס"*) און „ספּענדען" ספּענדט**) ער צעהן, מוז ער דאָך פון ערגיץ נעהמען. אנשטויסענדיג זיך דאָ אומגעריכט אויף א

*) געהאלט. **) אויסגעבען.

— וואס איהר הערט. איך בין אזוי גרוי געווארען היינטיגס יאהר.

— פון שאמפאניער, — האט איינער בעמערקט אין געלעכ־טער.

— יא, פון שאמפאניער, — פון צרות!

— וואס־זשע האט אייך געטראפען? — האט דערזעלבער יוד, וואס האט געזאגט „פון שאמפאניער", מיט מיטלייד גע־פרעגט.

— גארנישט, פון א ציעג...

— וואס הייסט פון א ציעג?

— א קצב בין איך פון טשיזשעווע, אט דא ניט ווייט, ביי ביאליסטאק. האט זיך געמאכט א טריפה. צוויי ציעגען האב איך געקוילעט, איז איינע געווען כשר און די אנדערע — טרפה. האב איך זיי אויסגעטרייבערט און פארטיג געמאכט, — די, פאר גויים, אויף איין באנק, און י ע נ ע, פאר יודען, אויף דער צווייטער. אליין בין איך אוועק אין גאס און האב פערגעסען אנצוזאגען דער ווייב און קינדער, וועלכע איז די טריפה ציעג און וועלכע די כשר'ע. איך קום אהיים: א געשטארבענער בין איך געווארען — מען האט פערקויפט יודען די טריפה ציעג. וואס טוט מען? ס'איז א שעה פאר ליכט־בענשען.. .צום גליק האט מען פערקויפט דאס גאנצע פלייש פון דער ציעג אין א דארף ניט ווייט: צעהן ווירסט. חאפ איך די קאפאטע און לויף — פערהיטען יודען פון מאכל טריפה. אין דארף איז מען פריה מקבל שבת און גלייך צו דער וועטשערע. קאנט איהר זיך פארשטעלען, ווי אזוי איך בין געלאפען. אהן א נשמה בין איך געקומען... אבער א דאנק גאט — פערהאפט. דאס פלייש — ווי פערשטעהט איהר? — איז שוין געווען אין אויווען... די טעפ — שוין פערפאלען — טריפה! אבער א דאנק גאט, דאס געפעס פערהיט און יודען פון טריפה פערהיט.

צוריק בין איך געקומען שפעט. האב זיך קוים דער־שלעפט, ממש א געשטארבענער. דאס הארץ האט געקלאפט ווי מיט האמערס. עסען האב איך ניט געקאנט. געל בין איך געווא־רען, ווי פארמעט. אויף מארגען האט אנגעהויבען אבצוגעהן פון

בויער יוד, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דעם בעקער איז אָפּנים מעהר געפעלען געוועז דער „דייטש" און גאָר זיך ניט געקימערט וועגען מיר. דאָס האָט מיר הנאה געטאָן. איך האָב געקאָנט פון דער זייט זיך צוקוקען צום רעדנער, ער האָט מיר דערמאָהנט די אמאָליגע בעגייסטערטע, נאַאיווע ארבייטער־רעדנער אויף די אונטער־ערדישע מיטינגען. דיזעלבע תמימות, דערזעלבער גלוי־בען אַן דער גערעכטיגקייט פון דער זאַך, פאַר וועלכער זיי קעמפּפען, דיזעלבע מונטערע האָפנונג און זיכערקייט אין דער צוקונפט.

איינע פון די סטאַנציעס אויפ'ן וועג האָט אריינגעוואָרפען אין וואגאָן א פרישען שטראָם פּאסאזשירען, עס איז געוואָרען א ביסעל א רודעניש, א האמפּערניש אויף די ביינק ארום מיר. אין גיכען האָט מען זיך אבער איינגעזעצט און עס איז ווידער געוואָרען רוהיג. מיין אויפמערקזאמקייט האָט געצויגען אַן אַל־טער גרייז־גראָהער יוד, וועלכער האָט עהרליך־צערטליך זיך גע־עוסק'ט ארום א מיידעל, א טאָכטער אָפּנים. אין דער טונקעלער שיין פון דעם אויסגעהענדען ליכט האָב איך ניט בעמערקט גוט איהר פּנים. באַלד האָט זיך פערבונדען א שמועס צווישען דעם גרייז־גרויען יודען און נאָך א פּאָר אנדערע יודען:

— ס'איז אייערע א טאָכטער? — פרעגט איינער ביים אַלטען יודען.

— ניין, א ווייב.

דער עולם האָט פערוואונדערט געשוויגען. דער אַלטער האָט, אביסעל צו־ריהרעוודיג פאַר זיינע יאָהרען, ארומגעפּאָרעט ארום דער ווייבעל. ער האָט עס אָפּנים בעמערקט און האָט אונז אַלעמען נאָך מעהר איבערראשט.

— וואָס מיינט איהר, בין איך אַלט? — האָט ער זיך געפרעגט ביי דעם יודען, דעם שכן.

— איך מיין, איך וואָלט אייך געבען גוטע 70, — האָט יענער געענטפערט.

— איך בין ערשט אַלט איינגאַנצען 44 יאָהר.

דער עולם האָט זיך פערוואונדערט.

— וואָס רעדט איהר?

ער פערמאָגט. פאַר זיין אָרט וועט ער געהן אין בלוט, וועט אויפרודערן אַלע קאָנדוקטאָרען מיט די זשאַנדאַרמען, ברייננגען דעם נאַטשאַלניק־סטאַנציע אַליין, ביז ער דערשלאָגט זיך זיינע גלייכע רעכט, וואָס דער בילעט האָט איהם געגעבען. קוים האָט ער זיך אָבער בעזעצט, איז זיכער אין זיין פּלאַץ, געהט ביי איהם אראָב דער קוראַזש און ער זוכט שוין עמיצען, וועמען אריינצור־שפּאַרען א ברייטען „שלום עליכם“ און פערפיהרען מיט איהם א שמועס. איז פאַרהאַן א שכן א יוד, איז אודאי גוט. אז ניט, מאַכט נישט אויס א פּויער, א זעלנער, א גלח, אין וואָגאָן איז יעדער יוד אינטערנאַציאָנאַל.

פאָהרען דריי יודען אין איין וואַגאָן, ווערט שוין א קופּ־קע. און עס ווערט געפיהרט א דעבאַטע אויפ'ן יודישען שטויגער. געוועהנליך, איז איינער דער בעל־דברן, דער הויפּט־רעדנער און די איבעריגע וואַרפען אריין צייטענווייז א וואָרט. מעהרסטענס אָבער שאָקעלט מען צו מיט'ן קאָפּ.

בשעת איך בין דאָסמאָל געפאָהרען אין וואַגאָן, איז דער הויפּט־רעדנער געווען א וואַרשויער בעקער. ער האָט דערצעהלט וועגען זיין דיענסט אין מיליטער; וועגען דעם, וואָס אין וואַר־שוי האָט זיך געטאָן אין „די פרייע טעג“, און ווי דער יקרות איז מורא'דיג גרויס, — אז א דירה, וואָס האָט אמאָל געקאָסט 6 רובל, קאָסט איצט 15. ער האָט דערצעהלט וועגען דעם סטרייק און לאָקויט ביי די וואַרשויער בעקער מיט א האַלב יאָהר צוריק; ווי אזוי די בעקער־ארבייטער האָבען אויסגעקעמפּפט אן 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאָג, און ווי גוט דאָס איז געווען פאַר זיי. ווארום דער ארבייטער, — האָט ער ערקלערט זיין שכן פון דער באַנק אנטקעגען — איז שוין ניט ווי אמאָל. ער דאַרף כאָפּען צייט אָבצורוהען, אויסריידען א וואָרט מיט ווייב און קינד, לייענען א צייטונג, א בוך, געהן אויף א פערזאמלונג, הערען א וואָרט.

זיין שכן — א ליבויער סוחר — האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אריינוואַרפענדיג אמאָל א וואָרט, ניט אזוי פון אינטע־רעס, אָדער מיטגעפיהל, נאָר כדי ארויסצעווייזען זיין „דייטש“. איך בין געזעסען אָן א זייט און האָב אויך, אזוי ווי דער לי־

# פון א ציעג.

(וואגאָן־בילדער).

אין א אייראָפּעאישען אדער אמעריקאנישען וואגאָן קאָן אייער אויג און אויער ווענינ שטאָף האָבען פאר איינדריקע. דאָרט איז דער פּאסאזשיר ציוויליזירט. דער ציוויליזירטער פּא־סאזשיר איז איינגעוויקעלט אין זיעבען וויקעלעך, איז אָבגע־צאמט פון אייך מיט זיעבען גלעזערנע ווענד. איהר קאָנט איהם זעהן און הערען און קיינמאָל ניט וויסען: ווער איז ער און וואָס איז ער? איהר ווילט איהם אריינשטעקען א ברייטען יודישען „שלום עליכם“ און פרעגען: פון וואנען איז א יוד? נאָר אנ־שטאָט א צוטרוויליך־היימישען „עליכם־שלום“, לייענט איהר אויף זיין פּנים דעם פרעמד־פּראָסטיגען: „מיינד יור אָון ביזנעס“... ס'הייסט אויף פּראָסט יודיש: וואָס נעהט עס אייך אָן?

גאנץ אנדערש איז אין א רוסישען וואגאָן. דאָס איז נח'ס קאסטען. יעדער פּאסאזשיר ברייננט אהער זיין עלענד און זיין רעכטלאָזיגקייט פון דער היים און גאָרט נאָך א פרייפדליך וואָרט. דאָ איז יעדען פּאסאזשיר'ס נשמה (איך מיין דאָ נאַטיר־ליך, די ווענינ ציוויליזירטע פּאסאזשירען פון „דריטען קלאס“) ענטבלויזט, ווי אַן אויסגעקעהרטער פעלץ. איהר קאָנט זי בע־טראכטען פראנק און פריי פון יעדער זייט. שטאָלצער פון אנ־דערע איז דער יוד אין וואגאָן — ווייל אין וואגאָן, האָט ער כאָטש א שאָטען פון גלייכע רעכט מיט אלעמען. און ער קעמפּפט פאר זיין אָרט, פאר זיין באנק מיט אלע קרעפטען, וואָס

— וואס הערט זיך ביי אייך אין שטעדטעל? — האב איך געפרעגט.

— איהר ווייסט, פאניע, — האט מיר דער קליינער ציי־טונגס־פארקויפער גלייך רעפארטירט — אז דעם דענטיסט'ס פאטער איז געשטארבען.

— וואס רעדסטו?!.. — האב איך געפרעגט איבערראשט.

— נו, און „חברה קדישא“?

— „חברה קדישא“ האט געפאדערט אנדערהאלבען טוי־זענד רובל. צוויי טעג איז געלעגען דער מת. ניט געוואלט מקבר זיין. הונדערט האט שוין דער זיהן גיבוטען און אויף צוויי הונ־דערט א וועקסעל. ווי? גאר נישט געוואלט הערען! כאפט ער, דער זיהן א בראונינג און אנגעלאדענעם, לויפט אריין צו „חברה קדישא“: שוין זאלט איהר, נידערטרעכטיגע קערלס, דעם טאטען מקבר זיין. איהר הערט? אז ניט שיס איך אייך אלע־מען ווי די כלבים! שוין זאג איך!...

דער בראאונינג האט געהאלפען. „חברה קדישא“ האט זיך דערשראקען און איז גלייך אוועק מקבר זיין דעם טויטען. דער־פאר האבען זיי געהוליעט פאר די הונדערט רובל צוויי נעכט נאכאנאנד.

דיגער, און גאָר ניט געקלערט וועגן שטאַרבן. מ׳האָט זיך גענומען צו איהם מיט אַלע כלים. זיין הויז איז כמעט טאָג און נאַכט געווען ארומגערינגעלט מיט א נעץ פון שפּיאָנען, וואָס האָ־בען געמעלדעט יעדע בעוועגונג ביים קראַנקען אין שטוב. האָט מען נאָר דערשפּירט, אז מ׳האָט צו איהם גערופען א דאָקטאָר, גענומען פאר איהם מעדיצין, אָדער געגאַנגען נאָך אייז, איז דעמזעלבען אָוועגד שוין געווען ביי „חברה“ אַן אסיפה און מ׳האָט ביז שפּעט אין דער נאַכט אריינגעדעבאַטירט די איינ־צעלהייטען פון דעם „געשעפט“ וואָס מ׳וועט דאָ מאַכען.

אָבער עס האָט זיך אויך דאָס מאָל אַרויסגעוויזען, אז „חברה קדישא“ האָט געלעבט אין א ביטערן טעות. דער אַלטער האָט אין אַזאַ צושטאַנד געזשיפּעט יאָהרען־לאַנג. דער קראַנקער — האָט מיר זיין זוהן דערצעהלט — איז גאָר ניט געווען שטאַרק קראַנק. ער האָט געהאַט א מין מיחוש, אַן איינגעבילדע־טע קרענק, אז ער קען ניט געהן. אפּעטיט האָט ער געהאַט מעהר פון א געזונטען. טאָג און נאַכט פלעגט ער ליגען אין בעט, און אויפשטעהן נאָר צום עסען. אין אַזאַ צושטאַנד איז ער שוין אָבגעלעגען צעהן יאָהר, און דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אז ער קען נאָך לעבען וועניגסטענס א יאָהר צוואַנציג, ווייל ער איז נאָך געווען א מיטעלער מענש און קראַנקע פון אַט ד ע ם מין ציהען, בכלל, לאַנג. מיר האָבען ביידע, איך און דער דענטיסט, געלאַכט מיט א געלעכטער פון נקמה איבער די „חברה קדישא“, וואָס האָט געגעהט ניט קיין בייטעל נאָר א זאַק פון דעם פּע־טען „בר מנן“, וועלכער האָט גאָר ניט בדעה געהאַט אריינצו־פאַלען צו זיי אין די צייהן.

---

**אין א האַלב יאָהר אַרום, נאָך אַט די לעצטע געשעהעניסען אין שטעדטעל בין איך געווען אין וואַרשא. פאַהרענדיג פון דאָרט צוריק, האָב איך אין וואַגאָן, מיך בעגעגענט מיט׳ן שטעדטעל־דיגען קליינעם צייטונגס־פאַרקויפער, וואָס פלעגט מיר אריינ־טראָגען בלעטער, און פלעגט מיר, אגב, אַפּט דערצעהלען שטעדטעלדיגע נייעס.**

---

טע צייט, און קען אזוי אנשטאט צו קומען אין גן־עדן ארײַנפאַ־
לען דעם טייוועל אין די הענד... מ׳האט געמוזט דינגען וועכטער
היטען דעם מת. דאס האט ווידער געקאסט פינף רובל א וואך.
אט דאס געלד איז שוין געווען אונמעגליך צו קריגען ביים פּראַ־
צענטניק. דא האט שוין שטעדטעל געמוזט מאכען א וואכער פון
באלעבאטים. פארשריבען האט זיך יעדער באלעבאס. דער עולם
האט מיט אונגעדולד געווארט אויף א פרישען מת, וואס זאל
פארשפּארען די וועכטער היטען דעם ערשטען מת, און דער
שטעדטעל — צאהלען וואכער. ווארום ווי נאר עס ליגען אויפ׳ן
„בית עולם" צוויי מתים, היטען זיי שוין איינער דעם אנדערן,
און מ׳דארף קיין וועכטער ניט. אזוי גלויבען די פרומע יודען.

ווארטען האט מען געמוזט אייניגע מאנאטען. אין שטעד־
טעל איז געשטארבען א קינד פון עפּעס אן ארימען בעל מלאכה.
„חברה קדישא" האט געבענשט די אונגליקליכע עלטערן פון
קינד מיט פינף און צוואנציג רובל קבורה געלד. מ׳האט זיך
געדרונגען א טאג נאך אנאנד און די עלטערן האבען געמוזט
בעצאהלען פופצעהן רובל. דאס איז געווען דער ערשטער פער־
דינסט פון „חברה קדישא". פאר איהר, ווי פאר גאנץ שטעד־
טעל, איז דער טאג געווען אן אמת׳ע שמחה. דאס געשטארבענע
קינד האט זיי פארשפּארט פינף רובל א וואך. יעצט האט מען
זיך געפיהלט שטאלץ און געהויבען. עפּעס איז מען שוין מיט
לייטען גלייך. מ׳האט אלע איינריכטונגען, וואס א יודיש שטעד־
טעל דארף: מ׳האט אן איינגענעם „בית חיים". דעמזעלבען
אווענד האט חברה געמאכט א הוליאנקע. אבער די פופצעהן
רובל האט געקלעקט אויף א צאהן... אין א מאנאט ארום האט
זיי גאט צוגעשיקט נאך א מת׳ל. עס איז געשטארבען נאך א
קינד פון אן ארבייטער, א שניידער, א סאציאליסט — פון דער
פּוילישער פּארטיי „פּראלעטאריאט". דער ארימער ארבייטער
האט פּראטעסטירט, אבער — גאר נישט געקאנט מאכען. ער
האט געמוזט צאהלען די גאנצע פינף און צוואנציג קארבען.
אבער אויף ד ע ר פינף און צוואנציגער האט בלויז צורייצט
דעם אפּעטיט פון „חברה קדישא". דער רעכטער העכט, דעם
רענטיסט׳ס פאטער, איז נאך אלץ געלעגען צו בעט א לעבע־

לע אבגעגעבען זיי פאסען די קליינע „חברה ליים". אז מ'האט די גאנז פאר די אויגען איז עפעס גרינגער אויפ'ן הארצען... כאטש זי איז א לעבעדיגע... א פאר האט מען געקוילעט און גע־מאכט א קליינע רעפעטיציע מיט א פיינע ביסעל משקה.

צו דער אונבעשרייבליכער שמחה פון די „חברה קדישא", האט זיך פלוצלינג, גאנץ אונגעריכט געיאוועט אין שטעדטיל א „בר מנן" פון די דאטשניקעס. וואס דעמאלט האט זיך אב־געטאן אין שטעדטעל, איז שווער צו בעשרייבען. דאס שטעדטעל איז געגאנגען כאדאראם. פון דעם ערשטען „בר מנן" קען מען קיין ביינדעל ניט אבלעקען. ווארום קיין יוד וויל ניט מחנך זיין א נייעם „בית עולם" מיט א מת פון זיין פאמיליע. מען גלויבט, אז דאס איז א שלעכטער סימן פאר די לעבעדיגע. און שטעדטעל איז אנגעקומען מיט גרויסע צרות, ביז מ'האט גע־פועלט ביי דעם פערשטארבענעם'ס ווייב און קינדער, זיי זאלען „מנדר" זיין זייער מת אויף שטעדטעל... מ'האט זיי, ווי דער מנהג איז, צוגעזאגט „הרים וגבעות": צעהן ארשין ארום דעם מת' קבר, וועט מען לאזען לעדיג פלאץ פאר די יורשים, אי־בער „הונדערט און צוואנציג יאהר", גאר אהן א קאפיקע געלד... טאמער וועלען זיי ניט וועלען, צו ניט קענען דארטען אליין ליע־גען, וועט מען, אלענפאלס, קיינעם ניט לעגען אהן זייער ערלויב־ניס. גאנץ שטעדטעל האט צוגעמאכט די קראמען. עס איז אין שטעדטעל א נפש ניט געבליבען, וואס זאל ניט נעהאט געהן נאך דער לויה. אויפ'ן „בית חיים" האט מען ארומגערעדט מיט גרוים התלהבות אלע איינצעלהייטען פון די תנאים, וואס די יורשים האבען אויסגענומען, און וואס זיי האט געקומט על פי דין. איך האב שיער דורכגעלאזען די געשיכטע מיט דער דעפו־טאציע, וואס שטעדטעל האט געשיקט צום פריסטאוו, אין אויעזד, מיט פופציג רובל כאבאר אויף אן ערלויבעניש צו עפע־נען דעם „בית חיים"; און ווי אזוי די דעפוטאציע האט דאר־טען געסנאסקעט אויף דעם חשבון פון קהל. די שמחה איז אבער געווען ניט קיין גאנצע. דעם ערשטען מת אויף א נייעם בית עולם טאר מען ניט לאזען אליין. שדים און מזיקים קענען האבען שליטה אויף דער נשמה, וועלכע בלאנדזשעט ארום קבר די ערש־

געלעגן שוין עטליכע יאָהר צו בעט. פוןביידען האָט מען געקענט בעקומען ווי גאָר גישט — צו הונדערטער, און — איהר קענט אליין פארשטעהן, וואָס א קליינשטעדטעלדיגע „חברה קדישא" קען צוטאָן פאר א הונדערטער. בעזונדערס האָט געציטערט דאָס הארץ פאר דעם צווייטען, דעם קראנקען. ער האָט געקענט אלע טאָג נפטר ווערען. און פון איהם האָט מען זיך געריכט אָבלעקען א ביינדעל. ווארום ער האָט געהאט צוויי זיהן „דאטשען"— איינעם אן אפטייקער און איינעם א דענטיסט.

מ'האָט זיך אלזאָ געמוזט שטארק צואיילען, און אזוי איז בעשאפען געוואָרען די „חברה קדישא". מ'האָט געמאכט נאָך א וואָכער; גענומען ביי דעמזעלבען פראַצענטניק נאָך א פּאָר הונדערט קארבען; געקויפט א שטיקעל פלאַץ, אוועקגעשטעלט א שטיקעל צאהם פון עטליכע ברעטער, און גענומען ווארטען מיט גרויס אונגעדולד אויף די קאנדידאטען.

איבריגענס איז „חברה קדישא" לעדיג ניט געזעסען. א פּאָר חברה לייט האָט מען בעשטימט פאר „שומרים". זייער אויפגאַבע איז געווען צו שפּיאָנעווען ארום דער וואוינונג פון דעם מעהר זיכערן קאנדידאט, וואָס איז געלעגן צו בעט, און ברייננען טעג־ליך די פּאָסט וואו דאַרטען האלט... אז מ'האָט דאַרטען, ביי'ן קראנקען, גערופען א דאָקטאָר, צי מ'איז געגאנגען נאָך אייז, איז באלד געוואָרען איבער'ן שטעדטיל א מורא'דיגער גערודער. עס־טאַפּעטען זענען געפלויגען אין אלע עקען. דאָקטאָר! אייז! האָט זיך געטראָגען פון מויל צו מויל, מיט אימפּעט, מיט דורש־טיגער נייגעריגקייט און גארענדער איבערראַשונג. אבער אויף צו להכעיס האָט דער קאנדידאט אָפּט געמאכט „חברה קדישא" פריידענס־הארצקלאפּענעם גאָר אומזיסט.

אָט די געשפּאנטע שטימונג האָט ענדליך דערעסען, און מ'האָט בעשלאָסען צו מאכען דערווייל א סעודה אָהן א „בר מנן". מאכען א מין רעפּעטיציע. מ'איז ווידער אוועק צום זעל־בען פּראָצענטניק און, נאָך א סך טענות, האָט דער וואָכערניק ווייטער ארויסגעהאָלפען. ער האָט געליהען אויף „קאטאָרזשנע" צינזען נאָך א פּאָר צעהנדליג רובל. „חברה" האָט געקויפט פאר דאָס געליהענע געלד א סטאדע לעבעדיגע גענז און האָט דערוויי־

חסידישע „בעלי מופת“, וואָס ווערט אויסגעהאַלטען פון אַ גע־וויסע כתה וואַרשעווער חסידים, וועט זיין דערמיט געשלאָסען די קורצע איבערזיכט פון דעם שטעדטעל׳ס פריהערדיגער היס־טאָריע. איך האָב שוין געזאָגט פריהער, אַז ביי מיין אָנקומען אין שטעדטעל האָט די קהילה אָנגעהויבען פערענדיגען איהר פיערטע ענטוויקלונגס־פעריאָדע. אַ שטויגער: האָט אָנגעהויבען קלערען וועגען אַן אייגענעם „בית־חיים“. אייגענטליך האָט זיך די עפּאָכע אָנגעהויבען אביסעל צו פריה און גאַנץ צופעליג: דאָס שטעדטעל וואָלט נאָך גאָר בדעה ניט געהאַט צו קלערען וועגען אַזאַ „ענין“ וואָס איז איבער זייערע קרעפטען. דערצו זענען אַלע אין שטעדטיל, מעהרסטענס, יונגע לייט און ניט ווייט איז וואַרשע און די אויעזדנע שטאָדט ראַדזימין. אָבער עס זענען געווען אין שטעדטעל מענשען געבאָרענע „קהלס־לייט“ און אין ווינטערדיגע נעכט האָט מען ממש ניט געהאַט, וואָס צו טאָן. די צאַנקעריי פאַר׳ן רב, שוהל, גבאות און עליות האָט זיך אַ סך פון זיי צוגעגעסען. מען האָט געמוזט האָבען עפּעס נייעס. עס זענען געבאָרען געוואָרען צוויי נייע חברות „חברה ותיקין“ און „חברה תהלים“ מיט וואַכערס און גבאות און אַלע פּישטשעווער־קעס, טאַקע ווי ביי לייטען. נאָר אַזעלכע חברות האָבען געקענט בעפרידיגען בלויז דעם עהרגייץ פון עלטערע לייט. מיטעלערע מענשען און יונגע לייט האָבען זיך גענויטיגט אין אַ „לעבעדי־גער“ חברה און דאָס איז, פערשטעהט זיך, חברה „קדישא“. דערצו איז געווען שטאַרק די קנאה צו ראַדזימין, וואוהין עס איז אויסגעקומען צו פיהרען דעם „בר מנן“ אין אַ טויטענפאַל. די הכנסה איז אַריינגעפאַלען צו יענער חברה „קדישא“ און אויף אַ שנאַפּס פון דעם „בר מנן“ האָט מען געמוזט וואַרטען אַ גאַנ־צען יאָהר, דאָס הייסט, ביז יאָהר צייט.

אין שטעדטיל זענען, פאַר מיין צייט, געווען צוויי קאַנדי־דאַטען אויף אַ „בר מנן“. איינער פון זיי, אַן אַלטער מאַן, אַ פאַרמעגענדער וואַלהעגדלער, דער איינציגער גביר פון שטעטר־טיל. דאָס איז געווען אַ פעטער העכט... איז נאָך אָבער געווען אַ פעסטער יודעל און האָט געקענט ציהען יאָהרען... דערפאַר אָבער איז דער אַנדערער קאַנדידאַט געווען אַ קרענקליכער און

רובל, האָט ער געגעבען דעם אַלטען רב „אַבטרעטגעלד“ און יע־
נער האָט מיט'ן גוטען ווילען פארלאָזען דאָס שלאַכטפעלד. אַזוי
אָבער ווי זיין פּאַרטיי איז געבליבען, טרעפט ניט זעלטען, אַז ווען
דער רב וואוינט אין א דירה, נעהמט מען און מען דינגט זי אויס,
אָדער מ'רייסט זיך פּשוט אריין צום רב אין הויז און מ'גיט איהם
קלעפּ. דער רב איז אויך ניט פון די דריי א גראַשען. ער רופט
אויס אויף זיינע בעליידיגער א חרם, אָדער ברייננגט פּאָליציי
אין בית המדרש אריין, און דער עולם דאַווענט אונטער דער
השגחה פון די פּאָליציייליכע אָרדנונגס־היטער. די שוהל־עפּאָ־
כע איז אויך פול מיט אַזעלכע „פּאַסירונגען“. די קליינע עדה
פון עטליכע צעהנדליג, דאָס רוב אָרימע יודישע באַלעבאַטים,
איז ניט געווען אין שטאַנד צו בויען א שוהל. האָט זיך געפונען
א בעל־טובה, וואָס האָט אויסגעליהען א רובל־טויזענד. דאָס איב־
ריגע האָט מען אויפגעקליבען דורך וואָכער. דער בעל טובה איז
איינער פון די טיפּישע יודישע פּראָצענטניקעס־קולאַקעס. ער
איז א געוועזענער שוסטער, און די געשיכטע: אויף וואָסער אופן
ער איז פלוצלינג געוואָרען אַן עושר פון עטליכע טויזענד רובל
איז „בעדעקט מיט א נעבעל פון געהיימנים“. אַלענפאַלס זענען
אַלע אין שטעדטעל איינשטימיג אַז — ניט גאָר כשר. די יודישע
בעפעלקערונג פון דעם שטעדטעל, וואָס בעשטעהט מעהרסטענס
פון קרעמערלעך־אביונים און פונקט אַזעלכע אביונים בעלי
מלאכות, ליעגט אינגאַנצען ביי דעם פּראָצענטניק איז די לאַ־
פּעס. ער לייהט יעדערען צו עטליכע צעהנדליג רובל אויף „קי־
רעוואַניע“, אויף „אויסלאַג“ און רייסט פון זיינע קרבנות בלוי־
טיגע פּראָצענטען. פערשטעהט זיך, אַז די שוהל, וועלכע איז
נאָך עד היום ניט אינגאַנצען פערענדיגט, איז אויך פאַרזעצט
ביי דעם בעל־טובה — דעם פּראָצענטניק. אַלץ וואָס ס'קומט
אריין פון די שטעדט, פון די עליות, און אַזוי נדבות געהט אריין
צו איהם אין קעשענע פאַר פּראָצענט. און ניט זעלטען טרעפט,
אַז ער קומט מיט א סודעבני פּריסטאַוו, פער'חתמ'עט די שוהל
אויף וואָכענלאַנג, ביז מ'צאָהלט איהם ניט איין די „ראַטע“. אַז
איך וועל צוגעבען, אַז אין שטעדטעל איז נאָך פאַראַן א חסידי־
שער רבי, עפּעס אַן „אייניקעל“ פון איינעם פון די צעהנדליגער

ליץ האָט איינגעטיילט די קולטור־געשיכטע פון דער גאַנצער מענשהייט אין פיער עפּאָכען: 1) די הילצערנע; דאָס הייסט, ווען מענשען האָבען זיך געשלאָגען מיט העלצער; 2) די שטייר נערנע, ווען מענשען האָבען זיך געשלאָגען מיט שטיינער; 3) די בראָנזענע, ווען מענשען האָבען זיך געקוילעט מיט מעסערס און העק געמאכט פון בראָנז — א געמישעכטס פון צין און קופער; און 4) די אייזערנע עפּאָכע, ווען מענשען טויטען איינע די אַנדערע מיט שווערדען, קוילען און האַרמאַטען — פון שטאָהל און פון אייזען. די ענטוויקלונגס־געשיכטע פון א יודיש שטעדטעל איז שטאַרק עהנליך צו דער אַלגעמיינער ענטוויק־לונגס־געשיכטע פון דער גאַנצער מענשהייט לויט דעם ליץ'ס איינטיילונג. זי האָט: 1) א שוחט־פּעריאָדע, דאָס הייסט, ווען באַלעבאַטים שלאָגען זיך פאַר א שוחט; 2) א רב־פּעריאָדע, ווען באַלעבאַטים שלאָגען זיך פאַר א רב; 3) א שוהל, אָדער עליות־פּעריאָדע, ווען באַלעבאַטים שלאָגען זיך אין שול פאַר עליות; און — 4) א „בית חיים"־פּעריאָדע, ווען די קהילה אַרבייט זיך אַרויף אויף אַן אייגענעם „בית חיים" און מ'רייסט די הויט פון די „בר מנן'ס" פאַר אַן אייביגען מקום מנוחה. בשעת איך בין אַנגעקומען אין שטעדטעל האָט זי שוין געהאַט דורכגעמאַכט די ערשטע דריי עפּאָכען פון „שוחט", „רב" און „שוהל" און האָט געהאַלטען ביי אריינטרעטען אין איהר פערטער און לעצטער פּעריאָדע — די „בית־חיים" פּעריאָדע, וועלכע האָט געזאָלט פערענדיגען איהר קאָמו־נאַלע ענטוויקלונג. די געבורט פון דער דאָזיגער עפּאָכע איז געווען זעהר אינטערעסאַנט און א י ה ר איז אייגענטליך געווידמעט אָט די שילדערונג. וועגען די פריהערדיגע דריי עפּאָכען וועל איך מאַכען בקיצור. לויט ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבען איז געווען א גרויסע און א לאַנגע מחלוקת פון צוויי פּאַרטייען איבער א שוחט. דער קאַמפּף האָט זיך געענדיגט מיט קיינעם'ס ניט זיעג. עס זענען געבליבעןביידע שוחטים, אין א שטעדטיל פון עטליכע צעהנדליג יודישע פאַמיליעס. א סך פריעדליכער איז צוגעגאַנגען די רב־עפּאָכע. דער רב פון דער אָפּאָזיציע האָט ניט געוואָלט קיין מלחמות. ער האָט געהאַט עטליכע הונדערט

# ווי אזוי עס ווערט געבארען א יודיש שטעדטעל אין פוילען.

דאס שטעדטעל, וועגען וועלכען איך וויל דא דערצעהלען, איז א ניי געבארען יודיש שטעדטעל. עס ליעגט איינגאנצען א זעכצען וויארסט פון ווארשוי, אויף פעטערסבורגער באהן. עס האבען דארט געוואוינט בשעת מיין בעזוכען דאס שטעדטעל — א 50—60 יודישע פאמיליען. דאס קליינעצקע יודישע שטעדטעלע ליעגט אלזא ביי ווארשע אונטער'ן נאז. מ'קען עס זאגאר רעכענען פאר א מין פארשטאדט פון ווארשע, ווייל א געוויסע צאהל פאמיליעם — איבערהויפט זומער — האבען זייער בעשעפטיגונג אין ווארשע, פאהרען אין דער פריה צו דער ארבייט און ביי נאכט צוריק. א חוץ דעם ציהען כמעט אלע יודישע שטעדטעל־לייט זייער חיונה דירעקט אדער אונדירעקט פון ווארשע, אדער פון דער באהן און זענען עטליכע מאל א טאג אין ווארשע. אויף אזא נ'אופן דארף זיך דאס היגע שטעדטעל געפינען אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון ווארשעווער קולטורעלען לעבען. אין דער ווירקליכקייט אבער לעבט עס אן אבגעזונדערט לעבען, גלייך ווי אלע פערווארפענע ווינקעלעך פון יודיש־פוילען. ניט דאס גערויש פון ווארשעווער בעוועגונג, ניט דאס גערויש פון די רעוואלוציאנערע דונערן, וואס האבען געקראכט אין די אויערן טאג־טעגליך אין די צוויי יאהר פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע, זענען געוועזען אין שטאנד אויפצו־וועקען די פוילישע חסידים פון זייער טיעפען אלטפרענקישען דרעמיל. א געוויסער

אבער האבען א כאראקטער פון א קאאפעראטיווער ארבייטער־קאלאניע, זיין ווירקליך געבוים היגיעניש און נים ווי די בע־ריהמטע קאזארמע, די אזוי גערופענע „בילינע דירות“, וואס יק“א האט געמויערט אין ווילנא.

בריק. זענען די זומפּען געווען טייכען. וואָס האָבען דאַן געהאַט א שטיקעל קרובה'שאַפט — אמת, א ווייטע — אפילו מיט'ן סאַמע דניעפּר. איצט האָבען זיי דעם נאָמען „טייכען" דערהאַל־טען בלויז אין די מעזעריטשער יודישע גט'ן.

הונדערטער יאָהרען זענען אוועק. יודען האָבען זיך גע־פּרוכפּערט און געמעהרט אין מעזעריטש. אין שטעדטיל איז געוואָרען איינג צום דערשטיקען. ארום האָבען געפּוסטעוועט אויף צעהנדליגע וויאָרסטען די גרינע לאַנקעס. אריבערשפּריי־זען די זומפּען אָבער האָבען מעזעריטשער יודען ניט געטאָרט. דערפון איז געבאָרען געוואָרען שמולעוויזנע...

אמת, אין „יענע טעג" האָבען זיך מעזעריטשער יודען אָב־גערעכענט מיט'ן פּריץ פאַר זייער קרומער „סדום־בעטיל". ניט געבונטעוועט, חלילה, נאָר אָבגערעכענט זיך אויפ'ן כשר'ן אופן.

די מעשה דערפון איז אזוי:

אין דעם קאָנטראַקט, וואָס מעזעריטש האָט געהאַט פון פּריץ, איז געשטאַנען א פּונקט, אז יעדער מעזעריטשער איינ־וואוינער האָט דאָס רעכט צו האַקען אין וואַלד אויף הייצען אזוי פיעל און אזוי פיעל וועגען האָלץ — דאָרע צווייגען, אָבפאַל פון די בוימער. שטעדטיל האָט זיך דאַן גענומען צום וואַלד מיט אזאַ אימפּעט, אז דער וואַלד איז געווען אין סכנה. די אדמיניס־טראַציע האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. ס'שטעהט בפירוש אין קאָנטראַקט... דעמאָלט איז אריין די אדמינסטראַציע פון הויף מיט מעזעריטש אין א פשרה. יעדער איינוואוינער האָט בעקו־מען א שטיקעל פּלאַץ צו בויען זיך ארום שאָסיי, אויסער דעם פריהערדיגער גרעניץ פון שטעדטיל. דערפאַר האָט ער זיך גע־מוזט אָבזאָגען אויף אלע מאָל פון די רעכט אויפ'ן וואַלד. מיט די דאָזיגע פּלעצער וואָלטען זיך די בערשטער געקאָנט בענו־צען, ווען יק"א וואָלט זיי פערהאָלפען ארויסצוקריכען פון שמו־לעוויזנער קברים און בויען פאַר זיך א היגיענישערע ארבייטער־קאָלאָניע, ארום דעם שאָסיי. די בערשטער זענען אימשטאַנד אויסצוצאָהלען די הייזער אין א משך פון 15—20 יאָהר. יק"א וואָלט דערמיט געטאָן זעהר א גרויסע זאַך. די הייזער דאַרפען

איינגשאפט, אז דער גרעסטער אידעאל פון א בערשטער איז צו האבען אן אייגענע „לאך“, ניט דארפען צאהלען קיין דירה־געלד. און דעריבער שפארט דער בערשטער יאהרען־לאנג, ביז ער אר־בייט זיך ארויף אויף אנ'איינגען „קבר“. דער „קבר“ איז אפט א קבר אין פשוט'ן זין פאר זיינע בעוואוינער. אבער אין איין פרט איז דער בערשטער גליקליך, גליקליכער פאר די איינוואוי־נער אפילו פון זאוויערצער „גן־עדן“. פון זיין לאך קאן איהם קיינער ניט ארויסיאגען.

אין שמולעוויזנע, אזוי ווי אין גאנץ מעזעריטש, איז אזא דארעניש און הוילקייט, אז איהר זעהט דא כמעט ערגיץ ניט קיין שפור פון א בוים, פון א גראז. נאר אין איין געסיל, אין א ווינקעל געסיל, שטעהען בעהאלטען, ווי מורא האבענדיג פאר'ן שיין, פאר „עין־הרע“, א פאר בוימלעך. פון וואנען און ווי אזוי קומען זיי אהער, ווייסט מען ניט. שמולעוויזנע איז אבער אזוי נתפעל פון די דאזיגע פאר בוימלעך, אז זי האט מיט גאוה א נאמען געגעבען דאס געסיל „סאדאוואיא“ — גארטען־שטרא־סע, הייסט עס.

ווען איך זאג: אין מעזעריטש איז ניטא קיין שפור פון א בוים און א גרעזיל, מיין איך — אין דעם איינגען, קרומען שטח פון שטעדטיל גופא. אבער ווארפט נאר א קוק אריבער דעם תחום פון שטעדטיל רעכטס און לינקס, זעהט איהר פוןביידע זייטען ברייטע לאנקעס ציהען זיך אהן א סוף.

פארוואס איז דארט, אויסער'ן שטעדטעלדיגען תחום, אזוי גרין, אזוי געדוים און פריי, און דא, אינ'ם געטא, אזא דערשטי־קעניש — דארף קיין קשיא ניט זיין. דאס ערקלערט זיך מיט דער געשיכטע פון מעזעריטש, וואס איז, איבעריגענס, עהנליך צו דער געשיכטע פון א סך אנדערע יודישע שטעדטליך אין תחום.

מעזעריטש שטעהט ארומגערינגעלט פון דריי זומפען. דאס שטעדטיל, צוזאמען מיט די גיטער ארום, בעלאנגען צו א גראף פאטאצקי. יודען איז ערלויבט צו וואוינען בלויז אין דעם שטח פון די דריי זומפען. אמאל, זאגט מען, בשעת דער פריץ אליין האט דא געוואוינט, האט געהאט דא א פאלאץ מיט א הענג־

קער און דיכטער. און א שאַר, וואָס ער איז נאָך ביז איצט ניטאָ. אבער — ער וועט קומען, דער דיכטער און היסטאָריקער פון שמולעוויזנע, און — זי דאַרף און מוז ווערן פעראייביגט.

אום דער לעזער זאָל האָבען כאָטש א ווייטע פאָרשטעלונג פון שמולעוויזנע, וועל איך איהם נאָר זאָגען, אז דאָס איז א הויפען אלטע, האלב־איינגעפאלענע שטיבלעך, וואָס ליגט אָנ־געשטעקט אין שורות איינע אויף דאָס אנדערע און שטעקט איינגאַנצען אין א זומפּ.

דערזעלבער זומפּ דיענט די נארבער פאר א ברונעם צו וויי־קען זייערע פעל, די שטעדטעלדיגע חזרים — פאר א באַד, און שמולעוויזנער בעלי־בתים — פאר א מיסט־קאסטען, ווייל אין שמולעוויזנע איז אזוי איינג, אז פאר א מיסט־קאסטען און אבטריט איז קיין פלאץ ניטאָ. ס'איז א גליק, וואָס אנטקעגען, איבער'ן מארק, שטעהט די אלטע שוהל מיט איהר קהל'שען אָב־טריט, לויפט, מחילה, גאנץ שמולעוויזנע אהין...

אין שמולעוויזנע איז ניטאָ קיין הויפען, קיין טויערן. ס'איז קוים געווען פלאץ פאר די הייזלעך. אז מ'זאָל אויסשטעקען פון איין שטיבעל די האנד, קאָן מען ארייַנפאלען מיט איהר אין דאָס אנטקעגענדיגע שטיבעל איבער'ן געסיל. ס'איז איבעריג צו זאָ־גען, אז מיט א שפרייז קאָן מען פון איין גאניק זיין אויף דעם אנדערן. איבעריגענס, איז דער גאניק אין שמולעוויזנע א פשוט טרעפּיל, וואָס פיהרט ·גלייך אין קיך אריין. און די קיך נופא איז צו דערזעלבער צייט אָפט אי א עס־צימער, אי די פאבריק, אי, ביי־נאכט, א שלאָף־צימער, דעם בערשטער'ס ווייב אָדער טאָכטער קאָן, קראצענדיג די חזיר־האָהר, א בויג טאָן זיך און אכטונג געבען, ווי עס קאָכט זיך דער וואַרמעס, און צוזאַמען מיט איהם, און דערביי טאַקע, דער קעסעל מיט די ניט־גערייי־ניגטע חזיר־האָהר.

זעלבסטפערשטענדליך, אז בזשעזינער ארבייטער־וואוינונ־גען זענען פאלאצען געגען שמולעוויזנער בערשטער־דירות. פונ־דעסטוועגען זענען די בערשטער שטאָלץ מיט זייער שמולעוויז־נע. וואָס פאר א „קבר" דאָס איז — זאָגט א שמולעוויזנער בערשטער — אבער דאָך אן אייגענער. אין מעזעריטש איז אזא

# „שמולעוויזנע".

וואס איז אזוינס „שמולעוויזנע"?

ש מ ו ל ע ו ו י ז נ ע איז דער צענטער, איז די „קרוינ־שטאדט" פון דער מעזעריטשער בערשטער־„מלוכה". שמולע־וויזנע אין ד ע ר טייל שטאדט, וואו עס געפינען זיך די בערשטער־פאבריקען, וואו עס וואוינען די בערשטער־ארבייטער אין די קליינע בערשטער־פאבריקען.

נאר אט די ערקלעהרונג זאגט אייגענטליך גארנישט, גיט נישט קיין שום בעגריף פון דעם, וואס איז „שמולעוויזנע".

„שמולעוויזנע" דארף מען זעהן מיט די אויגען, אום מ'זאל קאנען האבען א בעגריף, וואס דאס איז אזוינס.

איך קען גוט דאס ווילנער יאטקעווער געסיל, די מינסקער „בלאטע", האב געזעהן די ביאליסטאקער האניאקעס, די לאדזער באלוט, די ווארשויער סמאטשע גאס, אבער וואס בעדייטען זיי אלע געגען שמולעוויזנע?...

שמולעוויזנע איז דער גאנצער יודישער תחום אין מיניא־טור מיט אלע זיינע פישטשעווקעס, מיט אלע זיינע קענטיגסטע סמנים. דער, וואס וויל האבען אויף איין ארט דעם תמצית, די קווינטעסענץ אי פון מינסקער־בלאטע, אי פון ווילנער יאטקע־ווער געסיל, אי פון ווארשויער „סמאטשע", אי פון ביאליסטא־קער האנאיקעס, אי פון לאדזער באלוט — קאן פאלקאם יוצא זיין מיט שמולעוויזנע.

שמולעוויזנע פערדיענט און ווארט אויף איהר היסטארי־

ערב־שבת. טויזענדער מענשען, ווי גרויסע גערדיכטע מוראשקעס־
הויפענס, אין שטופעניש און שפארעניש, פילען־אן דעם וואק־
זאל און די גאנצע פלאטפארם. יעדער — אין האנד, צי אין
טאש — מיט א צייטונג. ביז מען דערשפארט זיך צום וואגאן,
ווערט מען אבגעגאסען מיט טייכען שוויים, ממש ביז יציאת
נשמה. נאר דאס איז נאך גארנישט אנטקעגען דער איינגשאפט
און שרעקליכער שטיקעניש אין וואגאן גופא. דער צוג שלעפט
זיך ווי א טשערעפאכע און שטעלט זיך אב כמעט ביי יעדער
וויארסט. די רייזע ביז אטוואצק, ניט מעהר ווי עטליכע און
צוואנציג וויארסט, דויערט א שטארקע שעה און אין דער אונ־
ערטרעגליכער אטמאספערע, אין וועלכער איהר געפינט זיך די
גאנצע צייט, ווען דער צוג ר ו ק ט ז י ך — דוכט זיך
אייך, ווי אנ'אייביגקייט. אויף דער דאטשע, אין שטוב, פאלט
מען אריין קוים לעבעדיג. דאסזעלבע שפיעלט זיך אב ביים
פאהרען צוריק אין שטאדט. נאר דאס לעבען א י ז  ווארשוי
זומער־צייט איז אזוי אונמעגליך, אז דער האלב־פראלעטארישער
ווארשויער קרעמער און קאמיסיאנער איז גרייט איבערצוטראגען
די אלע יסורים, אבי נאר א חאפ טאן כאטש אנ'אטעם פרייע
לופט און אברוהען פון דעם וואכעדיגען שווינדעל און האוועניש
כאטש עטליכע שעה אין וואך.

אייגענטימער. זיי קוקען אויף אָטוואָצק, ווי אויף אַ פאַבריק, וואָס שאַפט פאַר זיי „סחורה". יעדער קראַנקער איז פאַר זיי אַ „קאַנדידאַט", פון וועלכען זיי לעקען אָב אַ ביינדעל....

דער קלימאַט פון אָטוואָצק איז נאַטירליך, געזונד און אַנגענעהם פאַר ניט קיין שווינדזיכטיגע מענשען אויך. אבער אַ געזונדטער מענש מיידט־אויס אָט די שווינדזיכטיגע שטאָדט. איהם איז ניט אַנגענעהם דאָס שכנות מיט די געלע פּנים'ער און איינגעפאַלענע אויגען, וועלכע שאַפען אַ שלעכטע שטימונג. דער גאַנצער וועג פון וואַרשוי ביז אָטוואָצק, איז דערום בעדעקט מיט זומער־וואוינונגען, וואו עס בעזעצען זיך אויף זומער געזונדטע אָדער סתם שוואַכע מענשען. אַ גרויסער טייל פון די זומער־וואוינונגען געהערט אָן צו יודען. די זומערדיגע איינוואוינער זענען כמעט אַלע יודען. אין אַלגעמיין איז אָט די לאַנד־שטרעקע, הינטער וואַרשוי, אויף דעם ווייכסעל־באַהן — דער פּלאַץ פאַר דעם גרעסטען טייל פון דער קליין־סוחר'ישער און פּראָלעטאַרישער וואַרשויער יודישער בעפעלקערונג, וואָס וויל זומער־צייט עטעמען אביסעל פרייע לופט.

אַ חוץ אָטוואָצק זענען אין וואַרשוי גופא זעהר פּאָפּולער אויף דער דאָזיגער באַהן־שטרעקע די פּלעצער: וואָוועה, פאַלעניצע, יוזעפאָוו און סווידער. איינע פון די אַנדערע אַ פּאָר וויאָרסט און אַלע צוזאַמען זעהר נאָהנט פון וואַרשוי. יעדער פון די דאָזיגע פּונקטען האָט זיך זיין מין „ליעטניקעס" (זומערדיגע איינוואוינער). וואָוועה — עטליכע וויאָרסט פון וואַרשוי, איז בעזעצט מיט פּראָלעטאַריער, וואָס זענען צוגעבונדען צו דער שטאָדט. פאַלעניצע איז אַ חסיד'ישער זומער־פּלאַץ. יוזעפאָוו האָט מעהר לעהרער און נאַציאָנאַל־געשטימטע אינטעליגענץ. אין סווידער פאַהרען דאָס רוב ליטווישע פּריילינס און קאַוואַלערען, וואָס ריידען רוסיש און זוכען, ניט אַזוי לופט, ווי פלירט.

---

איינע פון די מערקווירדיגסטע סצענעס, וואָס זענען חאַראַקטעריסטיש פאַר'ן וואַרשויער יודישען לעבען, איז די, וואָס שפּיעלט זיך אָב אויף דער ווייכסעל־באַהן אין אַ זומערדיגען

סער, קאַן ער פון זייערע הענד ניט ענטרינען. אַהן זיי איז כמעט אונמעגליך צו בעקומען א דירה, אַדער א פענסיאַנאַט. ביי זיי ווידער, צווישען זיך, קומט אַפּט פאַר, שוין אויפ'ן וואַקזאַל גופא. א פערצווייפעלטער קאַמפּף. הויבט אייך אַן איינער צו לויבען זיין פענסיאַנאַט, שפּרינגט אונטער דער אנדערער און שושקעט אייך אין אויער: „סטייטש, אַט אהין ווילט איהר אריינפאַה־רען? דאָרט זענען ערשט נעכטען צוויי מענשען געשטאָרבען".

געגען א פענסיאַנאַט, וואו איינער איז געשטאָרבען, פיהלט דער קראַנקער אַן אבערגלויבישע שרעק. און אַט די בשורה — אַן אויסגעטראַכטע, צי אַנ'אמת'ע — האַט שטענדיג איהר וויר־קונג. די אייגענטימער פון די פענסיאַנאַטען פערשטעהען דאָס. דעריבער ווענדען זיי אַן אַלע מיטלען, אז דער קראַנקער זאָל ביי זיי ניט שטאַרבען. זאָל ער שטאַרבען אין וואַגאַן, אויפ'ן וועג צום וואַקזאַל, אבי ניט אין פענסיאַנאַט. און עס טרעפט טאַקע, אז דער קראַנקער שטאַרבט אויפ'ן וועג צום וואַקזאַל.

דעמאָלט פאַלט ער שוין, אַלס „בר־מינן", אריין צו די בעלי־עגלות. ערשטענס — ווייל מ'דאַרף האָבען א בעל־עגלה, ער זאָל דעם טויטען אָבפיהרען אויפ'ן „אייביגען אָרט". דאָ איז פאַר איהם, דעם בעל־עגלה, א שאַנס צו שניידען א פאַס פון דעם געשטאָרבענעמ'ס פאַמיליע. נאָר דאָס איז ניט דער עיקר. אין א טויט־פאַל איז פעראינטערעסירט ניט איין בעל־עגלה, נאָר דער גאַנצער פ א ך בעלי־עגלות. וואָרום דער „בית־עולם" געפינט זיך ניט אין אָטוואָצק גופא, נאָר אין קורטשעוו — א שטעדטעל עטליכע ווערסט פון דאַנען. מ'רופט עס „דאָס בית־עולם־שטעדטעל". בשעת מען האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק געמאַכט דעם „בית־עולם", האָט קיין יוד ניט געוואָלט וואוינען מיט איהם אין שכנות. די בעלי־עגלות אליין, דרייסטע מענשען מיט שטאַרקע נערוועז, האָבען זיך פאַר די מתים ניט געשראָ־קען, און האָבען זיך דאָרט בעזעצט. זיי בעטראַכטען דעריבער זיך אליין און ווערען בעטראַכט פון די אָטוואָצקער, ווי וועכטער פון די מתים. זיי זענען אויך „חברה־קדישא" און דאָס מאַכט זיי פאַר „בעלי־בתים" איבער דעם בית־עולם. זייערע אינטערעסען זענען גראָד דער היפך צו די אינטערעסען פון די פענסיאַנאַטען־

קרעמער איז ניט אין שטאנד צו צאָהלען און מוז זיך ארויסצי־
הען.

דער דאָזיגער בעל־הבית בעפאלט ניט זיינע קליענטען מיט אמאָל, אין הורט. דאָס וואָלט געמאכט א גערודער און אויפגע־רעגט געגען איהם די פּרעסע און געזעלשאפטליכע מיינונג, און עס וואָלט אפשר געשאפען געוואָרען א בעוועגונג מבטל צו מאַ־כען זיין אלט־פּרענקישע האנדעלס־„חזקה". ער קומט אונטער שטילערהייד, פּלוצלונג, ווערלט זיינע קליענטען איינציגווייז — די פּעטערע. אָט אזוי געהט עס אריבער שטיל און קיינער פּראָ־טעסטירט ניט.

אין די פריע טעג, ווען אַטוואַצק איז געקומען צו א בע־דייטענדער אויפלעבונג, האָט דער דאָזיגער פּריץ זיך גענומען ענערגישער צו זיין ארבייט. אבער דאן איז די לופט געווען צו־פריי און ער האָט געמוזט אבשטעלען זיינע „ביזנעס". איצט אבער איז ער ווידער דרייסטער געוואָרען און יעדער קרעמער איז אין איינע שרעק: אָט קומט ער!

---

פון דער שטענדיגער אַטוואַצקער בעפעלקערונג זענען די מערקווירדיגסטע טיפּען — די פּענסיאָנאַטען־אייגענטימער, די מעקלער און די בעלי־עגלות. דאָס זענען מענשען, וואָס אין זייערע הענד מוז אריינפאלען דער קראַנקער, וועלכער קומט זיך קורירען קיין אַטוואַצק. זיי בעגלייטען איהם פון וואָקזאַל און צוריק, און אמאָל אויך ביז.. צום קבר. ווי איהר שטעקט נאָר ארויס דעם קאָפּ פון וואַגאָן, אַנקומענדיג קיין אַטוואַצק, רינגלען אייך באלד ארום, ווי די ביהנען, א גאנצער שוואַרם מעקלער און מעקלערקעס און מען הויבט אייך אָן צו רייסען אין אלע זייטען. דורך א שפּיצעל איז מיר געלונגען צו ענטרינען פון זייערע הענד, און א פּאָר בעקאנטע האָבען מיר ערקלערט, אז מיט מיר איז פּשוט א נס געשעהן. זאָגען, אז איהר זענט געזונד, אז איהר זענט פּשוט געקומען צו־גאַסט, איז קיין תירוץ ניט פאר זיי, פאר די מעקלער. פאר זיי מ ו ז ט איהר קראַנק זיין, און זיי ווילען אייך בשום אופן ניט גלויבען. די מעקלער זענען אַנגעדונגען, יעדער פון א בעזונדער פּענסיאָנאַט. קומט א קראַנ־

זיך דאָ קורירען — און שטענדיגע, וואָס וואוינען דאָ דאָס גאַנצע יאָהר, זומער און ווינטער.

נאָר אפילו פון די שטענדיגע זענען א גרויסער טייל קראַנקע. אזעלכע, וואָס קאָנען זיך ניט אויסקורירען אינגאַנצען און מוזען שטענדיג לעבען אין א געזונדטען קלימאַט. אזוינע קראַנקע ציהען זיך אינגאַנצען איבער קיין אָטוואָצק און מאַכען דאָ זייער לעבען אַרום די איבעריגע, אַנגעפאַהרענע קראַנקע. די מלאכות און פרנסות זייערע זענען פערשיעדען. צווישען זיי קאָנט איהר געפינען: דאָקטוירים, לעהרער, בעלי־מלאכות, פענ־סיאָנאַטען־אייגענטימער, קרעמער און אַנדערע געשעפטס־לייט. די יודישע בעפעלקערונג איז דאָ זעהר א געמישטע — ווייל מען קומט אהער פון אַלע עקען רוסלאַנד.

די געשעפטען זענען דורכאויס אין יודישע הענד, נאָר זיי הענגען אין דער לופטען. אין יעדען שענעם פריה־מאָרגען דאַרף יעדער קרעמער זיין גרייט צו בעקומען א שלאָס אויף זיין קראָם, איינפּאַקען זיין פעקעל און פאָהרען ווייטער.

ווארום פון אַלטע יאָהרען, לויט אַנ׳אַלטען געזעץ, געהערט דאָס רעכט דאָ צו האַנדלען צו עפּעס א פּאָליאַק. ער האָט דאָס רעכט אָבגעקויפט ביי אַנ׳אמאָליגען פריץ — דעם געוועזענעם אייגענטימער פון אָטוואָצק. בכן, קאָן יעדער האַנדלען נאָר מיט א בעזונדער ערלויבניש פון אָט דעם פּאָליאַק. די ערלויבניש קאָסט איצט זעהר טייער. דער עיקר איז אָבער, וואָס קיינער פון די יודען, וואָס ציהען זיך אריין קיין אָטוואָצק, ווייסען דערפון ניט. דער פּאָליאַק, דער בעל־הבית איבער׳ן האַנדעל, שטערט לכתחילה אויך ניט די יודישע אונטערנעהמער. ער לאָזט זיך זיי פריהער איינפונדרעווען עטליכע יאָהר, אזוי צו זאָגען, „בעקומען ליעב“. דאַן קומט ער און מאָהנט זיינס. ער דערלאַנגט איהם אין א שענעם פריה־מאָרגען א צעטעל פון נאָטאַריוס, אין וועלכען ער פאָדערט א בעשטימטע סומע פאַר׳ן האַנדעלס־רעכט צו א בעשטימטען טאָג. אז ניט — איז שטראָף פאַר יעדען אָבגעצויגענעם טאָג צו צעהן אָדער צוואַנציג רובל. דער יוד מוז מיט איהם אָבמאַכען און ס׳רוב געבען וויפיעל ער פערלאַנגט. גאַנץ אָפט פערלאַנגט ער אָבער אזוי פיעל, אז דער יודישער

# אָט קומט ער!...

פון די יודישע שטעדטלעך אין פוילען איז **א ט ו ו א צ ק** איינס פון די בעריהמטעסטע. דער נאָמען „אָטוואָצק" איז בע־קאנט ניט בלויז אין פוילען, נאָר אויך אין גאנץ רוסלאנד. אמאָל, מיט א יאָהר דרייסיג צוריק, איז דאָס געווען א דאָרף. בלויז אין די זומער־מאָנאטען פלעגען קומען אהער פון ווארשוי די „פני" פון דער יודישער און פוילישער בורזשואזיע זיך צו ער־האָלען. אָטוואָצק איז שוין לאנג בעריהמט ביי די דאָקטוירים פאר איינעם פון די געזינדטעסטע פלעצער אין אייראָפּא. עס ליעגט זעהר הויך איבער דעם שטח פון ים, האָט א זאמדיגען באָדען מיט א יונגען געדיכטען סאָסנע־וואלד און דעריבער איז דאָ זעהר א טרוקענע, געזונדטע לופט. די לופט איז דערהויפּט גוט פאר לונגען־קראנקע און שווינדזיכטיגע.

פאר דעם מיטעלען און אָרימען קלאס, וואָס האָט ניט די מעגליכקייט צו פאָהרען אין אַנ׳אייראָפּעאיש קוראָרט, איבער־הויפּט פאר יודען, וואָס מען לאָזט זיי ניט אריין אין קרים און קאווקאז, איז אָטוואָצק אַנ׳אמת׳ע ישועה. דעריבער איז עס אויך די לעצטע צוואנציג יאָהר אויסגעוואקסען פון א דאָרף אין א היבשע שטאָדט מיט א בעפעלקערונג פון 30 טויזענד מאַן און דריי פערטיל פון איהר זענען יודען.

די יודישע בעפעלקערונג בעשטעהט דאָ פון צוויי עלע־מענטען: ציטוויילינע — דאָס זענען די קראנקע, וואָס קומען

לעבאסטע אין שטוב. עסען, טרינקען, אלץ אין דער צייט...
איהר קומט צו זיך — האט איהם א היים...

„האבען מיר איהם אט אזוי איבערגערעדט, און איהר אויך. זי האט זיך כלומרשט געקווענקעלט: זי וויל ניט; זי האט מורא מיט אזא מענשען צו לעבען... נור צוליב די קינדער טוט זי עס"...

בקיצור: עס איז געווען ווידער חופה און א וועטשערע. און שכנים האבען געהוליעט.

נאך דעם פלעגען מיר זיך ווידער טרעפען ביי מיין בע־קאנטען לעהרער. עס איז פון דרויסען גאר נישט געווען קענ־טיג. נאר א טיפערע בעאבאכטונג האט געקענט איבערצייגען, אז די נשמות זעענן ביידענס פערוואונדערט.

יעצט בענענען איך זיי מעהר ניט. נאר איך האב געהאט א גרוס, אז עס איז נישטקשה — דאס לעבען רייבט זיך איין..

שטוב איז געווען אַן אומעט, אַ פינסטערע איינזאַמקייט. די קינ־דער פלעגן אַרויספּאַלען אויף איהם, פרעגן וועגן דער מאַ־מען, ווען זי איז ניט געקומען, דערצעהלען פון דער מאַמען, ווען זי האָט זיי בעזוכט. איןביידע פאַלען — פלעגן זיי וויינען.

די קליינע קינדער, האָבען ניט געוואוסט, ניט געקאָנט פערשטעהן, וואָס איז אַזוינס פאַרגעקומען אין זייער לעבען. עפּעס איז געקומען אַ שטורעם, פון העלער הויט, און אַלץ צע־בראָכען, צוקאַליעטשעט, פערוואַנדעלט אַ שטוב אין אַ גיהנום.

אַזוי איז אַוועק אַ מאָנאַט פּאַר אַ מאָנאַט. אַזוי איז אַוועק אַ האַלב יאָהר.

איך האָב מיך פערגעסען אויף דער גאַנצער געשיכטע. אָבער ווידער אין אַ שענעם פריהמאָרגען, אָדער אָוועגד — איך געדענק ניט אַקוראַט — בין איך געקומען צו מיין בעקאַנטען לעהרער. ערשט זיין ווייב לאַדעט מיך איין אויף אַ חתונה.

— איהר האָט געטיילט אונזערע צרות — האָט זי מיר געמעלדעט — טיילט יעצט אונזער שמחה.

— דער פּע־פּע־עס־ניק האָט חתונה ? די פּע־פּע־עס־ניצע ? מיט וועמען ?

— דער „טאַטע“ נעהמט דער „מאַמען“...

— וואָס רעדט איהר ? ווי אַזוי ? דערצעהלט.

און זי האָט מיר דערצעהלט.

„מיר האָבען ניט געקאָנט צוזעהן דעם צער פון איהם און פון איהר. פינסטער איז זי געוואָרען, ווי די ערד. ער איז אויך אַ האַלבער מענש געוואָרען, פון די קינדער איז אַש געוואָרען. מ'האָט איהם גערעדט שדוכים, און איהר אויך. האָט ער זיך ניט געקאָנט צוקלייבען. און זי אויך דאָס גלייכען. אָט זענען מיר צוגעשטאַנען — אַלע שכנים און שכנות צו איהם: וואָס האָט איהר זיך איינגעשמועסט — ליעבע ! ווי אַ יונגער יונגעל... איהר זייט אַ טאַטע פון קינדער... וואו איז דאָס פּאַראַן „ליעב־בע“ נאָך דער חתונה, אַז מ'האָט שוין עטליכע קינדער און צרות פון קינדער און מ'דאַרף האַרעווען — געבען זיי עסען. איהר האָט אַ ווייבעל — אַ גאָלד ! אַזאַ יאָהר אונז... העלפט אייך טראָגען דעם יאָך... אַ שטילע, אַן עהרליך קינד... איז אַ באַ־

די נייע. נו, מיט געוואלד לעבט מען ניט — זאגט זי, אז מ'האט זיך ניט ליעב, דארף מען זיך גט'ן.

אבער ווי וועט זיין מיט די קינדער?

עס איז געבליבען, אז די קינדער זאלען בלייבען ביי איהם. ווארום, אויב ביי איהר, וועט דאך איהר קיינער מיט קינדער ניט וועלען נעהמען. דערצו וואלט זי דארפען זיין מיט זיי בע־שעפטיגט און ניט קענען טון איהר פרנסה.

די באלעבאטישקייט האט מען זיך צוטיילט. פאר אביסעל האט זי נעקראגען אויסגעצאהלט. כתובה האט ער איהר ניט געגעבען, ווארום א חוץ נאדעל און שער האט ער גאר נישט פערמאגט. זיי האבען זיך געשיידט ווי גוטע פריינד. אבגע־רעדט, אז ווען זי וויל, מעג זי קומען געוואהר ווערען די קינ־דער. נור ביי טאג, ווען ער איז ניטא אין דער היים.

זי האט געדונגען א קאמער און האט זיך געלעבט און גע־טאן איהר פרנסה.

און דא האט זיך אנגעהויבען א טראגעדיע.

זי פלעגט קומען א פאר מאל אין וואך געוואהר ווערען די קינדער. וועלען קומען פלעגט זי אלע טאג, אלע ווייל. עס האט איהר געצויגען צו די קינדער, מעהר ווי פריהער. זי פלעגט אלע מינוט וועלען זעהן, ווי לעבען די קינדער, וואס טוען, ווי פיה־לען זיי זיך אהן א מאמען... אבער אפטער ווי צוויי מאל א וואך האט ניט געפאסט צו געהן. זי איז געווען שטאלץ גענוג ניט צו ערנידריגען זיך פאר איהם.

קומענדיג אין דער „אלטער היים" פלעגט זי די קינדער — ווי פריהער — וואשען, קאמען, פוצען, פערברייננגען מיט זיי, קושען זיי. אוועקגעהן פלעגט זי ניט קענען, אבער מוזען...

זי פלעגט אריין צו די שכנים, כלומרשט ווייזען זיי א פרעהליך פנים, רעדען וועגען זייטיגע זאכען. נאר די ווייבער האבען גוט געפיהלט, וואס טוט זיך ביי איהר אין הארצען.

און דיזעלבע טראגעדיע איז געווען מיט איהם. ער האט פלוצלונג פערלארען א היים. קומענדיג צו זיך, פלעגט ער דער־ווייסען אלעס וויסט, פערשטויבט, צוואווארפען. ער האט גענר־מען א מענשען אין הויז. נור דאס עסען האט ניט געטויגט. און

אין עקאנאמישער, סיי אין גייסטיגער הינזיכט, איז דאס געווען א גלייכע פאר.

און איהר קאנט זיך פארשטעלען מיין פערוואונדערונג, ווען אין איין געוויסען שבת'דיגען פריהמארגען, דערצעהלט מיר מיין בעקאנטע, דעם לעהרער'ס ווייב, אז דער פע־פע־עס־ניק האט זיך גע'גט מיט זיין ווייב.

— סטייטש! ווי אזוי? פארוואס?... האב איך נייגיריג געפרעגט. זיי האבען דאך געלעבט, דאכט זיך, גאנץ פיין...

— אונז איז דאס טאקע אלעמען א וואונדער. איהר פלעגט דאך זעהן, ווי זיי פלעגען קומען צו אונז פרייטאג צונאכט מיט די קינדער און פערברייננגען אזוי פריינדליך. קיינער פון די שכנים האט ניט געהערט פון זיי ווען עס איז א הויכען איבער־רייד, א קריג.

— וואס זשע איז די מעשה?

— ער האט זיך ארומגעזעהן, אז ער האט צו איהר ניט קיין סימפאטיע, ער קאן ניט לעבען — זאגט ער — אהן סימפא־טיע. ער האט איהר קיינמאל ניט געליבט. געלעבט אזוי גלאט, ווי אלע יודען לעבען. אבער וואס ווייטער, ווערט דאס איהם אלץ שווערער. מאן און ווייב — זאגט ער — מוזען זיך ליעבען, אז ניט איז דער לעבען קיין לעבען נים.

— און זי?

— זי האט צו איהם גאר נישט. צו האט זי איהם גע־ליבט? בשעת מ'האט איהר גערעדט דעם שדוך — ניט שדכנים, נור בעקאנטע — איז ער איהר געפעלען געווארען — אז ניט וואלט זי דאך מיט איהם ניט חתונה געהאט. פון דעמאלט אן האט זי גאר ניט געקלערט: צי ליעבט זי צי ניט. וואס הייסט נאך דער חתונה „ליעבען זיך." מ'האט קינדער, ליעבט מען די קינדער; דער מאן איז דאך דער טאטע פון די קינדער; מען הא־רעוועט פאר די קינדער און ארום די קינדער. יעדע ברעקעל אין שטוב איז פערהארעוועט — איז אלץ ליעב און טייער.

פונדעסטוועגען האט דעם פע־פע־עס־ניק'ס ווייב גאר נישט געהאט דאגעגען, אז מ'זאל זיך גט'ן. ווארים, פערשטעהט איהר מיך, זי איז דאך מיט איהם פון איין חברה; פון היינטיגע, פון

# דער פּע־פּע־עס־ניק און זיין ווייב.

מיט דעם „פּע־פּע־עס־ניק" בין איך בעקאנט געוואָרען ביי אונזערן און אלגעמיינעם שכן, א האלב פערפּוילישטען ליטווישען לעהרער. ער בעלאנגט צו דעם טיפּ, וועלכען מען רופט געוועהנ־ליך מאסאָווער אינטעליגענט. דער „פּע־פּע־עס־ניק" איז א שניידער לויט זיין פּראָפעסיאָן, א גוטער ארבייטער, פערדינט ניט שלעכט און האָט געשפּילט אמאָל א ראָלע אין דער בע־וועגונג.

און כאָטש ער איז און ענטוויקעלטער ארבייטער, א מענש דורכגענומען מיט נייע פּרינציפּען, האָט זיך זיין הויזליכעס לע־בען כמעט מיט גאָר נישט אויסגעצייכענט פון אנדערע פּויליש־יודישע ארבייטער. שבת איז געווען שבת: „מ'האָט אנגעצונדען די ליכט. איך ווייס ניט, צו מ'האָט זיי געבענשט; צימעס האָט מען אויך געגעסען, און שבת ניט געקאָכט. פרייטאָג נאָך ווע־טשערע פלעגט מען גיין פערברייננגען צו א שכן — ער און די ווייב און די קינדערלאך. דאָרט בין איך מיט איהם בעקאנט גע־וואָרען.

זיין פרוי איז א געוועהנליך יודיש ווייבעל. ניט קיין מיאוּס'ע, האָט געהאלטען ערגעץ א קראָם צו א טישעל און גע־האָלפען דעם מאן שלעפּען דעם וועגעל.

געלעבט האָבען זיי שטיל, פרידליך, ווי אלע שכנים ארום. די ווייב האָט ניט בלויז געוואוסט פון זיינע פּארטיי־געשעפטען, נאָר האָט מיט איהם סימפּאטיזירט און געהאָלפען. קורץ: סיי

האט איבערגענומען מיין בעל־עגלה, וואס האט מיך אהער גע־בראכט און האט מיך געפרעגט: צי איך פאהר צוריק צו דער סטאנציע. אין א שעה ארום איז דער לעצטער צוג, אז נים איצט, וועל איך מוזען בלייבען דא שבת.

שבת בלייבען אין בזשעזין האט זיך מיר ניט געוואלט. מיין וועג איז געגאנגען קיין קוטנא. מיר האט זיך געוואלט אהין אנציהען אויף שבת. דערצו איז געווען ניט גאר זיכער צו שטע־קען די בזשעזינער סוחרים אויף די אויגען א גאנצען שבת'דיי־גען טאג. דער לעהרער האט מיך נאך פריהער געווארנט, אז מ'קוקט זיך שטארק אום אויף מיר פון די „הויכע פענסטער". האב איך זיך געזעצט מיט מיין בעל־עגלה און זיך געלאזט צום וואקזאל.

בעהאלטען. עס האט נאך קיינמאל ניט געטראפען, אז ער זאל ז י ניט געפינען. ס׳זענען שוין געווען פאלען, ווען מ׳האט אין בזשעזין אראבגעבראכט דאקטוירים פון גרויסע שטעדט און יענע האבען אנדערש ניט געזאגט, ווי זייער אייגענער „מומחה“.

וואונדערן זיך אויף דעם דארף מען ניט. אין יודישען לעבען טרעפט גאר ניט זעלטען, אז דער וואס דארף זיין א שניידער, ווערט א דאקטאר, און דער, וואס דארף זיין א דאקטאר — ווערט א שניידער.

ווי אזוי און ווען דער בזשעזינער „מומחה“ איז בעקאנט געווארען מיט לאטיין און מיט דער נאטור פון פערשיעדענע רפואות־קרייטיכער, ווייס איך ניט. נאר אלענפאלס איז ער מעהר בעקאנט, זאגט מען, אין דער לאטיינישער קיך, ווי אין זיין אייגענער. א פאקט איז, אז ער פראקטיצירט גאנץ אפען. אפילו דארט, וואו מען רופט דעם דיפלאמירטען דאקטאר, געהט ער אויך צוזאמען מיט יענעם. יענער „בעזוכט“ און ער איז א בן בית. אז ס׳קומט א דאקטאר פון דער פרעמד, הייסט שוין יענער אליין רופען דעם „מומחה“, ווייל די גאנצע ביאגראפיע, פיזיאלאגיע און אנאטאמיע פון יעדען בזשעזינער יודען איז ביי איהם, ביי דעם מומחה, אויף די פינגער מיט אלע פרטים. ער ווייסט ניט בלויז אויף וואס פאר א חולאת דער קראנקער ליידט, נאר אפילו איידער יענער ווערט קראנק ווייסט ער שוין, צו וואס פאר א קראנקהייט יעדער בזשעזינער יוד איז מסוגל.

דער „מומחה“ האלט זיין דאקטאריע פאר א הייליגע מלאכה. די שניידעריי איז פאר׳ן גוף, די דאקטאריע — פאר דער נשמה. און פראקטיק, ווי געזאגט, האט דער „מומחה“ גענוג. איך האב געהאט די געלעגענהייט זיך אליין דערין צו איבערצייגען. איך האב נאך קיין צייט ניט געהאט דורכצושמועסען זיך גוט מיט איהם, איז מען שוין געקומען מעלדען פון א קינד, וואס האט בעקומען עפעס א׳ן בייכעל. און דער „מומחה“ האט זיך גלייך א הויב געטאן און געלאפען.

איך בין אוועק פון שניידער און האב מיך געלאזט געהן צום מורה הוראה פון שטעדטעל, צו זיין טאכטער, וועלכע וואלט מיר געוויס נאך אינטערעסאנטע זאכען דערצעהלט, נאר מיך

לעגט אויף צוויי געשטעלען עטליכע ברעטער, דערביי א מאשין און דערויף האבען געניידהט און געפרעסט און געזייפט די שמאטעס א פאר געזעלען און א פאר יונגלעך. אין שלאף־צימער איז שוין געשטאנען אביסעל מעבעל: א פאר לאקירטע הילצערנע בעטען, א שפיגעל, א טיש, אן אלמער, א קאנאפע. די גאנצע פארלאגע איז געווען אויסגעלעגט מיט פעק געענדיגטע וועסטען און רעק. דאס שלאף־צימער האט אפנים אויך געדיענט פאר אנ׳עס־צימער און א זאל.

מיט׳ן שניידער האבען מיר פערבראכט וועגען אנדערע ענינים, וואס האבען געהאט וועניג שייכות צו בזשעזשין. אין קורצען האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז נים קיין פראסטער שניידער, נאר א שניידער — א דאקטאר מיט א דיפלאם... אמת, ניט פון א דאקטאר, נאר אויך טאקע פון א שניידער. אבער ער דארף דעם דאקטאר־דיפלאם אויף כפרות. ווארום ער האט, ברוך השם, פראקטיקע מעהר ווי דער שטעדטעלדיגער דאקטאר. וואס איז נעגאנגען אין די „קלאסען". ווארום ערשטענס רייסט יענער פון לעבעדיגע און פון טויטע און דער נעהמט גארנישט, היילט לחלוטין אומזיסט. אין ביודזשעט פון בזשעזשינער „שוויץ־שניידער" איז קראנקען־פפלעגע אויף קיין פאל ניט פאראויסגעזעהן. ווען עס פעהלט ברויט און לופט, איז דאך שוין פאר׳ן דאקטאר געווים קיין געלד ניטא. אין אמת׳ן אבער איז טאקע דוקא, ווייל עס פעהלט ברויט און לופט, זעהר אפט א גרויסע נויט אין א דאקטאר. און דער שניידער־דאקטאר איז דעריבער פאר בזשעזשין אנ׳אמת׳ע ישועה.

נאר זיין אויטאריטעט אין שטעדטעל, ווי איך בין דערגאנגען פון אנדערע, איז געבויט נים בלויז אויף דעם, וואס ער נעהמט קיין געלד ניט. אלע בזשעזינער יודען טענה׳ן, אז אפילו צווישען אמת׳ע דאקטוירים, וואס זענען געגאנגען אין די „קלאסען", איז שווער צו קריגען אזא מומחה ווי דער שניידער־דאקטאר. דערהויפט איז ער א ספעציאליסט אויף שטעלען דעם דיאגנאז — „אנטאפען די קרענק" אויף בזשעזשינער לשון.

ער האט שוין אזא כח אין די פינגער — זאגען בזשעזינער יודען, — אז ער טאפט זי אן, די חולאת, וואו זי זאל זיך נים

פאר נויטיג אנצוהויבען מיט פארערעם און גלייך צוגעטרעטען צום ציעל פון מיין בעזוך.

— אך, ניין, איך קאן אייך גארנישט זאגען, — האט מיין „לעהרער" א זאג געטאן א דערשראקענער. — איך ווייס טאקע אבער איך וועל אייך גארנישט זאגען. ס'איז אומזיסט אייער קומען.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האט מיט איינינע וואכען צוריק געשריבען א קארעספאנדענץ אין א ווארשויער־צייטונג. דאס שטעדטעל איז דערגאנגען, ווער ס'איז דער שרייבער, און פון דעמאלט אן רודפ'ט מען איהם.

אז איך וואלט גוט צוגעשטאנען צום לעהרער, וואלט ער זיך געלאזט אינטערוויואירען. איך האב אבער רחמנות געהאט אויף זיין ווייב און קינד און האב זיך צופריעדען־געשטעלט מיט עטליכע תשובות, וואס ער האט געגעבען אויף מיינע שאלות וועגען אלגעמיינעם יודישען לעבען. וועגען בזשעזשינער שניידעריי, האב איך אלזא געמוזט זוכען און געפונען ידיעות פון דירעקטער קוועלע, פון א פאר נאך ניט גאנץ פערטעמפטע היגע שניידער־ארבייטער. דורך זיי האב איך געקראגען די געלעגנהייט אויך בעקאנט צו ווערען מיט א שניידער א בעל־הבית.

דעם שניידער, נאטירליך, האט מיר ניט געפאסט צו שטעלען פראגען וועגען דער לאגע פון די ארבייטער. דערפאר האט ער מיר ערלויבט צו צוקוקען זיך, ווי אזוי די ארבייט קומט פאר און אין וואס פאר בעדינגונגען די היגע שניידער־בעלי־בתים און ארבייטער לעבען. איך האב דא געקאנט נעהמען, אזוי צו זאגען, לעבעדיגע בילדער פאר די פאקטען, וואס איך האב שוין פריהער געזאמעלט.

דאס איז געווען א געוועהנליכע שניידער־ווארשטאט, אן אמת'ער לאנדאנער אדער ניו־יארקער סוועטינג־שאפ, וואס איז בעשטאנען פון א קיך מיט א שלאף־צימער. אין קיך האבען זיך געוואלגערט אלערליי בעלי־הבת'ישקייטען: מולטער, עמער, צוקער, האליץ, פערשיעדענע קיך־געשיר, א הילצערן בעטעל, א באנק. ס'האבען זיך ארומגעדרעהט דא עטליכע קליינע קינדער און די בעלי־הבית'טע אליין. דא זענען אויך געווען אויסגע־

דערוווייל האָט זיך געעפענט די טיר פון שטוב און עס איז ארויס פון דאָרט א יונג מיידעלע, אויפ'ן פנים ניט מעהר ווי 15 יאָהר, ארומגעוויקעלט דעם קאָפּ מיט א טיכעל, אין א לאַנ־גען בלויען שירץ. זי האָט געהאַלטען א טוך אין האנד. האָט, אפנים, געענדיגט וואשען די פּאָדלאָגע לכבוד שבת. זי האָט געהערט מיין געשפּרעך מיט דער מוטער און לוסטיג און שטי־פעריש געפרעגט: אפשר קאָן ז י מיר פערבייטען דעם רב, זי קאָן אויך פיעל דערצעהלען פון בזשעזין. „אבער ניט איצט, איהר זעהט, איך מוז ענדיגען מיין ארבייט. אין א שעה ארום, זענט זיך מטריח... דערוווייל קאָנט איהר אריינגעהן אָט דאָ ניט ווייט, צו א לעהרער. ביי איהם קאָנט איהר אויך א סך דער־געהן".

איך בין אוועק צום לעהרער.

ארויפגעהענדיג צו איהם, האָב איך בעגעגענט אראָבגעהן פון די טרעפּ מיידלעך מיט העפטען. מען האָט מיר אריינגע־פיהרט אין א קאַמער, וואו עס איז געשטאַנען א לאַנגע רייה ביינק. עטליכע נאָכגעבליבענע מיידלעך האָבען אויפגעקליבען זייערע העפטען און רוסישע ביכלעך — איך האָב געזעהן, אז דאָס זענען געווען רוסישע — געזאָגט „דאָ סווידאַניא", אין צווייטען שלאָף־צימער אריין, וואו דער לעהרער איז געשטאַנען, און אוועק.

איך האָב זיך פון אַנהויב פערוואונדערט אויף די רוסישע ביכלעך מיט'ן „דאָ סווידאַניא" פון יודישע מיידלעך אין א פער־וואָרפען פּויליש שטעדטעל. איך האָב זיך אבער דערמאָהנט, אז די יודישע חדרים ווערען דאָ ערלויבט נאָר מיט דעם תנאי, אז דאָרט זאָל געלערנט ווערען רוסיש. פּ ו י ל י ש צו לערנען איז פער־באָטען, בעת אַז אין ליטאָ איז, פערקעהרט, פערבאָטען אין א חדר צו לערנען רוסיש.

די שול איז אייגענטליך געווען א פּשוט'ער חדר פאַר מיידלעך. איך האָב זיך אבער אַנגעשטויסען, אז איך האָב דאָ צו טאָן ניט מיט א פּשוט'ן מיידעלשען מלמד. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א ביסעל אינטעליגענץ. איך האָב ניט געהאַלטען

איך געבעטען צוגרייטען מיר עסען — מיטאָג.
ביי מיטאָג האָט מיר מיין באַלעבאָסטע ווידער דערצעהלט, אַז זי האָט אויך ליעב צו לעזען. און זי קויפט אַלע טאָג אַ פּאָר יודישע צייטונגען.
וועגען דער לאַגע פון די צעהן טויזענד יודישע אַרבייטער אין בזשעזין האָב איך מורא געהאַט מיט מיין ווירטין, דער קאָ־מיסיאָנערקע, צו ריידען. איך האָב אין בזשעזין קיין שום פער־בינדונג ניט געהאַט, האָב איך זי געבעטען, אַז זי זאָל מיר אָנ־ווייזען עמיצען, ווער עס קאָן מיר געבען ידיעות וועגען בזשעזי־נער יודישען לעבען. איך האָב געפרעגט: וואו וואוינט דער רב?
— צום רב איז אַנ'עברה, וואָס איהר וועט געהן, — האָט זי מיר ערקלערט, — ער איז זעהר אַ פאַנאַטישער מענש, און דערצו אַן אַלטער מאַן. געהט בעסער אריין צום מורה־הוראה. ער איז אַ ציוויליזירטער מענש. ביי איהם אין שטוב לייענט מען ביכער און די קינדער זענען אויך היינטיגע. דאָרט וועט איהר אַלץ וויסען.
אין דעם וויטערדיגען געשפּרעך האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער חסיד'ישער רב לעבט ווי אַ גראַף, האָט אייגענע הייזער און פערלייהט געלד אויף פּראָצענט. דער מורה־הוראה לעבט געדריקט און דערצו האָט ער קיין נחת ניט פון קינדער.
און דאָ האָט מיר די ווירטין דערצעהלט אַ גאַנצע דראַמע פון דעם מורה־הוראה'ס טאָכטער. אַ יונג קינד, אַ שעהנס, אַ געראָטענס. האָט עס אָבער קיין מזל ניט.
אַז איך בין אריין צום מורה־הוראה אין קיך (ווארום קיין אַנדער אריינגאַנג איז ניטאָ), האָב איך געפונען די רבי'צין זיצען אויף אַ בעטעל און קעמען און וואַשען די קלענערע קינדער לכבוד שבת. איך האָב געפרעגט אויפ'ן מורה־הוראה. ער איז אין דער־היים ניט געווען. איך האָב ערקלערט דעם צוועק פון מיין וויזיט אַזוי איינפאַך, ווי דאָס איז נאָר פערשטענדליך פאַר אַ רבי'צין. דאָס האָט איהר, ווי איך האָב בעמערקט, ניט איבער־ראַשט. זי האָט מיך געבעטען אריינקומען אין אַ שעה אַרום, ווען דער רב וועט זיין.

נעזעסען. צו וואס ער האט זיך נאר צוגעריהרט — וואשט זי.

א'ז דאס איהם פריקרע געווארען, דעם מאן איהרען! הייסט דאס. האט ער זיך מיט איהר געוואלט גט'ן. וויל זי אבער ניט. קאן זי ארויסנעהמען איהר הארץ? — טענה'ט זי, — אט אזוי קאן זי זיך מיט איהם שיידען.

איז ער געוועזן ביי רבנים, מ'זאל איהם מתיר מאכען, אז ער מעג חתונה האבען מיט אנ'אנדערער. איז זי אבער אויך געוועזן ביי אלע רבנים. נעהמט זי טענה'ן — האלטען די רבנים מיט איהר. א געזונדטער מענש, ווי אלע מענשען!

איינמאל האט מען שוין אבגעמאכט פאר מענשען: ער וועט זיך מיט איהר אויפקומען איבער א נייעס, לעבען ווי פריהער. נאר זי זאל אויפהערען צו וואשען. אבגעמאכט! אויף מארגען — גיין, דעמזועלבען טאג, איז עמיצער אריין צו זיי אין הויז. ווי ער איז נאר געוועזן אויף יענער זייט טיר, זי וואשט ווידער. סוף כל סוף האבען זיי זיך גע'גט.

מיין בעל־דברנ'טע, די ווירטין, איז אליין אויך א יונג ווייבעל, א גאנץ בע'חנ'טע. אין מיטען איז אריין אן עלטערער יוד, א היבש גראהליכער.

— דאס איז מיין מאן, — האט זי מיר פארגעשטעלט. דער מאן האט עפיס א ברום געטאן אונטער'ן נאז און איז אוועק אין א צווייטען צימער. ס'איז קענטיג געוועזן, אז מיין ווירטין לעבט אין דער נשמה אויך איבער א דראמע.

ווייטער האט זי מיר דערצעהלט, אז איהר מאן איז א קאמיסיאנער. אזוינע קאמיסיאנערען זענען דא אין בזשעזין 20. אלע לעבען זעהר גוט. זיי אליין פערדיענען אויך גוט. קיין גאסטהויז איז אין בזשעזין ניטא. עס קומען צופאהרען נאר סוחרים. איז יעדער סוחר פערפאהרט צו זיין קאמיסיאנער. אויף מיר האט זי אויך געמיינט, אז איך בין א סוחר.

איך האב מיין ווירטין ערקלערט, אז איך בין נאר א שרייבער, ניט קיין סוחר. און אז איך פאהר ארום איבער יודישע שטעדט און שטעדטלעך, כדי צו זעהן, ווי אזוי יודען לעבען. כדי ניט צו פערנעהמען א פלאץ אין איהר הויז אומזיסט, האב

האָב איך געפרעגט מיין בעל־עגלה — און וואָס שווייגעז די ווייבער אליין?

—עס האָט זיך שוין געקעהרט מעשים אין שטעדטעל,—האָט מיר דער בעל־עגלה דערקלערט,—צום רב האָט מען איהם געלאָדען. עס זאָל זיין א סוף! זאָל ער גט'ן די צוויי און בלייבען איינער. האָט מען אבער גאָרנישט אויסגעפיהרט. ער האָט זיך פאַר'ן רב ניט דערשראָקען. ער האָט אויסגעשטעלט דעם בויך, גענומען די הענד אין די קעשענעס און מאַכט עזות'דיג צום רב: „איך, רבי, קאָן מפרנס זיין מיינע דריי ווייבער בעסער ווי איהר איינע", און איז אוועק.

— און די ווייבער? — האָב איך איבערגעפרעגט נאָכאַמאָל.

—זיי ווייסען ניט איינע פון די אנדערע. איינע איז אין בזשעזין, די אנדערע אין ווארשוי, די דריטע אין דער־היים ביי איהם אין גראַטשיקראַק. מיט אלע האָט ער קינדער.

נאָך מעהר פונ'ם בעל־עגלה האָט מיר אנדערערצעהלט פון בזשעזין די ווירטין פונ'ם איינפאָהר־הויז, וואוהין איך בין פערפאָהרען.

— איך ראַט אייך אריינצוגעהן צו... ער איז א ציווילי־זירטער מענש און זעהר א קלוגער. נאָר אן אומגליק האָט איהם. ניט פאַר קיין מענשען געדאַכט, געטראָפען, מיט דער ווייב.

— וואָס איז?

— גאָרנישט! אזוי איז זי א קלוגע, א שענע, א געראָטענע. רעדט מיט איהר, וועט איהר גאָרנישט דערקענען.

— וואָס־זשע, זי האָט עפּעס א פעהלער?

— קיין שום פעהלער! איך זאָג דאָך אייך. איהר וועט אין איהר גאָרנישט דערקענען. מעהר נישט: זי וואַשט!

— נו, איז וואָס, אז זי וואַשט?

— זי וואַשט ניט, פערשטעהט איהר מיך, ווי אלע מענשען וואַשען. וואָס זי כאַפּט, וואַשט זי. דעם מאַנ'ס ראָק, די יאַרמולקע אפילו.

קומט איינער אריין און געהט ארויס, כאַפּט זי וואַשען: די פּאָדלאָגע, וואו ער איז געשטאַנען: דעם שטוהל, וואו ער איז

# דער „מומחה".

אין מיינע פריהערדיגע גאַטיצען איז בזשעזין, אַט דאָס מערקווירדיגע שטעדטעל, געשילדערט בלויז פון דער עקאָנאָמי־שער זייט. בזשעזין איז אבער איינס פון די אָריגינעלסטע שטעדטעלך ניט בלויז אין פוילען, נאָר אין גאַנצען יודישען תחום. איך האַלט דעריבער פאַר נויטיג, צו געבען די לעזער אַ מעהר פאַלקאָמען בילד פון בזשעזין בכלל, אַ חוץ איהר שניידער־ריי־פּראָדוקציע.

שוין דער בעל־עגלה, מיט וועלכען איך בין אין שטעדטעל געפאָהרען, האָט מיך גוואַלדיג פּעראינטערעסירט מיט זיינע מערקווירדיגע מעשיות פונ׳ם שטעדטעל. אַ שטויגער: אַ סוחר איז געוועזן אין שטעדטעל, אַ ליטוואַק, וואָס האָט געראויכערט פּאַפּיראָסען אום שבת, געפאָהרען און געגאַנגען מיט אַ שטעקעל אום שבת און נאָך אַזעלכע עברות געטאָן. איז ער קראַנק גע־וואָרען, אוועקגעפאָהרען קיין וואַרשוי און געשטאָרבען. אַ מויער האָט ער געהאַט אַ גרויסען — אַט ד ע ם מויער! — האָט מיר דער בעל־עגלה אָנגעוויזען, אריינקומענדיג שפּעטער אין שטעדטעל — האָט מען איהם פערקויפט פאַר חובות און זיין גע־זינד האָט זיך אוועקגעשלעפּט איבער דער וועלט.

נאָך אַ סוחר איז דאָ איצט אין בזשעזין, אויך אַ גרויסער בעל־עבירה: יענער איז אבער ניט געשטאָרבען! ער לעבט! זאָגט מען, אַז ער לעבט דוקא מיט דריי ווייבער...

— ווי אַזוי דערלאָזט מען דאָס אין אַ יודיש שטעדטעל?—

— נאַר שלום־עליכם׳ן — האָט ער ווידער קורץ געענט־
פערט.

אַט האָט איהר די „פאַמיליע צבי“ פון דער לינקער זייט—
האָב איך אַ קלער געטאָן. דוד פינסקי איז געווים אין סאָכאַ־
טשעוו קיינמאָל ניט געווען...

גען. ער האט אויך דערמאָלט, אין די יונגערע יאָהרען, ליעב גע־
האט אמעריקא. ער האָט געוואָלט אראָבברייגגען אהין די פאַ־
מיליע, נאָר ס'האָט זיך ניט איינגעגעבען. ער איז געקומען צו־
ריק, און געבראכט א היים א פּאָר טויזענד רובל. געמאכט גע־
שעפט, איז ניט געגאנגען. דערנאָך האָט ער געעפענט די טאָנ־
דעט־קראָם. שוין א מעשה פון א יאָהר צוואנציג. האָרעוועט
צוזאמען מיט די קינדער. דער זוהן האָט חתונה געהאט, איז ער
געוואָרען א שותף אין קראָם. די יונגערע דארפען האָבען מעהר
פאר די אלטע, טראָגט שוין אוים וױינציג. דאָרף מען מאכען
עקאָנאָמיע. לעבען זיי, די אלטע, אין קראָם גופא. קאָכען דאָרט,
שלאָפען דאָרט, אין דעם שטיקענדען גערוך פון די אלטע האָ־
לעוועס און זוילען. וואָס זאָל מען טאָן. די יונגערע זענען בילכער,
אגב דאַרף מען היטען די קראָם. מ'האָט שוין איינמאָל בע־
גנב'עט. אפילו אויף די אלטע האָלעוועס איז דאָ בעלנים...

דער זוהן האָט מיר פאָרגעשטעלט ז י י ן זוהן, דעם
יונגען בעל־הבית'ל. ער האָט אויסגעזעהן א בחור'ל פון א יאָהר
אכצעהן.

— וואָס האָט איהר זיך געאיילט אזוי פריה חתונה צו
האָבען? — האָב איך איהם געפרעגט.

— געקראָגען א מיידעל... ניט געהאט קיין געדולד... א
היינטיגער בחור, — האָט פאר איהם געענטפערט דער פאָטער.

איך האָב זיך איינגעקוקט אין די דריי פּנים'ער. איך האָב
פאר זיך געהאט דריי דורות: דעם טאָטען, דעם זוהן און דאָס
אייניקעל. דער טאטע — א משכיל; דער זוהן א ציוניסט; דאָס
אייניקעל איז מסתמא א דעמאָקראט — האָב איך געקלערט,
פאָרשטעלענדיג זיך דוד פּינסקי'ס „פאמיליע צבי".

— פון וואסער שניט איז אייער זוהן? — האָב איך גע־
פרעגט דעם טאָטען, דעם יונגערן טאטען: איז ער אנ'ענטוויי־
קעלטער, אינטערעסירט ער זיך מיט געזעלשאפטליכע פראגען?

— וױינציג, — האָט דער פאָטער קורץ געענטפערט.

— לעזט ער יודישע ליטעראטור?

שפעטער איז געעפענט געווארען אין פעטערבורג א ליטע־ראַרישע געזעלשאַפט, האָט ער זיך געמיהט מיט אַלע קרעפטען צו עפענען אין זיין שטעדטעל אַן אָבטיילונג. מאַטערט זיך, קעמפפט מיט די אַלע שטערונגען, וויל עפענען א ביבליאָטעק, וויל איינאָרדנען א פאָרלעזונג, וויל מאַכען עפּעס ליכטיגער אַרום איהם. עס איז אבער שווער.

---

דערווייל ווערט די עקאָנאָמישע לאַגע אַלץ געפעהרליכער. עס וואַקסט דער אַנטיסעמיטיזם. עס ענטוויקלען זיך „ספּולקעס" — פּוילישע קאָאָפּעראַטיוועז. עס עפענען זיך קריסטליכע קראָ־מען און נעהמען אָב די פּרנסה. נאָכמעהר, טוט איהם וועה דאָס האַרץ פון דער טעמפּער גלייכגילטיגקייט פון יודען גופא צו זייער שיקזאַל. אין דער צייט פון די וואַהלען אין דער ערשטער, צווייטער און דריטער דומע האָט געקאָכט מיט וואַהל־אַגיטאַ־ציע. „איהר ווייסט" — זאָגט ער צו מיר — „איך האָב געקוקט מיט שרעקליכער קנאה אויף דעם פּוילישען קסיאָנדז. ער האָט געהעצט געגען יודען, פערשטעהט זיך, אבער וואָס פאַר א טאַ־לענט אין ריידען! וואָס פאַר א בעלעזענקייט אין וועלטליכע ביכער, וואָס פאַר א בעקאַנטשאַפט אין עקאָנאָמישע פראַגען! געגען איהם זענען געשטאַנען אונזערע חסידים, האָבען גע־גלאָצט די אויגען און ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן".

איך בין געגאַנגען מיט'ן טאַנדעטניק אין גאָס און אריין צוריק אין זיין קראָם. ער האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט זיין פאָטער, דעם אַלטען טאַנדעטניק. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז יענער איז אויך ניט קיין פּשוט'ער טאַנדעטניק. ער איז א פריי־דענקער, א דענקענדער מענש בכלל, איינער פון די בעסערע אמאָליגע משכילים. האָט געלייענט א סך העברעאישע ספרים, לייענט איצט די „הצפירה". אין מיין געשפּרעך מיט איהם האָב איך זיך באַלד איבערצייגט, אז מיר זענען „לאַנדסלייט". ער איז געווען אין אמעריקא. געלעבט עטליכע יאָהר אין ניו־יאָרק. אמת, דאָס איז געווען מיט עטליכע און צוואַנציג יאָהר צוריק. דער אַלטער האָט אבער ניט פערגעסען אמעריקא — רעדט פון איהר מיט גרויס רעספּעקט און ליעבע צו איהרע פרייע אָרדנונ־

נע פאנטאפעל, דזשענעכץ און קאפולען, איז איינער פון די בעסטע אינטעליגענטען פון דער מאסע, וואס איך האב געזען. ער איז בעגעגענט אין יודישע שטעדט און שטעדטלעך. ער איז אויך א כלל־טוער שוין פון 15 יאהר. יעדערער קען איהם אין שטעדטעל, איהם איז פארגעקומען ניט איינמאל צו פיהרען א קאמפף מיט סאכאטשעווער פאנאטיקער. ער האט ניט אוועקגעלעגט דאס געוועהר ביז'ן היינטיגען טאג.

מיין טאנרעטניק האט מיך געבעטען ענטשולדיגען. ער דארף נאך אביסעל לויפען אהין, אהער וועגען קראם־זאכען, אין א שעה ארום וועט ער צו מיר קומען.

אין א שעה ארום איז ער געקומען, א ביסעל איבערגעטון: אין א רייגערער קאפאטע, א נייע מיצעל. ער האט מיר דערצעהלט א ביסעל סאכאטשעווער היסטאריע, א ביסעל זיין אייגענע ביאגראפיע.

נאך אין די סאמע יונגעלשע יאהרען האט ער געפונען ביי זיין טאטען א ספר אין יודיש — „שבט יהודה“, און האט זיך שטארק אין איהם פערלייענט. אין דעם ספר ווערט דערצעהלט פון יודישע צרות אין פערשיעדענע צייטען. פון דעמאלט אן האט ער אלץ געזוכט אזעלכע ספרים, האט געלייענט די טרויעריגע מעשיות, וואס דערצעהלען וועגען דעם יודישען פאלק. א סך אזעלכע ספרים האט ער איבערגעלייענט, איצט האט ער שוין דיקערע, וויכטיגערע ספרים וועגען יודישער געשיכטע. און ער זיצט גאנצע נעכט איבער גרעץ, דובנאוו, גראבט זיך און גריבעלט זיך אינ'ם שיקזאל פונ'ם יודישען פאלק.

מיט לעזען אליין איז ער אבער ניט יוצא. ער וואלט וועלען מאכען א סוף צו יודישע צרות. און ווי ס'איז נאר אויפגעקומען די ציוניסטישע בעוועגונג — איז ער געווארען איינער פון זיינע טרייעסטע אנהענגער. פון דעמאלט אן האט ער ניט אויפגעהערט צו אגיטירען, פערקויפען שקלים, אקציעס, קלויבען אויפ'ן נאציאנאל־פאנד, לעזען און פערשפרייטען יעדע בראשור, יעדעסווארט, וואס רעדט וועגען ציוניזם: פאהרט אפט קיין ווארשוי, בריינגט אראב רעדנער, דעבאטירט מיט געגנער.

שפּיעלען זיך איינע מיט די אנדערע אין צו־להכעיס...

קיין דירעקטע פערבינדונגען מיט סאַכאַטשעוו האָב איך ניט געהאַט, איך האָב נאָר געהאַט אַנ׳אַדרעס און בין געפאָהרען לויט׳ן אַדרעס.

דער פוהרמאַן האָט מיך געבראַכט אויפ׳ן סאַמע מיטען מאַרק און האָט מיך דאָרט איבערגעלאָזען ביי אַ קראָם.

דער מאַגאַזין האָט זיך אַרויסגעוויזען — פּשוט אַ טאַנדעט־קראָם פון פערשיעדענע שיך, שטיוועל, אַ ביסעל נייע, איבער־הויפּט אַלטע, איבערגעניצעוועטע, געלאַטעטע.

די קראָם איז געווען געפּאַקט מיט גויים, וואָס זענען גע־קומען קויפען און פערקויפען אַלטע שטיוועל, אָדער זענען אַריין פּשוט, מעשה בעקאַנטע, אויסשמירען די שטיוועל מיט דזשעג־געכץ.

איך האָב אַריינגעקוקט אין די פּנים׳ער, וואָס האָבען זיך געדרעהט אין קראָם; אַן אַלטער יוד האָט מיט שטאַרקע מבינות בעטראַכט אַן אַלטע פּאָר חאַלעוועס, וואָס אַ גוי האָט אַריינגע־טראָגען; אַ יונגערער יוד האָט געמאָסטען אַנ׳אַנדער גוי אַ פּאָר פּאַנטאָפעל מיט הילצערנע זוילען. אַן אַלטע יודענע האָט זיך געדרעהט אַרום אַן אויוון, וואָס איז געשטאַנען טאַקע דאָ אין קראָם גופא; אַ פּאָר אַנדערע יודען האָבען זיך גלאַט וועגען עפּעס נעאַמפּערט, זיצענדיג אויף אַ בעט מיט ברודיגע בעט־געוואַנד. איך האָב אַנגעקוקט די אַלע פּנים׳ער און די פּנים׳ער האָבען מיך אַנגעקוקט עפּעס מעשה רעטעניש. ענדליך האָב איך געפרעגט איינעם פון די יונגערע אין אַ מיצעל און אין אַנ׳אַל־טער, אָבגעקראַכענער קאַפּאָטע, צי איז ער וועמען איך זוך.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז ע ר. אַ ווײלע האָט ער זיך געפּיהלט אומבעקוועם. נאָר באַלד האָט ער מיר אונטערגעשטעלט אַ ביינקעל און געבעטען זיצען. איך האָב איהם געבעטען אָבפיהרען מיך אין אַ גאַסט־הויז. אויפ׳ן וועג האָבען מיר אַביסעל געשמועסט.

---

אַ יודישע נשמה קאָן מען ניט אָבשאַצען! אַט דער טאַנ־דעטניק, וואָס לעבט אין אַ וועלט פון אַלטע חאַלעוועס, הילצער־

# איינער אין שטאדט.

סאָכאטשעוו איז א שטעדטעל, וואָס ליעגט א צוויי שטונ־דען רייזע פון ווארשוי, און דאָס לעגט שוין ארויף א בעזונדער שטעמפעל אויף דער שטעדטעלשער פיזיאָגנאָמיע.

א שטויגער: אין סאָכאטשעוו איז דאָ א טייך, וואָס האָט גוטע פיש. דאָס איז דער איינציגער פּראָדוקט, וואָס סאָכא־טשעוו „שאפט". א ווארשויער יוד קאָן בעקומען סאָכאטשע־ווער פיש, אויפ'ן ווארשויער פיש־מארק פאר דרייסיג, פער־ציג קאָפּ. א פונט. א סאָכאטשעווער יוד אָבער, אז ער וויל אויף שבת האָבען א שטיקעל היימישע פיש, מוז ער בעצאָהלען 60 קאָפּ. א פונט און דאָס מוז מען פאָהרען נאָך דעם קיין ווארשוי און ברייינגען עס צוריק קיין סאָכאטשעוו. ס'איז שוין פאַרהאַן איין מין יודען, וואָס פאקען סאָכאטשעווער פיש אויף וועגען און פיהרען קיין ווארשוי, און נאָך א מין יודען, וואָס פאָהרען קיין ווארשוי מיט דער באהן, און ברייינגען די פיש צוריק קיין סאָכאטשעוו.

און דאָסזעלבע איז אויך מיט היהנער, מיט פּוטער און קעז און פּרוכטען און אנדערע זאכען. דערפון האָבען סאָכאטשעווער יודען פּרנסה. א טייל פיהרען ק י י ן ווארשוי, אנדערע פיה־רען פ ו ן ווארשוי — גאנץ אָפּט טאקע דיזעלבע זאכען.

דערפון פערשטעהט איהר, אז אין סאָכאטשעוו איז אלץ טייערער, ווי אין ווארשוי. אפילו דירות. עס קומט אויס, אז סאָכאטשעווער יודען האנדלען ניט און לעבען ניט, נאָר זיי

---

נישט נאָר ערב שבת בעמערקט איהר אין די קראָמען אזא וויסט־
קייט. איהר בעמערקט דאָס אַפּט אויך אין א וואָכעדיגען טאָג.

אָט די רוהיגקייט האָט נאָר נישט צו טאָן מיט פּאָעזיע. זי
ווייזט אויף דער טעמפּער אַפּאַטיע, אויף דער פערצווייפעלטער
גלייכגילטיגקייט צו דער אייגענער לאגע, אויף דער מוטלאָזיג־
קייט און האָפנונגסלאָזיגקייט פון שלום אש׳ס „שטעדטעל“.

דאַ זענען די פירער פון דער פויליש־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, דער שפּיץ פון דער פוילישער גאַראַדאָווער דעמאָקראַציע.

אין וואָצלאַוועק האָט פּאַסירט שלום אַש'ס ערוואַכונג. דאָ האָט ער אַראָבגענומען דאָס מיצל מיט דער קאַפּאָטע. דאָ האָט ער אָנגעפאַנגען צו לעזען און שרייבן יודיש. בשעת שלום אַש האָט געשריבן זיין „שטעדטעל", האָט דאָס יודישע שטעדטעל אין פּוילען נאָך בעהאַלטען גאַנץ קענטיגע סמנים פון אַמאָליגען פּאַטריאַרכאַלען שטויגער. פאַר דעם אויג פון אַ לעבענס־פאָרשער, האָט אָבער שוין דאַן נישט געקענט ענטגעהען דער טיפער אי־נערליכער קריזיס פון „שטעדטעל". שוין דאַן איז געווען אַ ביי־זער סימן אין דער צו־רוהיגער פייערליכקייט פון אַ קוטנער מארק אַן ערב שבת. דעם דיכטערס אויג האָט זיך געקאָנט אָב־שטעלען מעהר אויף דער פּאַטריארכאַלער רוהינקייט פון דער יודישער שטעדטעל, ווי אויף זיין דראָהענדער צוקונפט. אמת: ווייט פון דער ווירקליכקייט האָט אַש נישט געקענט אוועק אין זיין פּאָעטישער דיכטונג. די גאַנצע פּאָעזיע פון „שטעדטעל" איז פערצוייגען עפּעס מיט אַ טרויעריגען נעבעל. עפּעס פיהלט זיך שוין, אַז דער אַלט פרענקישער הונדערט יעהריגער דרימעל נעהמט אַ סוף; אַז די ווירקליכקייט אין דעם פּוילישען שטעדטעל הערט אויף צו זיין פּאָעטיש און ווערט אַ ביטערע פּראָזע. אין די לעצטע 12—15 יאָהר האָט דאָס „שטעדטעל" שטאַרק אומ־געביטען זיין פיזיאָגנאָמיע. ווען אַש קומט יעצט אַהער, וואָלט ער שוין מעהר נישט געפונען יענע ווייכע פאַרבען, וועלכע האָבען גענעהרט זיין פעדער אין זיין יוגענד.

מיר, פּשוט'ען בעאָבאַכטער, איז גלייך געוואָרען פערדעכ־טיג אַט די צו־שטילע ערב־שבת'דיגע פייערליכקייט פון די קרע־מער. און באַלד האָט זיך טאַקע ארויסגעוויזען, אַז נישט די רע־ליגיעזע שטימונג האָט איהר געבוירען. איהר גרונד ליעגט ערגיץ־אַנדערש; ליעגט אין עקאָנאָמישען באָדען, ליעגט אין די סך קריסטליכע געוועלבער, וואָס שפּראָצען דאָ ארויס די סאַמע לעצ־טע צייט. זיי רייסען ארויס דעם באָדען פון דער יודישער עק־זיסטענץ. ווארום דער באָדען פון דער יודישער עקזיסטענץ אין דעם פּוילישען קליין שטעדטעל איז נאָר דער קליינהאַנדעל.

שטעדטעל. זיי האבען מיר געוויזען אלע שטענעלעך, וואו דער דיכטער האט ליעב געהאט צו שפאצירען: די פערלעגענע ווינ־קעלעך, וואו ער פלעגט גערן ליעגען און פאנטאזירען. אויפ'ן וועג האט מען מיר אנגעוויזען די העלדען פון „שטעדטעל" — לעבעדיגע פערזאנען. וואס וואוינען נאך יעצט אין קוטנא. —

אט איז די „קוילער־געסעל". אט איז ד י פון וועלכע א ש האט געשריבען „די יאטישע מאכטער". איין האטעל אפילו, דערזעלבער, וואו איך האב זיך אבגעשטעלט. האט זיך ארויסגעוויזען, איז געווען דער פלאץ, וואו עס האט זיך אין דער ווירקליכקייט אבגעשפיעלט שלום אש'ס דראמע „דער יחוס". שלום אש'ס ביאגראפיע איז, איבעריגענס, ניט זעהר קיין רייכע אין פארבען, אין איבערלעבענישען. קיין קאמפף פאר זיין עק־זיסטענץ האט ער אין זיין יוגענד ניט געדארפט פיהרען, ווי אנדערע יודישע שרייבער. זיין פאטער איז געווען א פערמעגענ־דער יוד, געהאנדעלט מיט פיה. ביז ער איז געווארען א גרויסער בחור, האט ער געטראגען דאס מיצעל מיט דער לאנגער קא־פאטע, געלערנט פריהער אין חדר, דערנאך אין בית המדרש; געקוועטשט די באנק, געבטל'ט, געגאנגען שפאצירען אונטער'ן שטאדט, געלייענט פער'גנב'עטערהייד דעם „אהבת ציון" און אנדערע „אפיקורסישע" ביכלאך. שפעטער אביסעל דערוועקט זיך אין איהם א שטרעבונג צו וועלען עפעס וויסען מעהר פון דער וועלט. ווארשוי איז נאך פאר איהם צו ווייט; דער קאכ־קעסעל פונ'ם דארטיגען לעבען צו מורא'דיג. לאזט ער זיך וויי־טער אביסעל, אבער נישט גאנץ ווייט — אין וולאצלאוועק. וולאצלאוועק איז, אזוי צו זאגען, דער צווייטער טייל פון שלום אש'ס „שטעדטעל". דארט איז מעהר קולטור; די נאטור איז דארט רייכער און שענער, דער ווייכסעל איז דארט ברייטער און שטראמיגער, ווי אין ווארשא אפילו. און איבער דער ווייכסעל, אויף יענער זייט טייך, הויבט זיך אויף פאר אייערע אויגען איי־נע פון די בעצויבערענדסטע לאנדשאפטען אין פוילען. איך גלויב אז אין דער שווייץ אפילו קען מען אזעלכע שענע לאנדשאפטען ניט אפט בעגעגענען. דעריבער איז קוטנא און וולאצלאווען — דער צענטר פון דער פוילישער קולטור. די בעלי־בתים פון לאנד

לויט'ן פלאן איז קוטנא עהנליך צו יעדן אנדער פּויליש און זאגאר ליטוויש שטעדטעל. נאר דא איז עפּעס מעהר באלא־באטיש, מעהר בהרחבה'דיג, מעהר פּאטריארכאל ווי אומע־טום.

ס'איז געווען א ווארימער שענער יוני־פּארנאכט, ווען איך בין אנגעקומען אין שטעדטעל. איך בין גלייך ארויס פון האָ־טעל, אום צו בעטראכטען די ערב שבת'דיגע פיזיאָנאָמיע פון שלום אש'ס שטעדטעל. און עס האָט ווירקליך פּאַרגעשטעלט א אינטערעסאנט בילד. עס איז נאך געווען א פּאר שטונדען צו ליכט־בענשען. קיין געלויף איז ערגעץ אויפ'ן מארק ניט געווען צו בעמערקען, מענשען זענען זיך געגאנגען, ריכטיגער, אומגע־גאנגען — רוהיג, ערטערווייז זענען געשטאנען שיטערע קופּקעס מענשען און איבערגעוואָרפען זיך, ווען ניט ווען, מיט א ווארט. מעהרסטענס אָבער — אזוי געקוקט פון בארג אראָב גלאט אין דער ווייט אריין.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו די קראָמען, אריינגעקוקט אינע־ווענינ אין די געוועלבער: א מערקווירדיגע זאך! אין קיין איין געוועלב איז קיין איין קויפער ניט געווען. אבער די קרעמער האָ־בען, ווי עס האָט געשיינט, זיך ווענינ געקימערט וועגען לייזונג. דער איז געזעסען דרויסען, פּאר דער קראָם, אויף א בענ־קעל, פערוואָרפען א פוס אויף א פוס; יענער — אין קראָם, פערטיפט אין א יודישע ציימונג; א מיידעל, א קרעמערין האָט זיך געמאכט געמיטליך אין שפּיגעל איהר טואלעט; א מוטער אין א צווייטער געוועלב, האָט געקעמט א קליין קינד; ווידער אן אנדערער האָט געפּיפּקעט א ליולקע און געלאָזען פערגעניגענד דעם רויך אין ברייטען מארק אריין. דער עולם האָט געשיינט עפּעס צופריעדען פון זיך אליין, פון דעם שטילען, רוהיגען לע־בען, פון דעם ווארימען, דופטיגען, ערב שבת. די גאנצע אויסענ־וועלט, פערגאנגענהייט, צוקונפט — אלעס האָט געשיינט פער־שוואונדען, ניט נויטיג אין אָט דעם ערב שבת'דיגען דרימעל, אין דער אידיליע פון שלום אש'ס שטעדטעל.

אויף מאָרגען האָבען מיר אייניגע יונגע לייט, שלום אש'ס געוועזענע חברים, געפיהרט ווייזען דעם שענעם פּארק פון

דער כמעט אויף יעדער וויאָרסט, אויף יעדער האַלב־וויאָרסט בעלעבט מיט כוטאָרעס, עהנליך צו אַמעריקאַנער פאַרמס. דער־פון בעקומען די פעלדער א מערקווירדיג מונטער לעבעדיג אויס־זעהן.

ווען איהר פאָהרט אריין אין קוטנאָ און טוט נאָר עטליכע טריט אין שטעדטעל אריין, נעהמט אייך גלייך איבער א גע־דיכט־שאַטענדיגע ברייטע אלעע, וואָס בעצויבערט אייך דורך איהר געהיימניספולקייט און פּאַטריאַרכאַל־רוהיגער היימיש־קייט. די אלעע גיט אייך איבער פון איין זייט דעם שענעם פּאַרק, וואָס בעלאַנגט דעם פריץ פון שטעדטעל; פון דער צווייטער זייט — דעם סאַמע שטעדטעל. דאָס שטעדטעל הויבט זיך אויף פּאָר אייערע אויגען בארג ארויף. פון שפּיץ בארג אראָב געהט עס זיך פונאַנדער אין פערשיעדענע זייטען מיט ברייטע גאַסען, וועלכע געהען באלד איבער אין ציכטיגע גלאַטע שאָ־סעען. דער צענטער, ווי אין אלע פּוילישע שטעדטלעך, שטעלט פאָר א גרויסען פיערקאַנטיגען פּלאַץ, פון אלע זייטען ארומגע־צוימט מיט גרויסע מויערען: אויבען וואוינונגען, אונטען קראָמען.

ווי דאָס רוב פּוילישע שטעדטלעך האָט קוטנאָ אויך צוויי מערק, און ווי אומעטום, הייסט דער ערשטער וואָס קומט אייך אנטקעגען ביי אייער אריינפאָהרען — „נייער מארק“, דער צווייטער, אביסעל ארונטער — „אלטער מארק“. אויפ'ן אלטען מארק שטעהען געוועהנליך מולטערלעך און אלטע צובראָכענע קעסטלעך. דאָ ווערט געהאַנדעלט מיט פערשיעדענע גרינסען. אין די קרעמלעך דערביי ווערט פערקויפט גרויפּענס, זאלץ, נאַפט, זייף, סמאָלע און עהנליכע פּראָדוקטען, מעהרסטענס פאר'ן פּויער.

אויפ'ן „נייעם מארק“ נעהמט שוין א גרעסערער האנדעל, מיט ארטיקלען פון ברייטערע בעדערפנישען און זאָגאר מיט לוק־סוס, דאָ זענען די רייכערע יודישע קראָמען. דאָ איז, געוועהנליך דער אפּטייק, א קאַנדיטעריי וואָס בעלאַנגט שוין ניט צום יודי־שען האנדעל. דאָ איז דער מאַגיסטראַט, די פּאָליציי; דאָ וואוי־נען די נגידים פון שטעדטעל. דאָ איז אויך דער האָטעל, קורץ,

# אין שלום אש׳ס שטעדטעל.

געקומען בין איך אין קוטנא אין א זומערדיגען ערב־שבת.
שוין מיט אייניגע סטאנציעס פריהער, פאר קוטנא — דאס שטעדטעל וואו אש איז געבוירען און דארט זיין ערשטע יוגענד פערבראכט, — מערקט איהר, און איהר פיהלט, אז איהר קומט נעהנטער צו שלום אש׳ס „שטעדטעל“. די נאטור איז אין ערגעץ אין פוילען ניט אזוי רייך, אזוי שען ווי דא: צו דערזעל־בער צייט פיהלט איהר אומעטום דעם מענשענ׳ס האנד, זיין שאפענדען גייסט. יעדער פון די פאסאזשירען אין צוג קען־נען זיך ניט אבהאלטען פון דעם רייץ, ארויסצוקוקען דורכ׳ן פענסטער פון וואגאן אין די שענע פעלדער. וואס זענען געדיכט בעזעצט מיט גאנצע כוואליעס שווערע גילדענע זאנגען. אויף אלץ וואס וואקסט דא: קארן, האבער, גערשטען, ווייץ, אפילו קארטאפעל, איז א מאדנע גערעטעניש, און דאס איז ניט קיין צופאל. דא איז דער בעסטער, דער פעטסטער באדען פון פוילי־שען לאנד. די לאנקעס זענען אויך אזוי געדיכט בעזעצט מיט בליהענדער קארנוסינע, פון וואס די בהמות ווערען דיק און גיבען פעטע געשמאקע מילך. ערגעץ אויפ׳ן וועג, בעמערקט איהר ניט אזוי פיעל סטאדעס פאשענדיג זיך אויף די לאנקעס, ווי דא. און די קיה זענען גאר פון א בעזונדער שענעם קאליר. די פעלדער ווערען אפט דורכגעשניטען מיט שאסיי־וועגען, פון ביידע זייטען בעצירט מיט געדיכטע אלעען. דערפער מיט שטרוי־ענע דעכער בעמערקט איהר דא זעלטען. דערפאר זענען די פעל־

טאַריע, איהרע לעגענדעס זענען גאָר ניט גלייך צו דער היסטאָריע און צו די לעגענדעס פון אנדערע שטעדטלעך.

ביאַלע אליין מיט איהרע ארומיגע געגענדען, די שענסטע, די פרוכטבארסטע אין פוילען, האָט אמאָל בעלאנגט צו די ראַדזיווילס, די גרעסטע יחסנים פונ'ם פוילישען אדעל. אבער מ'ווייסט ניט, ווי אזוי דאָס איז געשעהן: די ירושה פונ'ם פוילישען מאגנאט איז מגולגל געוואָרען צו עפּעס א יודיש מיידעל. איהר ירושה, זאגט מען, בעטרעפט א 50 מיליאָן. דאָס מערקווירדיגסטע איז אבער, וואָס אָט דאָס מיידעל נעהמט פּלוצלונג און האָט חתונה מיט אַ פוילישען ארבייטער. נאַטירליך, האָט זי זיך דערביי גע'שמד'ט. די פוילישע נאַראָדאָווצעס טאַנצען פאר שמחה: ניט פערפרעמדט געוואָרען די גרויסע מאַיאָנטקעס פון זייער ראדזיוויל; אריינגעפאלען איבער־א־ניים אין פוילישע הענד.

ביאַלער לעגענדעס זענען פול מיט יודישע מארטירער, מיט „שמשון הגבור'ס", מיט „לצים", וואָס גרילצען, ווארפען שטיינער און ציגעל און פייפען פון די קוימענס. נאָך איצט געהען ביאַלער ווייבער ניט ארויס אָהן א פארטוך, די קינדער לאָזט מען ניט ארויס אָהן רויטע בענדלעך — א סגולה געגען „ניט־גוטע".

אָט דאָס איז ביאַלע...

וועגען א תכלית אויף פאר די זיהן. די קראם איז שוין ניט מעהר דער איינציגער מקור פון חיונה. מ׳מוז זיך נעהמען צו א מלאכה.

צופעליג האבען זיך געעפענט דא עטליכע מעכאנישע שוס־טערייען. אמאליגע צייטען וואלטען די פאבריקאנטען דארפען אויסשרייבען ארבייטער פון אן אנדער ארט. ק י י ן ביאלער חסיד וואלט ניט צונעהמען זיין זוהן פון שטיבעל און אבגעבען פאר א שוסטער. היינט שיקען שוין א סך עלטערן זייערע זיהן א׳ן די שוך־פאבריקען און זענען גערן, וואס מ׳נעהמט זיי צו. די לעהר־ע געדויערט איינגאנצען דריי מאנאטען און איז ניט קיין שווערע. געצאהלט ווערט ניט שלעכט. ארבייטער בעקומען דא פון 5 ביז 12 רובל א וואך.

קוים זענען די חסיד׳ישע יונגע־לייט ארויס פון שטיבעל און זיך צוזאמענגעשטויסען פנים אל פנים מיט׳ן לעבען, האבען זיך שוין אין זיי דערוועקט אנדערע לעבענס־פראגען. עס הויבט זיך אן וועבען א בעוועגונג. די עקאנאמישע קאטאסטראפע אינ׳ם לעבען פון די ביאלער יודען און די מעכאנישע שוסטעריי האבען געמוזט ווירקען אפ־לו אויף די יונגע־לייט, וואס זענען נאך דערווייל געבל־בען אין שטיבעל. עס מערקט זיך דארט א פאר־שפעטיגטע השכלה־בעוועגונג. ביאלער חסיד׳ישע יוגענד לעבט איבער דיזעלבע השכלה־עפאכע, וואס די ליטווישע יוגענד האט דורכגעמאכט מ־ט 50 יאהר צוריק. מ׳הויבט אן פונ׳ם „אהבת ציון“ און מ׳געהט גלייך אריבער צום „רוסקאיא רעטש“. אזוי ווי אין ליטא, געהט דא די השכלה אריבער פון העברעאיש אין רוסיש און ניט אין פויליש.

וועגען א געזעלשאפטליכען לעבען, וועגען א קולטורעלער בעוועגונג אין ביאלע קאנען אייך געבען א בעגריף די צוויי איינציגע חברות, וואס עקזיסטירען דא: „חברה תהלים“ און „שומרי שבת“. אמת, מיט א קורצער צייט צוריק האבען עטלי־כע יונגע־לייט דא געוואלט גרינדען א ליטערארישען פעראיין, האבען די חסידים זיך געלעגט אין דער לענג און דערברייט און — ניט דערלאזען.

קורץ: אלץ איז אין ביאלע אריגינעל; אפילו איהר היס־

עלטערן אויף שטענדיג. שטערטעל האט מיט די דאזיגע אפיקורסים נ י ש ט צו טאן, און די ליטווישע פאמיליעס לעבען דא אין א מין בעזונדער קאלאניע.

גאנץ אנדערש איז מיט'ן פראגימנאזיום, עס איז פול מיט יודישע מיידלעך, דוקא חסיד'ישע טעכטער. נאר מיינט נים, אז חסידים האלטען פאר נויטיג זייערע טעכטער יא צו געבען בילדונג, האלטען בכלל די טעכטער מעהר פאר מענשען. גראד פערקעהרט: אן „אשה" איז ביי א חסיד קיין מענש נים. זי איז נים מחויב צו לערנען, צו זיין פרום. זי איז בעשאפען געווארען צו זיצען אין קראם און מפרנס זיין דעם מאן, כדי ער זאל קאנען זיצען און לערנען, פאהרען צום רבי'ן און פראווען חסידות. אין קראם דארף זי קאנען פערשרייבען, ריידען מיט'ן פריץ, בכן, האט מען גארנישט דאגעגען, ווען א מיידעל וויל געהן „אין די קלאסען", ווען זי לייענט א פויליש בוך און געהט שפאצירען מיט א שייגעץ. זי איז צו־ווייניג מ ע נ ש, אז צו איהר הארץ און מח זאל זיך עפעס דערפון צוקלעפען.

אין ביאלע האט איינער געפרובט מאכען א חדר־מתוקן. האט מען איהם אזוי פיעל אנגעטאן צרות, דורך מסירות און אלערליי רדיפות, אז ער האט געמוזט דעם רעפארמירטען חדר פערמאכען און אליין אנטלויפען.

פון דעם אלעם קאנט איהר זיך לייכט אנשטויסען, אז אין ביאלע איז ניטא און קאן נים זיין קיין שום ליטעראַרישער פעראיין, קיין שום בילדונגס־געזעלשאפט, קיין שום ביבליא־טעק. אין „לינת הצדק" איז געווען א יודישע אקושעריז, האט מען זי גע'רודפ'ט דורך מסירות און ארויסגעיאגט. מ'האט גע־בוים אין ביאלע א יודישען שפיטאל, האט מען בעשלאסען קיין שום יודישען דאקטאר, יודישען פעלדשער, יודישע אקושעריז נים צו נעהמען, ווייל זיי זענען אפיקורסים. גויים — יא! ווארום א גוי וועט א יודיש קינד נים אראבפיהרען פון וועג.

אט אזא פינסטערניש איז אין ביאלע! פונדעסטוועגען איז דאס לעבען שטארקער, ווי דער פאנאטיזם פון די ביאלער חסידים. דער עקאנאמישער חורבן, די אייזערנע נויט האט גע־צוואונגען די ביאלער פינסטערע פאנאטישע עלטערן צו זארגען

בכבודו ובעצמו א פאגראם אויף א טאנץ־קלאס; א שענער יוד, וואס האט פערשיקט דורך א פאלשע מסירה א יודישע פאמיליע אויף קאטארגע; חסידים־יונגעליים, וואס פוילען אב זייער לע־בען אין שטיבעל; חסיד׳ישע טעכטער, וואס געהען שפאצירען מיט אפיצירען און שקצים.

איך וויל ניט ריידען קיין לשון־הרע אויף ביאלער יודישע טעכטער. איך ווייס, אז זיי טוען דאס ניט פון פערשייטקיים, נאר צוליעב חיונה. וואס טוט דען ניט א יוד און א יודישע טאכטער צוליעב חיונה?...

איהר קענט דאס ליערעל?

זייט מיר געזונד, רבי־לעבען!
זייט מיר געזונד, רבי־לעבען!
מיט מאצווייקען מוז מען טאנצען
פון דער ביטערער פרנסה וועגען...

עס וואלט געווען א מעשה אהן א סוף צו דערצעהלען די מערקווירדיגקייטען, וואס ביאלע פערמאגט. נאר מערקווירדיגער פון אלץ איז געוועזן דער ביאלער „הויף". איך מיין דעם ביא־לער׳ס הויף, דער מערקווירדיגסטער פון אלע „הויפען" אין פוי־לען, ליטא און וואלין. איך זאג: „געוועזן". ווארום דער ביאלער הויף מיט זיין גאנצער גדולה, מיט דער בעריהמטער ביאלער רבי׳צין, — „די יודישע פירסטין", ווי מ׳האט זי גערופען, — זענען, ליידער, מיט אנ׳אמת בלויז — געווען, און זענען מעהר ניטא. פערשוואונדען איז ער, ווי א גאנצע רייה אנדערע „הוי־פען", וואס האבען דא ניט לאנג נעגלאנצט, און איצט איז פון זיי געבליבען בלויז א טרויעריגער זכר.

אין ביאלע איז דא א גימנאזיום פאר מענער און א פרא־גימנאזיום פאר פרויען. פאר ביאלער חסידים, נאטירליך, איז א גימנאזיום טריף, ווי חזיר. און דעריבער וועט איהר אין ביא־לער גימנאזיום כמעט ניט געפינען קיין איין יודישען שילער פון שטעדטעל גופא. דערמיט בענוצען זיך די ליטוואקעס פון די שטעדט, וואו די גימנאזיומס זענען איבערגעפאקט און, וועגען די פראצענטען, איז א יודישען שילער אונמעגליך אהין אריינ־צוקומען. צוליעב די קינדער בעזעצען זיך אין ביאלע אויף די

איהר צוגעשיקט די חיונה. איך ווייס ניט אקוראט, ווען דאס איז געווען: זעלנער זענען אנגעקומען און בעזעצט זיך אין שטעדטעל. ביאלער יודען האבען געגלויבט, אז דאס האט זיי גאט צוגעשיקט, די זעלנער זאלען זייערע שפייזער זיין. האבען זיי זייער גאנץ לעבען צוגעפאסט צום זעלנער. האבען געמיינט, אז די זעלנער זענען דא אין שטעדטעל נאר צוליעב דעם, אז יודען זאלען פרנסה האבען.

איך ווייס ניט אקוראט: ווי אזוי און דורך וועמען דאס איז געשעהן. אבער ניט לאנג, אין איין שענעם פריהמארגען, האבען די זעלנער בעקומען א בעפעהל ארויסצוקלויבען זיך פון ביאלע. ביאלע איז געבליבען אהן זעלנער און יודען איז געבלי־בען נאר איין וועג: צומאכען זייערע געוועלבלעך, איינפאקען זייערע פעקלעך און לאזען זיך נאך די זעלנער.

זיי וואלטען דאס געוויס געטאן, ווען דאס וואלט זיך ווענדען נאר אן זיי אליין. און אזוי, ווי דאס האט זיך אויך געווענדט אן אנדערע — זענען די יודען געבליבען זיצען אין זייערע פוסטע געוועלבער. און דאס הארץ פערקלעמט צו קו־קען, ווי א גאנץ שטעדטעל יודען געהט אוים נאך א גראשען פרנסה און האט ניט.

מעזעריטש איז אינגאנצען א האלבע שטונדע רייזע פון ביאלע און אנ׳אונטערשיעד איז צווישען אט דיביידע שטעדט־לעך, ווענינגסטענס אין — א רייזע פון... א גאנצען יאהרהונ־דערט. מעזעריטש איז אפיקורסיש. מעזעריטש זאגט: „גאט און לייפציג!“ און מיינט נאר — לייפציג. ביאלע זאגט: „גאט און דער רבי!“ און מיינט מיט אן אמת: „גאט און דער רבי“.

אז איהר פאהרט אריין קיין ביאלע, פערגעסט איהר, אז איהר לעבט אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט. דא איז ערשט דער אנהויב פונ׳ם 19טען און אפשר פונ׳ם 14טען יאהרהונדערט. איהר זעהט דא א לעבעדיגען אין גאס ניט, בלויז דעם „חוכר“, דעם העלד פון אבראמאוויטש׳עם „טאקסע“, וואס ער האט נע־שריבען מיט 40 יאהר צוריק; איהר זעהט אין גאס פערברענטע חסידים, וואס זענען גרייט אנצוצינדען א שייטער־הויפען צו בראטען אפיקורסים פאר גאט און דעם רבי׳ן: א רב, וואס מאכט

# ביאלער „אנטיקען".

איך ווייס ניט נאך צוויי אזעלכע שטעדטלעך אין יודישען תחום, וואס זאלען זיין אזוי טיעף אריגינעל, אזוי טיפיש פערשיעדען פון אנדערע און פערשיעדען צווישען זיך, ווי די צוויי יודישע שטעדטלעך אין פוילען: ב י א ל ע און מ ע ז ע ר י ט ש. ביידע ליעגען אויף דער אייזענבאהן־ליניע פון ווארשוין און בריסק. פון ביאלע קיין מעזעריטש איז מעהר ניטא, ווי א האלבע שטונדע רייזע פער באהן, און וואס פאר אנ'אונטערשיעד אין דער פיזאגנאמיע פון אט די ביידע שטעדטלעך! שוין אינ'ם עקאנאמישען באדען, אין די קוואלען פון דעם יודענ'ס חיונה איז צווישען אט די צוויי שכנ'ישע שטעדטלעך א גוואלדיגער קאנטראסט: מעזעריטש האט זיך אויסגעקליבען אן ארבייט, וואס האט איהר געמאכט איינגאנצען אונאבהענגיג פון די שכנ'ישע שטעדטלעך, פונ'ם גאנצען תחום, פון גאנץ פוילען, אפילו פון גאנץ רוסלאנד. „גאט און לייפציג!" — זאגט מעזעריטש און איז גערעכט. אזוי לאנג, ווי לייפציג עקזיסטירט, האט מעזעריטש קיין מורא ניט, ניט פאר חיונה, ניט פאר גוישען, ניט פאר יודישען אנטיסעמיטיזם. מעזעריטש האט זיך אויסגעקליבען דעם שמוציגסטען ארטיקעל, וואס יערען ציכטיגען מענשען עקעלט צו נעהמען איהם אין האנד. דערמיט האט זי זיך פערזיכערט אויף אייביג פון קאנקורענץ.

ביאלע איז אין דעם ענין פון פרנסה געוועזען אזוי לייכטזיניג, אז זי האט גאר ניט געקלערט, פון וואנען און ווי אזוי עס ווערט

בעטראכטונגען אויף מיין רייזע איבער די פוילישע שטעדט און שטעדטעלך, איז די אסימילאטארישע בעוועגונג צווישען דער יודיש־פוילישער יוגענד א דירעקטער רעזולטאט פון איהר אונ־נאטירליכער ערציהונג; פון דעם היפך צווישען דער היימישער פאנאטישער סביבה און דער ליכטיגער וועלט פון דער פוילישער קולטור, וואס זי, די יוגענד, פערזוכט. מיר גיבען זיך, ליידער, וועניג מיה צו פערשטעהן אט די פסיכאלאגישע נויטווענדיג־קייט, און זענען ניט זעלטען אייניזייטיג אין אונזער אורטיילען וועגען דעם לעבען פון די פוילישע יודען.

געוועהנליך, ווערט אלץ געקויפט און בעשטעלט אין ווארשוי אדער גאר אין אויסלאנד. און דוקא ביי א קריסט. די הויפט־סבה דערפון איז, ווייל די חסיד'ישע פאמיליע אין פוילען האט קיין שום נאציאנאלען שטאלץ ניט, קיין שום עהר־געפיהל ניט. זי איז בלויז רעליגיעז, און איהר רעליגיעזיטעט איז גאר אנ־אויסערליכע. דעם טאן אין דער ווירטשאפטליכער פיהרונג, אין דעם אינערליכען לעבען בכלל גיט די פרוי. די ערציהונג פון די טעכטער אין דער פויליש־חסיד'ישער פאמיליע, איז פונקט דער היפך פון דער ערציהונג, וואס ווערט געגעבען די זיהן. פאר א זוהן איז א פויליש בוך, אפילו העברעאיש, תנ"ך, טריף ווי חזיר. צו זעקס יאהר, און אמאל אויך פריהער, הויבט ער אן לערנען גמרא, צו 9—8 יאהר חסיד'ישע ספרים. דער זוהן פערברייגנט כמעט די גאנצע יוגענד זיינע אויף דער באנק אינ'ם רבי'נס שטיבעל. פון דער וועלט האט ער קיין שום בעגריף ניט. טראגט די לאנגע קאפאטע, דאס זיידענע אדער סאמעטענע מיצעל.

די פרויען, פערקעהרט, גיט מען אב לערנען אין די פויליש־שע פענסיאנען, אדער מ'האלט צו זיי קריסטליכע לעהרער און גובערנאנטינס. זיי לעזען די פוילישע ליטעראטור, ווערען זיי בעקאנט מיט דער ברייטער וועלט, מיט מאדערנע פראגען, לייד־דענשאפטען און לוקסוס. זיי בעקומען א האס צום ווילדען פאנ־נאטיזם, צו דער אונוויסענקייט פון זייערע היימישע קרייזען, און צו אלעם יודישען בכלל; עס ציהט זיי צו דער פוילישער גע־זעלשאפט, וואו זייערע ענטוויקעלטערע געפיהלען און בעגריפען קאנען האבען א בעסערע בעפריעדיגונג, ווי אין דער געזעל־שאפט פון די „חניאקעס" — זייערע מאנען און ברידער.

און דער „מ א ז" אליין, ווען ער קומט פון דער פראנ־ווינץ קיין ווארשוי, צי קיין אויסלאנד, ווארפט ער ניט זעל־טען אראב פון זיך דעם גאנצען יאך פון דעם חסיד'ישען „שטאט" און שפייזט דעם יצר־הרע. קומט ער אהיים — איז ווידער אלץ ווי געוועז.

ווענען דעם א י נ ע ר ל י כ ע ן צושטאנד פון דער היינטיגער חסיד'ישער פאמיליע איז א סך צו ריידען. לויט מיינע

זענען דא 50, אדוואקאטען — 40, אקושארינס — 30, א. א. וו. אפטייקען און פראוויזארען יודישע זענען דא גאר ניטא.

איך ווייס, צום ביישפיעל, אז אין אנדערע שטעדט איז די צאהל יודישע אינטעליגענטע פראפעסיעס גלייך מיט קריסט־ליכע און אמאל שטייגט זי זיי נאך אריבער. אלענפאלס, זענען יודען אין ערך מיט דער בעפעלקערונג ניט ווענינגער.

איך האב געמיינט, אז דער פוילישער אנטיסעמיטיזם איז דא שולדיג. האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז שולדיג איז דא ניט דער פוילישער, נאר דוקא דער יודישער אנטיסעמיטיזם. גראד אויף דעם געביט פון אינטעליגענטע פראפעסיעס (א חוץ אפטייקען און פראוויזארען) איז ניט צו בעמערקען קיין אגיטאציע, קיין קאנ־קורענץ פון די קריסטען. נאכמעהר: די עטליכע יודישע דאק־טוירים, וואס זענען דא, וואלטען גאר ניט קאנען עקזיסטי־רען, ווען ניט קריסטליכע פראקטיק. די יודען אבער, איבערהויפט די חסיד'ישע הייזער, בענוצען אויס־שליסליך קריסטליכע דאקטוירים. נאר אין די ארימע, אונוויסענדע חסיד'ישע הייזער ברויכט מען א יודישען דאקטאר. דאס איז נאר דערפאר, ווייל דער קראנקער און זיין פאמיליע זענען געצוואונגען דערצו. זיי קענען קיין פויל־ליש ניט, איז זיי אונמעגליך זיך צונויפצוריידען מיט'ן פוילי־שען דאקטאר. איז מען אבער געצוואונגען זיך צו ווענדען צום יודישען דאקטאר, צאהלט מען איהם דערפאר גרא־שענס פאר'ן וויזיט. זיין ראט, זיין רעצעפט האבען קיין ווערדע ניט. אן אויסנאהם איז נאר די יונגערע יודישע מאסע, וועלכע בעציהט זיך מיט מעהר רעספעקט צום יודישען דאקטאר.

דער דאקטאר איז דא אבער קיין אויסנאהם ניט. דעמזעל־בען אנטיסעמיטיזם פון דער חסיד'ישער בורזשואזיע בעמערקט איהר אויך בנוגע צו אנדערע אינטעליגענטע און ניט־אינטעלי־גענטע פראפעסיעס. א חסיד'יש ווייבעל, ווי בעוואוסט, האט זיך שטארק ליעב צו פוצען, איבערהויפט די טעכטער און שניהר פון די חסיד'ישע רביים. זיי וועלען זיך אבער גארניט לאזען מא־כען ביי א יודען, גאר נישט קויפען אין א יודישען מאגאזין.

די חיגע יודישע קאפיטאליסטען האבען ליעב א רוהיג לע־בען. דער איינציגער פראגרעס איז ביי זיי פראצענט אויף היי־זער. מ'קויפט פלעצער, מ'מויערט אוים מויערן, שווערע, חאַ־מעטנע, פיער־פינף־שטאקיגע אויף היהנערשע פיס. מ'פערדיננט און אין א פאר יאהר ארום פערקויפט מען. דער, וואס קויפט, האלט־אב א פאר יאהר, העכערט אין דער צייט דאס דירה־געלד, בעקומט א פאר טויזענד רובל פרנסה און — ווייטער פערקויפט. דער דריטער טוט אויך אזוי; דער פיערטער אויך. די תורה איז ניט קיין גרויסע — מ'לערנט זי גיך אוים.

פון ארבייט האלט זיך איין פאך — שניידעריי — אויף א געוויסער הויך און איז ביי יודען אין די הענד. א פאר רימער, גוטע בעלי־מלאכות, זענען דא אויך יודען. אלעס איבע־ריגע איז אדער אויסשליסליך ביי קריסטען אין די הענד (ווי מוליער־ און טשעסלער־ארבייט), אדער קריסטליכע בעלי־מלאכות האבען די אויבער־האנד, ווייל זיי זענען דא אלע גרעסערע ספעציאליסטען. ברוקירער זענען דא אמאל געווען דורכאויס יודען. היינט איז כמעט פון זיי קיין שפור ניטא. דער דאזיגער פאך ווערט בכלל פערשוואונדען ביי יודען — ווייל די שטאדט־פערוואלטונגען זענען אומעטום אנטיסעמיטיש און גיבען־אב ברוקירען די גאסען נאר צו קריסטליכע ארבייטער.

אט אזוי ווערען די יודישע בעלי־מלאכות ביסלעכווייז ארויסגעשטופט פון די קריסטליכע. דאס קומט־פאר, ווי אומע־טום, אהן ליארים, אויפ'ן נאטירליכען אופן. ווארום דער קריסט־ליכער האנדווערקער קען, ערשטענס, די ארבייט בעסער. אפילו א יוד — ווי אייניגע האבען זיך מיר אליין מודה געווען — געהט בעסער צום קריסטליכען האנדווערקער, ווען ער וויל האבען א נעט שטיקעל ארבייט. צווייטענס, ווערט דער קריסטליכער בעל־מלאכה שטארק געשטיצט פון די זייניגע.

דערהויבט איז ווערט צו בעטראכטען די לאגע פון די אינ־טעליגענטע פראפעסיעס אין לובלין. אויף א בעפעלקערונג פון 60 טויזענד יודען און נאך אמאל אזוי פיעל קריסטען, איז דא מעהר ניטא, ווי יודישע 4 דאקטוירים, 5 דאנטיסטען, 3 אדוואַ־קאטען, 4 אדער 5 אקושארינס, בעת קריסטליכע דאקטוירים

עס זעהט אויס, אז די בעלי־בתים פון שטאָדט זאָרגען שטאַרק, אז דאָס איצטיגע לובלין זאָל ניט פערשעמען זיין אלטען היסטאָרישען יחוס. די שטאָדט, דאָ אויבען, שיינט צו ווערען מיט יעדען טאָג יונגער און שענער. נאָך ווארשוי איז אויך לובלין דער וויכטיגסטער פונקט פון דער פוילישער קולטור. יודען האָבען שוין לאנג דאָס רעכט ארויסצוגעהן פון זייערע געטאָ־מויערן און וואוינען אין שטאָדט אומעטום. אָבער דאָ זענען זיי ווייניג קענטיג. בלויז אויף דער פאָראָדנער „קראָקויער פאָרשטאָדט“ געהערען אָן א טייל מאגאזינען מיט גרויסע שויבען צו יודען. דאָס איבעריגע — איז אומעטום פויליש.

מיט וואָס בעשעפטיגען זיך יודען אין לובלין? פון וואָס ציהען זיי זייער חיונה?

דיזעלבע פרנסות, וואָס זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבען געהאט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק. מיט ליכווע (פראָצענט), מעקלעריי, אביסעל מלאכות, אביסעל קרעמעריי. דערהויפט רייבט מען זיך ארום פריץ. איהר קאָנט דאָ בעמערקען ארום די האָטעלען, וואו די פריצים שטעלען זיך אָב, א סך יודען, דרעהענדיג זיך מיט'ן שטעקעל אין דער האנד. זיי וואַרטען ביז דער פריץ וועט ארויס. יעדערער האָט זיין פריץ, און מיט זיין פריץ זיינע עסקים. מ'גיט זיך א רייב ארום פריץ אהין־אהער, חאפט מען שוין א פאָר רובל, צי א פאָר גראָשען און מ'איז יוצא מיט דעם טאָג הוצאה. וואָס וועט זיין מאָרגען — קלערט מען ניט. „אויף מאָרגען וועט גאָט זאָרגען“.

פראָצענט־געשעפט הויבט אָבער אָן אונטערצוגעהן. דאָס איז שוין ניט גאָר קיין זיכערע פרנסה. לובלין איז א שטאָדט, וואָס איז זעהר פאסענד פאר אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען. די לובלינער יודישע פראָצענטניקעס האָבען אָבער מורא צו קריכען אין אזעלכע געשעפטען, וואו מען דארף דרעהען דעם מח. דאָ זענען פאראַן צעמענט־פאבריקען, צוקער־פאבריקען, אייזען־גיסערייען, סיראָפּ־ קראָכמאל־ און וואָג־פאבריקען. דאָס איז אלץ ביי פאָליאקען אין די הענד. נאָר איין דאמפף־מיהל און איין ברויערייַ זענען יודישע. עטליכע ציגעל־פאבריקען זענען דאָ, געהערען זיי אויך צו יודען.

# דער חורבן פונ׳ם פוילישען „ירושלים".

לובלינער יודען זענען אין זיך ניט געגארט. אין לובלין געהט א ווערטעל: „אז די היינטיגע וואלטען זיך אוועקגעלעגט און אמאליגע וואלטען אויפשטעהן, וואלט לובלין געווען א שענע שטאדט"...

אין לובלין איז דא 60 טויזענד יודען. דאס איז א גוטע העלפט פון דער אלגעמיינער בעפעלקערונג. נאך ווארשוי און לאדז איז לובלין די גרעסטע יודישע שטאדט אין פוילען.

לובלין איז בכלל זעהר א שענע שטאדט. זי שטעהט אויף א גרויסען בארג. אויפ׳ן שפיץ בארג איז דער צענטער מיט׳ן מאגיסטראט, מיט׳ן אלטען טורם, מיט׳ן זייגער, וואס שלאגט אלע פערטיל שעה, יאהרהונדערט־איין, יאהרהונדערט־אויס. פון צענטער אראב געהען זיך פונאנדער די גאסען אין אלע ריכטונגען. אומעטום האט איהר א פרייען קוק אויף די ארומיגע פעלדער. אפילו דאס אלטע געטא פערשטעלט אייך ניט דעם בליק אין די פעלדער אריין. איהר קעהרט זיך נאר אביסעל אב, האט איהר פרייען הימעל און גרינס. קוים אבער געהט איהר ארויס פון די פינסטערע האלב־רונדע געטא־טויערן, ערשיינט פאר אייערע אויגען נאר א נייע וועלט. א נייע שטאדט: שטאלץ, קרעפטיג, יונג. די הויפט־גאס „קראקויער פארשטאדט" איז ניט אזוי ברייט, ווי דער ווארשויער „קראקויער פארשטאדט", אבער פיעל שענער פון איהר. אויף אלע זייטיגע גאסען און געביידעם ליעגט אייראפא, ליעגט ארדנונג, קולטור.

---

כשמות. צי וועלען זיי אבער נאכדעם ווי זיי וועלען זיך דא האָ־
בען אבגעלייטערט זייער גאנץ לעבען אין דעם שווארצען כף הקלע,
האבען אמאל אזא שטילען שענעם ווינקעל פאר זייער אברוה,
ווי זייערע זיידעם ?..

ביים ארייננאנג פונ׳ם בית־קברות שטעהט אז אלט שוהל־כעל. דארט זיצען עטליכע יונגע־לייט דורכ׳ן גאנצען טאג און לערנען. דאס שוהלכעל איז ניט אזוי אלט ווי דער בית־הקברות. די יונגע־לייט, וואס לערנען, דא אין דעם וויסטען אבגעלעגענעם ווינקעל, מאכען א מארנעם איינדרוק. עפּיס, ווי זיי וואלטען גע־ווען אראבגעקומען פונ׳ם שפּיץ בארג דארט, פון יענעם עולם.

ארויסגעהענדיג פונ׳ם בית־הקברות, געפינט איהר זיך אליין אין א מארנער שטימונג. ארום אייך שוועבען נאך די שאַ־טענס פון פאר הונדערטער יאהרען. איהר פיהלט זיך. ווי איי־נער פון יענעם גרויסען אלטערטום. און מאדנע זעהט אייך אויס, דער זעלנער, וואס געהט דא ארום דער קאזארמע, און די קא־זארמע אליין, וואס שטעהט הארט נעבען דעם אלטען בית־הקברות. עס שיינט אזוי, ווי דער זעלנער איז דא נעשטעלט אבצוהיטען יענע גרויע אלטע וועלט פון פערגאנגענהייט.

אבער עטליכע טריט ווייטער דערמאנט א הויכע ציגעלנע געביידע אן דער ווירקליכקייט. דא, אין א גרויסען טיעפען קע־לער, שטעהען פון דער פריה ביז נאכט בחורים און יונגלעך, שמירען, קנייטשען און פארמירען קאמאשען און שיך־חאלאוו־קעס אויף ברעטלעך. דאס איז א מעכאנישע שוך־פאבריק, אדער, ריכטיגער, א טייל פון מעכאנישער שוסטעריי, וואס גרייט־צו די אויבערשטע לעדער פאר׳ן שטעפּער. דאס איז א שווערע שמוציגע ארבייט. דער קעלער איז אונגעהויער לאנג און טיעף און פינסטער. די לופט איז דארט שרעקליך פערדומפּען. איין יונגעל פרובט זיך א זינג טאן, אבער אנשטאט רעם זינג געהט ארויס א מין דומפּער קרעכץ.

דאס איז די ווירקליכקייט, די נעגענווארט, א פּראדוקט פון דער נייער לעבעדיגער וועלט.

איהר קוקט אראב אינווייניג, אין שווארצען קעלער אריין, און באלד ארויף, דארט אויפ׳ן שפּיץ בארג, וואס איז ארומגע־רינגעלט מיט דער אלטער געמויערטער דיקער בית־הקברות־וואנד. און עס קומט אייך אין זינען א מאדנער געדאנק: אז דא, אונטען, אין טיעפען קעלער, איז ניט די לעבעדיגע וועלט, נאר א גיהנום, א כף הקלע, וואו עס דארפען זיך לייטערן זינדיגע

שוואונגרען געווארען אחן א שפור. צווישען זיי אויך די מצבות פונ'ם „תוספות יום טוב" און אנדערע גרויסע גאונים. פאר דער היסטאריע פון יודישער קונסט וואלט געווען זעהר וויכטיג צו אונטערזוכען און פאטאגראפירען די מצבות אויף אזוינע אלטע יודישע בית־עלמינ'ס, ווי דער לובלינער. קוקענדיג אויף די מצבות אויפ'ן אלטען לובלינער בית־הקברות, איבערצייגט איהר זיך, אז די קונסט פון שטיינער־קריצען איז מיט צוויי, דריי הונדערט יאהר צוריק געשטאנען ביי יודען גאנץ הויך, אפשר העכער, ווי איצט. די בילדער, די בוכשטאבען זעהען אויס אויף די אלטע לובלינער מצבות א סך איידעלער און פיי־נער, ווי אויף די טייערע מארמאר־פליטען פון די גרויסארטי־גע מאנומענטען אויף די קברים פון דער ווארשויער יודישער בורזשואזיע.

די אויפשריפטען אויף די גרוי־אלטע מצבות איז קוים, קוים מעגליך צו לעזען. אבער דערפאר האט איהר ווי־עס־איז איבער־געלעזען, ווערט איהר גיט ווילענדיג, ערפילט מיט רעספעקט צום אלטען לובלינער יודישען יחוס. דא ליעגט דער גרעסטער, נייס־טיגער אדעל פון דעם יודישען געטא. פאר די לעצטע דריי הונ־דערט יאהר: מהרש"ל, מהר'ם, מהרש"א, דעם תוספות יום טוב'ס א זוהן, אפילו א זוהן פון מנשה בן ישראל, דעם קעמפפער פאר יודישער גלייכבערעכטיגונג אין ענגלאנד.

און ניט נאר גאונים — א גאנצע רייה גרויסע יודישע דאק־טוירים, ווי יש"ר, פון קאנדיא, ר' שלמה רופא לוריא, ר' משה מונטאלאטו, א זוהן פון דעם בעריהמטען אליהו מונטאלאטו— דער לייב־ארצט פונ'ם פראנצויזישען קעניג לודוויג דעם 13טען. אויך ר' חיים וויטאל פעליקס, וואס האט העכער ווי מיט 200 יאהר צוריק געשטודירט מעדיצין אין פאדוא און האט בעקומען א ספעציעלע ערלויבניש פונ'ם דעמאלדיגען פוילישען קעניג צו פראקטיקירען פריי אין גאנץ פוילען. א יודישע זעצערין אפילו געפינט איהר דא, שרה יפה האט זי געהייסען, געשטארבען אוננעפעהר מיט 200 יאהר צוריק. אויף איהר מצבה שטעהט בפירוש „האשה מרת שרה יפה, מסדרת אותיות בבית הדפוס". אפנים, אמאל איז דאס געווען א יחוס...

# אויפ'ן אלטען לובלינער „בית עולם".

## 2.

דער לובלינער אלטער בית־עולם איז געווים דער מערק־ווירדיגסטער און איינער פון די עלטעסטע אין די יודישע שטעדט פון רוסלאנד. ער ליעגט אויף א שפיציגען הויכען בארג הינטער דער שטאדט. דער שמש האט מיך געפיהרט ווייזען דא די גרעסטע מיוחסים פון יודישען געטא. דער בארג איז צו־שפאלטען אויף העלפט אין דער לענג.ביידע העלפטען בארג טיילט אב א טיעפער טאל, נאר ערטערווייז אויפ'ן שפיץ, אדער ביי א זיים בארג שטעהען עטליכע עלענדע פער'יתומ'טע קופקעס מצבות. ארום און ארום איז לעער, בעוואקסען מיט גראז, מיט קוסטען, מיט בוימער.

— איז דען דא מעהר ניטא קיין קברים, ווי דארט אונטער די קופקעס מצבות? — האב איך געפרעגט דעם שמש.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אויף יעדען שריט איז דא א קבר, נאר די מצבות זענען ניטא, שוין לאנג פערשוואונדען געווארען. די ארימע, הילצערנע, אדער ציגעלנע זענען שוין לאנג פערפוילט, צופאלען געווארען. די שטיינערנע האבען די קריסטליכע שכנים אין פערשיעדענע צייטען צו'גנב'עט. לוב־לינער יודען האבען נים געוואוסט צו שעצען זייערע היסטא־רישע דענקמעלער. ערשט מיט א פאר צעהנדליג יאהר צוריק האט מען זיך געכאפט. א סך מצבות פעררעכט. אנשטאט די צובראכענע האט מען נייע געשטעלט. מעהר אבער זענען פער־

געוואָלט אָננעהמען ערנסט, ווי דער „שטעקען“, און איז מעהר גענויינט געווען צו בעציהען זיך דערצו ווי די ברייטע גראָבע האַנד מיט דער שטריק. דער אַלטער טאַנדעטניק האָט פערגעסען אָן דעם לעקעכעל און גענומען א שטאַרקען אינטערעס אין דעם „באָקס“. ערשט דאַן, ווען אַלץ איז געווען צו ענדע, האָט ער ווידער ארויסגענומען פון בוזעם־קעשענע דעם עק פון דעם צוקער־לעקעך און האָט עס ביסלעכווייז, לאַנגזאַם דערנאַשט.

עס איז געוואָרען טונקעל. אַלץ איז דאָ געוואָרען פייערליך שטיל. גרויע שאָטענס האָבען געשיינט צו שוועבען אַרום די אַלט־פּרענקישע שלאָס־אַרטיגע מויערן און מענשען. עס האָט זיך געדוכט, אז באַלד וועט זיך הערען דער „בראַזג“ פון די פערראָסטעטע אייזערנע טויערן און די דיקע געוועלבער־טונעלען, און די קריסטליכע וועכטער וועלען אויסרופען, ווי מיט הונדערטער יאָהרען צוריק: יודען, צוריק אין געטאָ אריין...

דער וועכטער אָבער רופט נים. יודען לויפען ניט זיך בעהאַלטען אין זייערע שטיבער. די אייזערנע טויערן בראַזגען מעהר נים. יודען קאָנען איצט ביי־טאָג און ביי־נאַכט געהן פריי דורך די געוועלבטע טונעלען, אריין און ארויס. און דאָך שיינט עס אויך א האָר נים געענדערט דאָ אין געטאָ. די פערלאָפענע הונדערטער יאָהרען האָבען דאָ גאָר נישט בעריהרט; דיזעלבע אָרימקייט, דערשלאָגענקייט און טעמפּע גלייכגילטיגקייט צו דער אויסען־וועלט, צום אייגענעם שיקזאַל. ווערט ערגער — געהט מען זיך אין מהר"ם'ס און מהרש"ל'ס שוהל אריין; ווערט גאָר שלעכט — דאַן האָט מען די לעצטע דיסטאַנץ: דעם מהר"ם און מהרש"ל'ס קבר, דאָרט, ארויף־צו, אויפ'ן באַרג, אויפ'ן אַלטען, אַלטען לובלינער בית־עולם..

טוט עס אויף מעהר פון געוועהנהייט, ווי פון גייציגקייט. דער אלטער טאנדעטניק, וואס האט זיך ערשט געקוויקט מיט דעם שמעק טאבאק, האט אפנים א שטארקען יצר־הרע צו פערזוכען א לעקעכעל. ער שפארט אריין אין קאשיקעל די דריי פינגער, מיט וועלכע ער האט נאר־וואס געשמעקט טאבאק. די פינגער זענען געל און גרין, האבען אויף זיך שטארקע שפורען פון דעם טאבאק. ער טאפט איבער יעדען לעקעכעל, טיילט איין יעדערן פון זיי אביסעל טאבאק. די יורענע קוקט עס צו גלייכגילטיג. זי איז שוין דערצו געוועהנט.

עס שיינט, אז דער אלטער מיינט ניט דוקא צו בעקומען א גרעסער'ן לעקעכעל. שוין דער פאקט גופא, פון האבען אזוי נאהנט צו זיך די לעקעכער, דער פראצעס פון טאפען זיי, מאכט איהם פערגניגען. ענדליך בעשליסט ער. האט אויסגעקליבען איי־נעם. און אויך אזוי לאנגזאם, פייערליך ציהט ער ארויס פון קע־שענע א גרויסען טייסטער, בעקומט פון דארט א גראשען און בעצאהלט. דאן בעטראכט ער דאס לעקעכעל א לענגערע צייט, גיט א קליינעם ביס, קייט לאנג און דאן — נאך א ביס. פער־בייסט מיט א לאנגזאמען קראץ הינטער דער קאפאטע אין בו־זעם, און פון ביידע זאכען — אי פונ'ם קראצען, אי פונ'ם לע־קעכעל — האט ער אפנים שטארק הנאה...

פלוצלונג איז געווארען דא אין גאסען־קלוב א גערודער. וואס איז? א געשלעג, צי א שפיעל? דער עולם לויפט זיך צו־נויף פון אלע זייטען. צוויי יודען שלאגען זיך, שילטען זיך. איינער מיט א שטריק, דער אנדערער מיט א שטעקען. איינער איז צוהיצט, אין כעס; דער אנדערער — גלייכגילטיג און לאכט. געווען איז דאס, פון אנהויב, א שפיעל. די „שטריק" איז צוגעגאנגען פון הינטען צום „שטעקען" און האט איהם ארויפגעלעגט זיין האנד אויף די פלייצעס. די „האנד" און דער „לעג" זענען אבער געווען פון דעם מין, וואס קאנען אויפבוי־ען אין דרייען און שיטען פונקען פון די אויגען. דאס שפיעל, וואס האט געהאט דאס ציעל צו שאפען דעם פובליקום אנ'אומ־זיסטע פערוויילונג, האט זיך ניט איינגענעבען... דאס געשלעג האט געדויערט א היבשע פאר מינוט. דער עולם האט עס ניט

אַט נים ווייט פון דער שוהל, שטעהט אין מיטען מאַרק־פלאַץ א מויער. דער מויער בעשטעהט בלויז פון טאַנדעט־קראַמען אויףביידע שטאַקען: דער אויבערשטער שטאָק — מיט אַנ׳אויסערליכער גאַלעריי ארום. דאַ ווערט געהאַנדעלט מיט אַלטע שיך. אונטען, אויף א נידעריגער אַלטער ברייטער וואַנד, וואָס צאַהמט ארום דעם מויער (אַמאָל — זאָגט מען — איז דאָס אויך געווען א מין שלאָס), זיצען יודען אין פערשיעדענע פאָזעס, רוהען זיך דאָ אָב, שמועסען זיך דורך, נאָכ׳ן שווערען ארבייטס־טאָג. דאַ איז שוין א מין קלוב פאר׳ן מאַרק־המון. אַט זיצט א יודענע מיט א קאַשעק, אין קאַשעק איז אביסעל באָב. דער רעשט פון איהר בייטאָגיגער סחורה. זי האָט פאר׳ן טאָג אלעמען אַנגעטיילט און האָפט מעהר ניט צו לייזען. זי האָט זיך נאָר אביסעל צוגעזעצט אָברוהען צווישען עולם, געהענדיג אהיים. נעבען איהר זיצט א מעהל־טרעגער, א הויכער יוד, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א ברייטער ווייסער באָרד און אינגאַנצען ווייס פון מעהל. מעהר וועט שוין ניט זיין וואָס צו טראָגען, און ער האָט זיך געזעצט דאָ, פיפקעט אַפּאַטיש זיין ליולקע און קוקט ערגיץ אין דער ווייט אריין. זיין שכן איז אַן אָבגעריסענער יוד, אַפּנים, א טאַנדעטניק — א הענדלער מיט אלטע שיך. ער האָט אויך זיין מסחר שוין אָבגעמאַכט און האָט איצט פרייע צייט אויסצוקראַצען זיך. ער טוט עס לאַנגזאַם, מיט בעשיינפערליכער הנאה. דערנאָך נעהמט ער ארויס פון ערגיץ זיין טאַבאַקער־קעלע, נעהמט ארויס געלאַסען א שמעק טאַבאַק, שיט אריין אויך אזוי לאַנגזאַם אין ביידע נאָזלעכער און מיט א לאַנגען אָטעם־ציה, כדי קיין איין שפּרינקעלע טאַבאַק זאָל ניט געהן פערלאָרען. נאָך עטליכע יודען, א טייל זיצענדיג דאָ, א טייל שטעהענדיג דערביי אין קליינע קופּקעס, וואַרפען זיך איבער מיט ווערטער, צווישען זיך, מיט די קרעמער פון אַנטקעגען, פון אונטען און פון אויבען. עס קומט אונטער נאָך א יודענע מיט עטליכע צוקער־לעקעכלעך אין א קאַשעק. אויך א רעשט אפּנים. אָבער זי איז גייציגער, ווי יענע יודענע מיט דעם ביסעל באָב. זי נעהמט נאָך ארום צו יודען און באַט אַז איהר סחורה. דער עולם איז גלייכגילטיג צו איהר אָנבאָט, און עס שיינט, אַז זי אליין

מ'האָט מיר געוויזן אין לובלין די ערשטע שוהל, וואָס איז, לויט דער לעגענדע, געבויט געוואָרן באַלד נאָכ'ן בעפעהל פונ'ם „יודישען קעניג אין פוילען איבער איין נאַכט". זי הייסט „לויפער־שוהל". זי איז געבויט געוואָרן מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק. „לויפער" האָבען אַמאָל געהייסען ביי יודען די שטאַפעטען, וואָס איין שטאָדט האָט צו דער אַנדערער געשיקט מיט עקסטרא־מסחר־בעריכטען, אָדער אין פאַל פון אַ גזרה, פון פּאָליטישע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע געשעהענישען אין יודישען לעבען.

נאָך מערקווירדיגער ווי די „לויפער־שוהל" איז די שוהל פון מהרש"ל און מהר"ם (פערקירצטע נעמען פון בעריהמטע יודישע גאונים). די שוהל איז אַלט העכער פון צוויי הונדערט יאָהר. מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק האָט זי געהאַלטען ביים איינפאַלען. האָט מען זי פעררינכט. נאָר די זעלבע גרויע אַלטקייט שוועבט נאָך איצט אויף דער געביידע פון דרויסען און פון אינוויינינג. די שוהל געפינט זיך אין אייננער שכנה'שאַפט מיט דער טורמע. די טורמע איז אויך אַ היסטאָרישע. אַמאָל איז דאָס געווען אַ שלאָס, אַ מין פעסטונג, וואָס האָט בעלאַנגט צו אַ גרויסען פוילישען מאַגנאַט. שפּעטער האָט עס אַ קורצע צייט אַנגעהערט צו דער עסטרייכישער רעגירונג. אייניגע מיינען, אַז אונטערערדישע היילען האָבען אין אַלע צייטען פעראייניגט דעם שלאָס מיט דער שוהל. דיזעלבע לעגענדע געהט אויך וועגען דעם טראָקער שלאָס און דער ווילנער אַלטער שוהל.

די שוהל איז דער צענטער פון דעם אַלטען יודישען געטאָ. דאָס אַלטע געטאָ איז געווען אין לובלין ארומגערינגעלט מיט גראָבע ווענד און פערשפּאַרט מיט אייזערנע טויערן, דורך וועלכען אַ יוד האָט ניט געקאָנט אריינדרינגען אין דעם אויבערשטען קריסטליכען טייל פון שטאָדט. די ווענד און די האַלב־רונדע געוועלבען זענען נאָך איצט געבליבען. אָבער די אייזערנע טויערן מיט די שווערע שלעסער זענען שוין מעהר ניטאָ. דאָס אַלטע געטאָ פון לובלין מאַכט אַן אונגעהויערן איינדרוק. אַלץ איז דאָ פּאַטריאַרכאַל, אויף אַלץ ליעגט דער שטעמפּעל פון גרויער אַלטערטימליכקייט.

# אין פוילישען „ירושלים".

**(דאָס אלטע לובלין).**

1.

לובלין איז, נאָך ווארשוי, די גרעסטע, די בעריהמטעסטע יודישע שטאָדט אין פוילען. זי האָט א גרויסען יחוס־בריעף, איז כמעט די גרעסטע יחסנ'טע צווישען יודישע שטעדט פון רוס־לאנד. אינטערעסאנט איז, אז יעדע שטאָדט אין פוילען, וואָס האָט א היסטאָרישע בעדייטונג פאר די פאָליאקען, האָט אויך א וויכטיגע היסטאָרישע בעדייטונג פאר די יודען. די יודישע היס־טאריע אין פוילען איז פעסט צוזאמענגעוועבט מיט דער פוילי־שער. אין דער פוילישער קולטור האָבען יודען א סך בייגעטרא־גען.

אין לובלין לעבען נאָך ביז היינט די אור־אור־אייניקלעך פון דעם בעריהמטען שאול וואהל — דער יודישער קעניג פון פוי־לען, וואָס האָט געקעניגט בלויז איבער איין נאכט. דאָס איז א לעגענדע, וואָס האָט א היסטאָרישען גרונד. פאסירט האָט דאָס מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק. בעקומען די קעניגליכע מאכט, דערצעהלט די לעגענדע, האָט דער יודישער קעניג וואהל דיזעל־בע נאכט, די איינציגע נאכט פון זיין הערשאפט, אויסגענוצט פאר דער טובה פון זיין פאָלק. ער האָט ארויסגעגעבען א בע־פעהל, גע'חתמ'עט: „שאול וואהל — דער קעניג פון פוילען". וואָס האָט ערלויבט יודען צו בויען שוהלען צום דאווענען אין גאנץ פוילען. ביז יענער נאכט איז דאָס זיי געווען פערבאָטען.

אדער עהרליך ארבייטען, אדער ווערען געשאסען. יעדער „קאמי־
בינאטאר", וואס האט זיך ערלויבט א „פרעטענזיע", איז גלייך
דערהרג'עט געווארען. די ווארשויער גאסען זענען ריין געווא־
רען פון אלע געזעלשאפטליכע אויסוואורפען. א סך פון די וואוי־
לע יונגען זענען געווארען בעלי תשובות און אריינגעטראטען
אין דער פארטיי „פראלעטאריאט". א געוויסע צייט האבען זיי
געשפילט דארט זעהר א וויכטיגע ראליע.

דאן איז געקומען די רייהע צו די אלפאנסען. אט די זע־
נען געווען געפעהרליכער פאר דער בעוועגונג. אויף די „הייז־
לעך" מיט די אלפאנסען זענען געמאכט געווארען ריעזיגע בע־
פאלען. מיט אט די בעפאלען האט דאן געקלונגען ניט בלויז די
ווארשויער פרעסע, נאר די פרעסע פון דער גאנצער וועלט. דער
ווארשויער יודישער קווארטאל איז דאן אויסגערייניגט געווא־
רען פון שמוץ, די אלפאנסען זענען זיך צולאפען, די מיידלאך
נאך זיי. די „הייזלעך" זענען אויף פערשוואונדען, ס'פערשטעהט
זיך, בלויז פאר א קליינע צייט. אין זייער ריינעם ענטוזיאזם
האבען די ארבייטער ניט בעקלערט, אז מיט'ן ברויניננג קאן
מען ניט היילען ראדיקאל די דאזיגע פערעלטערטע וואונד אויף
דעם קערפער פון דער יודישער מאסע. זיי האבען נאר געדענקט
און געפיהלט איינס: אז צוזאמען מיט'ן ארגאניזירטען יודישען
פראלעטאריאט טאר אין דער יודישער גאס ניט געדולדעט ווע־
רען קיין שום אינסטיטוציע, וואס דעמאראליזירט די מאסע.

די רעאקציע האט ארויסגערופען איהר דרוק אויף דעם
ווארשויער געטא, אזוי ווי אומעטום אין יודישען תחום. עס האט
געשיינט, אז אלץ וואס איז אויסגעקעמפפט געווארען אין די פרי־
הערדיגע יאהרען, איז איצט איינגאנצען געגאנגען צו גרונד.

און נאר ווי אמאל האבען ווידער אויפגעהויבען דעם קאפ
די אלפאנסען, „קאמבינאטארען" און „וואוילע יונגען". די „קאר־
לייקעס" האבען איצט ניט די ברייטע, פערצווייגטע ארגאני־
זאציע וואס אמאל. זיי ארבייטען אין קליינע הייפעלעך צו
דריי, פיער. ארבייטען מייסטענס מיט'ן ברויניננג און מיט באמ־
בעס. און אונטער דער מאסקע פון אנארכיסטען פילען זיי אן די
רייהען פון די באנדיטען.

ניט אוועק אין א „הייזעל“, נאָר האנדעלט מיט איהר אליין אין איינצעל. ער דינגט איהר א פריוואט וואהנונג, אנאָנסירט איהר פירמע און זעהט צו שאַפען איהר „קונדען“. איבערינגענס מוז זי אליין אויך שאַפען, און אז זי איז שוואַך צו די „ביזנעס“, בעקומט זי פון איהם קלעפּ. אין אלעם איבעריגע איז אלפאָנס נומער 3 עהנליך צו די פריהעריגע.

ווי פערברייננגען די אלפאָנסען זייער צייט?

זיי לעבען א גוטען טאָג. טעג און נעכט פערברייננגען זיי אין די שיינקען, רעסטאראנען (פאָרעווע און מילכיגע קאַווי־יארנעס האָבען זיי פיינט), ביליארדען, קארטען־הייזער. זיי גע־העו אנגעטאָן ווי די גראפען. טראגען מאַסיווע גאָלדענע זייגערס מיט גאָלדענע קייטען אויף זיך. כמעט אויף אלע פינגער — גראבע רינגען מיט גרויסע שטיינער; זיי האָבען זעהר ליב צאַצקעס אויף די רינגען און אויפשריפטען. איבעריגענס, זענען דאָ פון זיי אזעלכע, וואס האָבען עפּיס א בעשעפטיגונג. די „בעשעפטיגונג“ איז: ענטוועדער פערלייהען געלד אויף פראָצענט, אדער האנדלען מיט גע׳גנב׳טע זאכען.

צווישען זיך לעבען די אלפאָנסען, אזוי ווי די „וואוילע יונגען“. אין אחדות, ברידערליך, מען לאָזט איינער דעם אנדערען ניט פאלען. אז איינער „פאַלט אריין“, זעהט מען איהם מיט אלע קרעפטען ארויסצוראַטעווען. אין דער הינזיכט פון די „כלות“ זענען זיי מעהרסטענטיילס קאָרעקט: עס טרעפט זעהר זעלטען, אז איינער זאל צונעהמען א צווייטענס „ליובאָווניצע“.

---

ווען עס האָט זיך אנגעהויבען די מאסען־בעוועגונג ביי די ארבייטער, איז די ערשטע צוזאמענשטויסונג פאָרגע־קומען מיט די „קאַלייקעס“. די ארבייטער ארגאניזאציעס האָבען ביסלעכווייז צוגענומען ביי די „קאַלייקעס“ די מאסע. עס זענען בלויז געבליבען די „גענעראלען“ — די „ריעזען“, מיט די פראפעסיאנעלע „וואוילע יונגען“. נאָר די זענען אויך אין א קורצער צייט פערשוואונדען. די ארגאניזאציעס האָבען געהאַט גענוג מוט און מאכט צו מעלדען זיי איינס פון די צוויי:

אומגליקליכע, סאמע שוצלאזע בעשעפעניש. דאס איז דער דעק פונ'ם דעק. נידעריגער פון זיי אויף דעם מענשליכען געזעלשאפטליכען לייטער איז שוין נישטא. זיי האסען און בעליידיגען מעג יעדער און זיי האבען ניט פאר וועמען זיך צו קלאגען. צום געריכט? דארף זי דאך פריהער פאר אלעם זאגען: ווער זי איז, ווייזען איהר געלען בילעט. און דאס וועט זי פריי־ווילי ניט טאן, עס מעג איהר געהן אום לעבען און טויט.

ווען ניט דער אלפאנס, וואלטען אט די ערנידעריגסטע און עלענדסטע ניט געקאנט עקזיסטירען א טאג אויפ'ן דעק. וואו זיי מוזען זיך בעוועגען. דער אלפאנס איז זייער אייזערנע וואנד, זייער בעשיצער. די אלערליי נידעריגע ברואים, וואס שווימען אום ארום זיי אויפ'ן דעק, וואגען ניט אנצוריהרען זיי, ווייל זיי האבען מורא פאר'ן אלפאנס, וועלכער בילדעט די אריסטאקראַ־טיע פונ'ם דעק. זיי מוזען דעריבער פונ'ם אלפאנס ליידען, מו־זען איהם אבגעבען דעם לעצטען גראשען, מוזען אויסשטעהען אלע צרות און איהם שאפען א גרינג לעבען, ווייל אהן איהם איז זייער לעבען קיין לעבען ניט.

ווי דאס זאל ניט פארקומען מאדנע, עס איז אויך א פאקט, אז זיי ליבען שטארק דעם אלפאנס. זיי האנדלען מיט זייער לייב, נאר די נשמה, נאר דאס, וואס איז נאך געבליבען מענש־ליכעס אין זייער הארצען, געהערט דעם אלפאנס. יעדע פון זיי מוז האבען דעם אלפאנס ניט בלויז אלס פערטהיידיגער, נאר אויך אלס פריינד, אלס מענשען, וועמען צו ליבען, ווארום יעדע פון זיי מוז זיך צו עמיצען צובינדען, מוז עמיצען ליבען. מיר האט דערצעהלט א פרוי, וואס האט געדינט, אלס אויפזעהרין, אין א פענסיאן פון מיידלאך „בעלי תשובות", אז דארט אין די „הייזלעך" — אחוץ די „ביזנעס", וואס האט ניט צוטאן מיט דער געפאלענער'ס הארץ — קומען פאר די ריהרענדסטע ראָ־מאנען, ניט וועניגער ריהרענד, און פילייכט נאך מעהר, ווי אויבען אין דער סאמע „סמעטענע" פון דער געזעלשאפט.

דער אלפאנס נומער 3 איז א געמיש פון ביידע ערשטע אלפאנסען, נומער 1 און נומער 2. ער פעראייניגט אין זיין פערזאן אי דעם „חתן", אי דעם בעל־הבית. ער גיט זיין כלה

דאָס חייסט די „פעמע“ נעסט, וואָס בעזוכען איהר „חייזעל“, מיט אנגענעהמע געשפרעכען — ניט מעהר. אויף איהר ליעגט, אויב מען קאָן זיך אזוי אויסדריקען, די עקאָנאָמישע און עס־טעטישע זייט פון די „ביזנעס“.

אויף איהם, אויף דעם אלפאָנס, ליעגט — אזוי צו זאָגען — די „מאָראלישע“ זייט פונ׳ם „געשעפט“. ער האלט שטרענ־גע אָרדנונג, פאר איהם מוזען האָבען מורא און דרך ארץ אי די „קליענטען“, אי די „מיידלעך“ אליין. ער דערלאָזט ניט צו סקאנדאלען ביי די „געסט“ צווישען זיך און מיט די „מייד־לעך“, דערלאָזט ניט צו קיין צאנקעריי און געשלעג צווישען די מיידלעך גופא. ער גיט אויך אכטונג אויף די לעצטע, ווען זיי געהען ארוים אין גאס, עמיצער זאָל זיי ניט בעליידיגען.

דאָס איז די ערשטע קאטעגאָריע. די צווייטע קאטעגאָריע אלפאָנסען זענען „חתנים“. א חוץ דעם בעל־הבית, האָט יעדעס „מיידעל“ איהר „חתן“, אָדער געליעבטען, וועמען זי געהערט — אין דעם סאמע בוכשטעבליכען זין. זי איז ביי איהם א שקלאַ־פין. ער גיט איהר אָב אין ארענדע, פערדינגט איהר דעם בעל־הבית אויף א געוויסע צייט; ער נעהמט אָב פאר איהר דאָס געהאלט; איהם גיט זי אוועק איהרע זייטיגע פערדינסטען, וואָס זי מאכט פון די „געסט“, און זי נעהמט ביי איהם דערנאָך אויסגעצעהלטע גראָשענס אויף וואָס זי דארף. ער מעג האָבען נאָך „כלות“ און זי טאָר קיין צווייטען ניט האָבען. אויב זי האָט „בעקאנטשאפט“ מיט א צווייטען אלפאָנס, דאן איז — א מעס־סער אין זייט איהר און איהם. טאָמער האָט צו איהר דער בעל־הבית טענות, אָדער זי צו איהם — ווערען געפיהרט אונ־טערהאנדלונגען מיט איהם, מיט אלפאָנס נומער 2. זי האָט קיין דעה ניט, זי מוז איהם אין אלץ פאָלגען.

דער מענש, וואָס איז אונבעקאנט מיט די לעבענס־בעדינ־גונגען אויפ׳ן „דעק“, קאָן איהם פאָרקומען אונבעגרייפליך: ווי אזוי לאָזט זיך ביי איצטיגער צייט א מענש אזוי פערשקלאפען. אבער מען דארף נאָר מעהר אָדער ווייניגער בעקאנט ווערען מיט דעם לעבען דאָרט אויפ׳ן „דעק“, איז שוין אלץ נאטיר־ליך. די „מיידלעך“ פון די „הייזלעך“ זענען אייגענטליך די סאמע

# „אלפאנסען".

אזוי ווי די „קאלייקעס" מיט די „וואוילע יונגען", זענען אויך די „אלפאנסען", די יונגען, וואס לעבען אויף דעם חשבון פון גאסען־פרויען, אנ'אייגענטימליכער פראדוקט פונ'ם ווארשויער לעבען. ווענינסטענס, איז ערגיץ אט דער טיפ „דעקעבעשעפענישען" ניט אזוי „פאלקאם", ניט אזוי גוט ארגאניזירט און, איבערהויפט, מאכט ניט אזא גוט לעבען, ווי אין ווארשוי.

אלפאנס — איז א ניי־מאדישער נאמען.

„איצט איז א מארע אלץ צו געבען „פאליטישע נעמען"— ערקלערט מיר אן ארבייטער, וואס קען זיי גוט נאך מיט זייער פריהערדיגען נאמען — רופט מען זיי „אלפאנסען". אמאל האבען זיי געהייסען „מאטשארניקעס" און די „אלפאנסינע"— „מאטשארניצע". נאר דאס איז אלץ ביי זייטיגע מענשען. צווישען זיך רופען זיך די אלפאנסען־מאטשארניקעס נאך מיט א דריטען נאמען, וואס איז ניט גאר בעקוועם צו ברייננען אין דרוק.

עס זענען דא דרייערליי אלפאנסען. די ערשטע און עלטסטע קאטעגאריע זענען „בכבוד'יגע" באלעבאטים, אייגענטימער פון „הייזלעך". די „אלפאנסינע" איז דעם „אלפאנס" א געזעצליכע פרוי. דאס ווארט געזעצליכע דארף מען, פערשטעהט זיך, ניט אננעהמען ערנסט: פון חופה און קידושין האלטען ניט שטארק די אלפאנסען. דאך האבען זיי אפט חתונה „כדת משה וישראל". אין יעדען פאל מוז די אלפאנסינע זיין טריי איהר אלפאנס. איהר אויפגאבע איז צו אונטערהאלטען די „סאלידע" „אנשטענדינע",

איינג, צו דריקענד, די „קאַלייקע" האָט זיי גענעבען די מעגליכ־קייט פונאַנדערצושפּרייטען, צושאַקלען זייערע קרעפטען, בע־פריעדיגען זייער שטרעבונג צו ברייטע אונטערנעהמונגען. א סך פון איצטיגע סאָלידע וואַרשויער סוחרים זענען אין דער יונגענד דורכגעגאַנגען די „קאַלייקע". אנדערע האָבען זאַגאר געשפּיעלט א ראָליע פון „ריעזען". זענען זיי אבער געוואָרען עלטער, האָבען חתונה געהאַט, דאָס בלוט איז רוהיגער געוואָרען, האָבען זיי זיך גענומען צו ביזנעס אָדער צו א מלאכה, און פיהרען א שטאַ־טעטשנעם לעבען. מעהר אָבער פון זיי ווערען דורך דער „קאַליי־קע" דעמאָראַליזירט איינגאַנצען און בלייבען אויפ'ן דעק דאָס גאַנצע לעבען.

אויפגאבע איז צו קריגען „העכט" צווישען בחורים, בעזונדערס צווישען די ליטוואקעס, וואס זענען שטארקע ליעבהאבער אויף די שענע פוילישע מיידלעך... עס טרעפט דעריבער, אז דער „קאמבי־נאטאר" האט טאקע רעכט: „דוס מיידעל איז טאקע „זא—אנס", און זי האט מיט א כיון אונטערגעפיהרט דעם „בחור".

עס פאסירט, אז א „וואוילען יונג" געפעלט א מיידעל, דאן געהט ער צו איהר צו אין גאס און בעפעהלט איהר: זי זאל צו איהם קומען... און דאס מיידעל מוז קומען, אדער פערלאזען ווארשוי. איינער פון זיי האט אויף אזא אופן 13 כלות אין פער־שיעדענע גאסען.

מיינער א בעקאנטער ווארשויער ארבייטער דערצעהלט מיר, אז זיינער א ברודער, א געזונדטער יאט, איז געגאנגען שפאצירען מיט א שוועסטער. ווי ער איז געגאנגען, איז איהם איינער איבערגעגאנגען דעם וועג און אונטערגעשטעלט א פוס. ער איז געפאלען; האט זיך אבער באלד אויפגעהויבען און גע־לאזט זיך ווייטער. ער האט געמיינט: דאס איז צופעליג. אין איניגע מינוטען ארום קומט אונטער דערזעלבער בחור און שטעלט איהם ווידער אונטער דעם פוס. ער איז ווידער געפא־לען; האט זיך אבער באלד אויפגעשטעלט און אראבגעלאזען דעם בחור א „פלעם". אין דער זעלבער סעקונדע זענען אויסגע־וואקסען, ווי פון דער ערד, נאך דריי און גלייך — אויף איהם מיט מעסערס, ער האט אבער געקראגען א געזונדטען שטיק האלץ און האט זיי אלע דריי צובלוטיגט די קעפ. נאכדעם איז ער שטאלץ און טריאומפירענדיג אוועק פון פלאץ רוהיג מיט זיין שוועסטער. די „קאלייקע" האט ניט געוואגט איהם מעהר צו פערפאלגען. כח ווערט אנערקענט. געזיעגט איז געזיעגט...

ביז עס האט זיך אנגעהויבען די רעוואלוציאנערע בעוועגונג איז די „קאלייקע" געווען די איינציגע יוגענד־ארגאניזאציע אין ווארשויער געטא. אהין זענען געגאנגען ניט בלויז זשוליקעס, גנבים, צולאזענע יונגען, נאר אויך ארבייטער, פריקאשטשיקעס מיט א לעבעדיגען טעמפעראמענט, מיט שטארק־ענטוויקעלטע שטרעבונגען צו א סאציאלען לעבען. פאר אזעלכע, ווי מען רופט זיי אין רוסיש „ברייטע נשמות", איז דאס געטא געווען צו

מלאכה. זיי ווע‏לען ניט שמוציג מאכען די פינגער, אום צו קריי־
כען צו יענעם אין טאש, אדער ניט של‏אפען א נאכט, אום צו
ברעכען א של‏אס. זיי קלויבען זיך אוים א קונד פון זייער גאס
און מעלדען איהם א „פראטענציע“, דאס הייסט — א פרעטענ־
זיע, בזה הלשון: דו האסט איינעם פון אונז בעליידיגט, און
מוזט צאהלען קנס — א 25־ער, א 50־ער, צי א 100ער. אפט
נאך מעהר. עס ווערט געמעלדעט די נומער פון וואוינונג, הויז
און גאס, בעשטימט: טאג, שטונדע און מינוט, ווען און וואו
דאס געלד מוז אריינגעטראגען ווערען. און די פאדערונג ווערט
ערפילט פינקטליך. אז ניט, האבען די „קאמבינאטארען“ צוויי
געוועהר: מעסערם און אייזערנע הענטשקעס. און יעדער ווייסט,
אז מיט זיי איז געפעהרליך זיך צו שפיעלען.

עס טרעפט אבער אמאל, אז א „קליענט“ האט די פראטעק־
ציע פון א „קאלייקע“, אדער — ווייל ער וויל ניט צאהלען
די „פראטענציע“ פון איין קאלייקע, קויפט ער זיך דעם שוץ
פון אנ׳אנדער „קאלייקע“. דאן פאסירט פאלגענדעס: אויף דעם
בעשטימטען ארט, אין דער בעשטימטער צייט טרעפען זיך די
„קאמבינאטארען“ — טאקע אויף זייערע אייגענע לייט פון אנ־
אנדער חברה. עס ווערט א בלוטיג געשלעג. אויפ׳ן ארט בלייבען
א סך פערוואונדעטע, ניט זעלטען אפילו גע׳הרג׳עטע.

די „קליענטען“ זענען בעוואוסטע סוחרים, אדער בחורים,
איבערהויפט די, וואס האבען כלות, אדער גלאט בעקאנטע מייד־
לעך. עס געהט זיך רוהיג א בחור שפאצירען מיט א מיידעל
אין קראסינסקי׳ס גארטען. אין מיטען געהט צו איהר אונטער א
פאצעט, א שטעקעלע אין איין האנד און האנדשוה אין דער
צווייטער, און שטעהט איהם אב: „דו אזוינער און אזוינער, ווי
קומסט דו צו שפאצירען מיט דום מיידעל?... ס׳מיידעל
איז מא—אנס!... א 25ער פראטענציע! אדער א מעסער אין
זייט“... דער בחור מוז צאהלען פראטענציע, אדער פערלאזען
ווארשוי. עס טרעפט, אז מיט דערזעלבער „קאמבינאציע“ קומט
מען צו דעם מיידעל און מען פערבאט איהר צו געהן מיט דעם
בחור, און זי מוז זיך אויסקויפען.

אין דער „קאלייקע“ געפינען זיך אויך מיידלעך. זייער

טיגט זיך ניט אין פּראַגרעס, אַלץ איז דאַ פּאַלקאַם, מען דאַרף ניט בעסער.

יעדע גאַס האָט זיך איהר „קאַלייקע“. די מיטגליעדער פון דער קאַלייקע רופען זיך „וואוילע יונגען“. צו זיין אַ „וואוילער יונג“ דאַרף מען דורכגעהן אַ גאַנצע רייהע עקזאַמענעס. דער אַנפיהרער פון יעדער קאַלייקע רופט זיך: אַ „ריעז“. דער „ריעז“ איז בעקאַנט ניט בלויז יעדען פון דער קאַלייקע, נאַר אויך דער גאַנצער גאַס, זאַגאַר אין די ארומיגע גאַסען, אפילו דער פּאָליציי אויך. ביי די „אייגענע“ מענשען געניסט ער דעם גרעסטען רעספּעקט; די גאַס האָט פאַר איהם מורא.

ווי קומט מען אריין אין „קאַלייקע“?

עמיצער האָט דאַרט אַן אייגענעם מענשען, צי אַ בעקאַנטען און מעלדעט דורך איהם, אַז ער וויל ארייננטרעטען. דאַן מוז ער ארייגרופען דעם „ריעז“ אין שיינק און „פונדעווען“ איהם. דאָס קאָסט אַ שענע פּאַר קערבלעך. ווארום מען הוליעט אין שיינק אַ טאָג מיט אַ נאַכט. דאַן זאָגט צו איהם דער „ריעז“: „אחינו אתה“ — דו ביזט אונזער ברודער, און דער נייער ווערט אַ „וואוילער יונג“.

אַ „וואוילער יונג“, קוים איז ער אריינגעטראָטען אין „קאַלייקע“, האָט דאָס רעכט אויף פולע פּראָטעקציע פון דער חברה. ער דאַרף נאַר אָנווייזען: דער און דער האָט מיך בעליידיגט — וועט שוין יענער גוט ניט אָבשניידען.

אין וואָס בעשטעהט די „טעטיגקייט“ פון די „קאַלייקעס“?

דאָס איז אייגענטליך אַ געוויסע אָבטיילונג פון די זשוליקעס און גנבים. די „ארבייט“ איז אין ווארשוי שטרענג צוטיילט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ הויך־ענטוויקעלטען אינדוסטריעלען צענטר. דער, וואָס קריכט אין קעשענע, טאָר ניט רייסען קיין שלאָס; דער, וואָס איז זיך „עוסק“ מיט אַ שלאָס, טאָר ניט געהן אויף דער באַהן. יעדער מוז אָבהיטען זיין ספּעציאַליטעט. אָבער אין אַ נויט זענען אַלע „ברידער“ און מען מוז איינע די אַנדערע העלפען.

די ספּעציאַליטעט פון די „וואוילע יונגען“ איז דאָס, וואָס הייסט אויף העברעאיש אַ „מלאכה נקיה“, אַ „ריינע“, אַ „פיינע“

# „וואוילע יונגען", „קאליייקעס" און „ריזען".

1.

יעדער יודישער קווארטאל האט זיין „דעק". נאר קיין יידישער דעק איז נים אזוי אריגינעל און רייך אין קאלירען, ווי דער ווארשויער. אין דער הינזיכט פונ'ם „דעק" האט ווארשוי פיעל עהנליכקייט צו ניו־יארק. די ניו־יארקער „גענגס" און „באמס" זענען די ווארשויער „קאלייקעס" און „קאמבינאטארם", נאר דער ארטיקעל „טרעמפס", באסיאקעס, פעהלט כמעט אינגאנצען אוים אין ווארשוי. אין ווארשוי זעהט איהר כמעט נים קיין טרעמפס. דא געהט אלץ צו אויפ'ן איידעלען אופן. פון דעם קלענסטען קעשענע־גנב ביז דעם שטאלצען אלפאנס האט אלץ ליעב צו געהן פערפוצט, — מיט א שטעקעלע און מיט האנדשוה. אפט פאסט צו די ביזנעס, צו געהן געקליידט אין א לאנגער קאפאטע און א קורץ היטעלע, אויפ'ן חסיד'ישען שטויגער. אבער שטענדיג ריין, פיין, גאלאנט...

די „קאלייקעס" זענען אזוי אלט, ווי די יודישע בעפעלקערונג אין ווארשוי (איך רייד דא ספעציעל פונ'ם יודישען „דעק"). זיי געהען איבער בירושה פון דור צו דור און האבען שטענדיג איין געשטאלט און א פעסטע ארגאניזאציע, וועלכע בעזיצט פאלקאמע סאלידאריטעט און איינהייט. דער בוי פון דער קאלייקאווער ארגאניזאציע פראגרעסירט נים, ווייל ער נוי־

און אלטע פאַדעשוועס. פון דער אנדער זייט זענען אנדערע מענ־
שען, מיט פערברוינטע פנים׳ער און שטאַרקע מוסקולען, זיך
עוסק מעטאַדיש און רוהיג ארום די בייטען און בוימלעך...

צוויי בעזונדערע וועלטען. אזוי נאָהנט איינע צו דער אנדע־
רער און אזוי פרעמד. אין די אויסגעמאַטערטע, אויסגעלאַשענע
בליקען פון די הענדלער האָב איך ניט בעמערקט קיין שום קנאה
צו די געזונדטע ערד־ארבייטער, דאָ, נעבען זיי. דער הונדערט־
יעהריגער לומפען־האנדעל האָט געטאָן זיין ארבייט: האָט אויס־
געזויגען, אויסגעטריקענט הארץ און נשמה. ווען זיי קאָנען
אמאָל אויפלעבען?

גרויס אפעטיט אוןווארט אויף דער אנדערער, וואס פרעגעלט זיך דערווייל פאר איהם אויפ'ן בלעך. איהם פעהלט נאך א לאטע אויפ'ן שוך, וואס דער שוסטער דערביי קלאפט איהם צו און ער ווארט דערויף מיט איין פוס א הוילען.

צווישען עולם, וואס שוויבעלט און גריבעלט ווי אין א מוראשקעס־הויפען, רייבט זיך א הונד, אנ'אבגעקראכענער, פול אין וואונדען. א סאלדאט האט אויף איהם רחמנות און ווארפט איהם צו א שטיקעל בולקע. נאר דער הונד גיט א שמעק און קעהרט אב די נאז. ער איז אפנים ניט הונגעריג, און רייבט זיך מיט זיין קראנקער הויט צווישען עולם פשוט אזוי זיך, מעשה „אייגענער מענש". דא איז זיין היים און ער מוז ארייננשטעקען אומעטום די נאז. דער מארק־עולם אנערקענט אפנים זיין ביר־גער־רעכט און קיינער טשעפעט איהם ניט.

עס פעהלט אויך ניט קיין „ליטעראטור". דא און דארט ליעגען הייפלעך מיט אלטע בלעטלעך פון ביכער און ביכלעך אהן אן אנהויב און אהן א סוף: אויף פויליש, אויף פראנצויזיש, אויף יודיש.

איהר קאנט זיך דא אויך אנשטויסען אויף אזא בילד:

ארום א הויפען שמאטעס זיצט א גאנצע פאמיליע. דער טאטע איז זיך עוסק ערנסט מיט די קונים. די מאמע זופט פון א קריגעל א מין געקעכטס און פערבייסט מיט א שטיק ברויט. צוויי קליינע מיידעלעך, מיט שמוציגע און בלאסע, אבער זעהר שענע פנים'לעך, פלאטערן ווי זומער־פויגעלעך, שפיעלען און „גרונ־טעווען" אין די בונטע שמאטעס. די מאמע כאפט דא א זופ געקעכטס פון קריגעל, דא א קוק מיט אן אויג אויף איהר איי־גענעם — די שמאטעס מיט די קינדער — און קוועלט.

אין שארפען קאנטראסט מיט דעם לומפען־מארק איז דער גרויסער גרינער סאד, אנגעזעצט געדיכט מיט פלאנצען־בוי־מעלעך, וואס גרעניצט מיט'ן לומפען־מארק און ציהט זיך פון דאנען ביז דער סאמע ווייכסעל־באהן. דער גארטען איז אבגע־צאמט בלויז מיט א נידעריגען דארפישען שטאנגען־פלויט. פון איין זייט נעהט א גראשענער האמפערן און ליארם פון קופקעס מענשען, ווי מוראשקעס־הויפענס, ארום שטויביגע שמאטעס

פּאַסטעך. ווי דורך „שוואַרצע קונצען“ פון אַ צויבערער האָט זיך אָנגעהויבן שיטן פון זאַק און קלויבן אַרום איהם גאַנצע בערג פון סאַמעט, זיידענס, גאָלד און זילבער־געוועב און האַפטונג אין די סאַמע פאַנטאַסטישע פאָרמען און געשטאַלטן. און אַרום די אויפגעהויפטע בערג פון גאָלד־ און זיידען־שמאַטעס האָט זיך ביסלעכווייז גענומען קלויבן אַן אינטערנאַציאָנאַלער עולם פון „דאַמען“ — איבערהויפּט מיידלעך: קעכינס, שטוב־מייד־לעך, פאַבריק־אַרבייטאָרינס, וועלכע האָבן שטאַרק חשק צו אַ מאָדע־קלייד, אָדער אַ מאָדע־הוט, זאָל אָבער קאָסטן ביליג. מען טאַפּט אין האַנד, מען מעסט, מען צאַצקעט זיך, מען דינגט זיך, מען האַמפּערט זיך.

דאָס איז אַ כל־טוב־מאַגאַזין, אָבער ספּעציעל פון לוקסוס־זאַכן, איבערהויפּט דאַמען־מאָדעס. ווייטער נעהט דאָס גע־שעפט מעהר ספּעציאַליזירט. דאָ ליגט אַ באַרג פון מענער־היט פון די פערשיעדענסטע פאַסאָנען. דאָס איז אַ „הוט־גע־שעפט“. אַהער קומען די לאַפּאַטניקעס, קירזשנער, אָדער גלאַט מאַנדרעטניקעס, וואָס מאַכן פון אַלט ניי, און קויפן טוצענ־ווייז. צעהן קאָפּיקעס אַ הוט איז דער העכסטער פּרייז. גע־וועהנליך, איז אַ צעהן־גראָשען־מטבע אַ גוטער פּרייז. דאָ דער־ביי נעהט דערזועלבער הורט־מסחר מיט דאַמען־היט. אַ טריט ווייטער איז אָנגעוואָרפן אַ הויפן שטיוועל אָהן פּאָדעשוועס, האַלבע האַליאַוועס, נעזלעך, הוילע אַבזאַצן, זוילען, האַנד־שוה: אָן אַ זייט זענען אויסגעלעגט שורות מיט אַבפאַל פון די פערשיעדענסטע מינים: לעדער, זעמש, גומי, צאַראַטעס, סטענגעס א. אז. וו.

דאָס אַלץ איז אויסגעלעגט אויף דער הוילער ערד, איבער׳ן מאַרק. דער מאַרק אַז גרוים און געדוים. אַרום דעם שטעהען טיש־לעך און ביינקלעך מיט כל המינים געקעכטס און געבעקס, וואָס ווערט טאַקע דאָ גופא אויף רויכערדיגע פּרימיטיווע אייזערנע אייוועלעך נעקאָכט, נעבאַקן און געבראָטן. אַ פּוילישער פּויער, וואָס האָט זיך דאָ פאַר אַ פּאָר גילדען אויסגעפּוצט פון קאָפּ ביז די פיס, האַלט מיטביידע הענד אַ הייסע בלינצע, נעפּרע־געלט אויף זעהר אַ פערדעכטיגען אויל, שלינגט זי אַריין מיט

„ביזנעס", להבדיל, ווי דאָרט אין די גרויסע הורט־מאַגאַזינען. אויף די נאַלעווקעס און גענשע גאַס. אי דער יוד, וואָס שטעהט איבער אַ הויפען אַלטע פאַרעשוועס און אַבזאַצען, אי דער לאַ־פאַטניק — דער שוסטער, וואָס לעבט נאָר פון לאַטען אַלטע שיך מיט די דאָזיגע אַלטע פאַרעשוועס — מאַכען אַנ'איינדרוק פון מסחר־לייט. און די אַלטע פאַרעשוועס זענען צוזאַמענגע־בונדען ריינליך און נעט, צו האַלבע טוץ, אָדער צו טוץ. די דאָ־זיגע פעקלעך זענען אויסגעלעגט אין גלייכע, לאַנגע שורות. דער קרעמער געהט ארום זיי פון אַלע זייטען, שטאַלץ מיט זיין סחורה, וואָס איז איינגאַנצען, אפילו לויט'ן לומפען־מארק קורס, ווערט הלואי דריי קאַרבען. ער איז פעסט און זיכער, אַז זיין קונה וועט קומען. און דער קונה קומט טאַקע, קוקט ארום די סחורה מיט אַנ'ערנסט פנים, וועגט אין האַנד, נעהמט־צו און צאָהלט מזומנים, אמת, ניט קיין רובלס, נאָר גראָשענס. אָבער דאָ, אויפ'ן לומפען־מארק געהט דאָס גאַנצע לעבען אויף גראָ־שענס.

נאָר מיינט ניט, אַז דאָ האַנדעלט מען נור מיט אַלטע פאַרעשוועס. איהר קאָנט דאָ געפינען, וואָס אַ מויל קאָן נאָר ריידען. וואַרשעווער לומפען־מאַרק איז, להבדיל, די 14־טע סטריט, דער „וואַנאַמייקער"*) פון וואַרשויער געטאָ.

אַט האָט מען פאַר מיר אין די אויגען נאָר־וואָס געבראַכט צוטראָגען אַ גרויסען, אַ ברייטען זאַק. געבראַכט האָט מען דעם זאַק זאַלבעדריט: מאַן און ווייב און אַ בחור — אַ זוהן אפנים. קוים אַראָבגעשלעפט אויף דער ערד, נעהמט זיך די פאַמיליע ערנסט־פייערליך אויספּאַקען דאָס איינוויינינגסטע. גאָט מיינער! וואָס איז דאָרט אין זאַק ניט געווען! וועסטען, יאַקען, צילינ־דערס, פראַקען, שלעפעס, גאָלד־געוועבטע דאַמען־שיכלעך, היט אַלאַ־שאַנטעקלער, גענעראַל־אוניפאָרמס, חופּה־קליידער, זיידע־נע שאַלען, סאַמעטענע קאַפּאָטעס, דאַמען־הויזען, בודואַר־קאַ־

*) וועלט־בעריהמטעס געשעפט אויף דער 14־טער סטריט אין ניו־יאָרק, וואָס פערנעהמט אַ גאַנצען קוואַרטאַל און מ'בעקומט דאָרט אַלץ, וואָס אַ מענש דאַרף האָבען.

# אויפ'ן ווארשעווער לומפּען־מאַרק.

ס'איז פאראן אין ווארשוי א ווינקעל, איינס פון די מערק־ווירדיגסטע אין יודישען תחום. פון יענעם ווינקעל הערט איהר גאַרנישט, נישט אין דער יודישער פּרעסע, נישט אין דער יודי־שער ליטעראטור. איך צווייפעל אפילו, אויב עמיצער פון די הונדערטער טויזענדער יודען־אורחים, וואָס קומען קיין ווארשוי און ס'שווייבעלט און גריבעלט מיט זיי אויף די נאלעווקעס, קעהרט זיך אביסעל אַב אַן א זייט, צו זעהן, וואָס ס'טוט זיך דאָ, ניט ווייט, טאקע דריי טריט פון די נאלעווקעס, אויפ'ן ל ו מ פ ע ן ־ מ א ר ק.

ווארשויער „לומפּען־מארק" איז דאָסזעלבע, וואָס ווילנער „באָסיאקעס", וואָס מאָסקווער „חיטראָווקע", וואָס ניו־יאָרקער „באוערי". דאָ געפינט איהר זיך אויפ'ן סאמע דעק פון דער גע־זעלשאפט. אבער אַט דער אָרט איז ניט אזוי ליארמדיג און חוצפּה'דיג, ווי „חיטראָווקע" אָדער די „באוערי". אויף דעם ווארשויער יודישען דעק איז כמעט ניטאָ קיין שכור, קיין באָ־סיאק. דאָ איז, אמת, דער אָבפאל פון אלץ, וואָס ווערט דאָרט, ארויף, אין די העכערע גאסען פּראָדוצירט. און אַט נאָך די שיריים קומען יענע אָפּגעפאלענע פון דער געזעלשאפט, וואָס נעהרען זיך דורך אָדער מיט זיי.

דאָ אויפ'ן לומפּען־מארק זעהט איהר דעם טיעפסטען עלענד פון יודישען געטאָ. נאָר דער עלענד שרייט ניט און וויינט ניט. די אונבעשרייבליכע אָרימקייט נעהמט דאָ אַן די מינע פון

טאַ פיעל עהנליכקייט צו נויאַרקער יודישען קוואַרטאַל. נאָר די פּראָלעטאַרישע קינדער מאַכען דאָ אַ בעסערן איינדרוק, ווי אין נויאָרק. דאָ האָט איהר כמעט ניט קיין לויפערס. קינדער ליגען ניט אויף די גאַסען. די הויפען זענען דאָ גרויסע און זיי האָבען גענוג פּלאַץ זיך צו שפּילען ביי זיך אויפ'ן הויף. קינדערשע גע־שלעגען בעמערקט איהר כמעט ניט. דערפאַר נעהמען זיי א שטאַרקען אנטייל אינ'ם לעבען פון די גרויסע. קיין זאַך פּאַ־סירט ניט אויפ'ן הויף, אין וואָס זיי זאָלען זיך ניט אריינמי־שען אויף זייער קינדערשען שטויגער. בעזונדערס ווערט לע־בעדיג פון זיי, ווען עס מאַכט זיך אויפ'ן הויף אַ שטיקעל שמחה. אַט יעצט, בשעת איך שרייב די דאָזיגע שורות און קוק צייטענווייז ארויס דורכ'ן פענסטער — איז אַ חתונה אין הויף. עס דראָהען די שויבען פונ'ם קינדערשען הוראַ! מיט וועלכען זיי בעגלייטען די קאַרעטע מיט חתן־כלה און מחותנים. זיי אַקאַמפּאַנירען די מוזיקאַנטען, אַקאַמפּאַנירען דעם בדחן און בילדען אַ מין עהרען־וואַך פאַר די חתונה־לייט. די גרויסע גע־פינען דאָס אַלעס נאַטירליך. און עס שיינט אַז אַהן זייער, דעם קינדערשען, הוראַ און געטומעל וואָלט די שמחה קיין שמחה ניט געווען.

איבריגענס, ווען עס מאַכט זיך אַ חתונה, איז דאָס אַ שמחה פאַר'ן גאַנצען הויף. פרעגט ביי אימיצען וועגען חתן־כלה, ווע־גען מחותנים, וועט ער אייך דערצעהלען: ווי אַלט זיי זענען, ווי־פיעל נדן מען גיט, וועט אייך דערצעהלען: אַלע זייערע מעלות און חסרונות און געוואוינהייטען! קורץ: וואָס אונטער נאָגעל. אזוי ווי אין ניו יאָרקער געטאָ, לעבט מען דאָ תמיד ביי יענעם אויף די אויגען, און פון דעם שכן, וואָס וואוינט מיט אייך אַ טיר צו אַ טיר ענטגעהט ניט די קלענסטע זאַך, וואָס פּאַסירט אין אייער לעבען.

מיט איין וואָרט, אַ וואַרשעווער יודישער הויף איז אַ גע־מיש פון אַ גרויסער שטאָדט מיט אַ קליין שטעדטעל. דער אייבי־גער גערויש און הו־האַ שטערט ניט דעם שטילען אַלט־פרענקי־שען גאַנג פון דעם יודיש־פּוילישען פאַמיליען־לעבען מיט אַלע זיינע ליכט און שאָטענס.

עטאַזשען. עס שטעקען אַרויס קעפּ פון ווייבער, מיידלעך, בחורים און עלטערע יודען — הערען זיך צו מיט פערגניגען צו דער „מוזיק“ און בעטראַכטען מיט נייגירינקייט די פאַרשטע־לונגען. די מוזיקער און קאַמענדיאַנטען געהען קיינמאָל ניט אוועק מיט לעדיגען פון אַ הויף. מען וואַרפט זיי אַרויס פון די פענסטער וויפיעל ווער עס קען.

דאָס איז אַלץ דער נאַטירליכער גאַנג פון די פּאַסירונגען. עס טרעפען אָבער אויך עקסטראַ־אָרדינאַרע פאַרשטעלונגען. אַט ווערט פּלוצלונג אַ טומעל. עס ווערט אַן אַנגעלאָף פון אַלע עטאַ־זשען. אין די פענסטער שפּאַרען זיך צו פינף, זעקס קעפּ מיט אַמאָל, מען שרייט, מען ליאַרעמט. וואָס איז די מעשה? מען האָט געכאַפּט אַ גנב! ער איז געקראָכען אויף אַ בוידעם גנב'ענען וועש. אין טאַש האָט מען ביי איהם געפונען אַן „אַטמיטשקע“ אַ מין דראַטעל, וואָס עפענט אַלע שלעסער. מען קוקט איהם פרי־הער אָן ווי די קאַץ אַ מויז. דער בחור — אַן אויסגעפּראַנטעווע־טער אין אַ שטרויהענעם הוט און געלע טופליעס, קוקט אָן דעם עולם פון זיין זייט, תמ'עוואַטע, כלומרשט איבערראַשט, מיט אַ מינע פון אַן אונשולדיגען קרבן. אָבער די נאַלעווקעס ווייסען זייערע קאַסטימער. עס יאָווען זיך יונגע אַרבייטער. מען נעהמט איהם פּאַטשען פון אַלע זייטען. מכבד זייענדיג איהם מיט הינטער־פּלעצלעך, צום פערבייסען, הייסט מען איהם אויף ניך זיך אָבטראָגען. צו דער פּאָליציי גיט מען קיינמאָל נישט אי־בער דירעקט. אָבער אונדירעקט פאַלט ער פאָרט אַריין אין ציר־קעל. וואָרום ווי עס ווערט נאָר אַ רעדעל, איז שוין אימער דאָ אויף דער „חתונה“ אַ שפּיאָן און בריינגט אונבעמערקט די פּאָ־ליציישע כלי זמר.

דאָך, אויב דער גנב איז אַן אמת'ער גנב און ניט קיין אַנאַרכיסט, האָט ער זיך ניט וואָס צו שרעקען. פון צירקעל בע־קומט ער באַלד די מעגליכקייט צו נעהמען זיך אויף דאָס ניי צו זיינע „ביזנעס.“

די הויפּט־ראָלע אויף אַ הויף פון די נאַלעווקעס שפּילען די קינדער. איבערהויפּט זומער זענען זיי די באַלעבאַטים פון'ם הויף. אין דעם לעבען פון די מענשען האָט דאָס וואַרשעווער גע־

נער־ און שמאטעס־הענדלער, מיט זייער בעקאנטען איינטאָני־גען: „האנדליע!“ און קאָסטי קופּויע!“

גאַנץ פריה הערט איהר אויסרופען: ציטונגען! ציטונ־גען! „טאָגעבלאט!“ „פריינד!“ „ראָמאַנעןציטונג!“ א. ז. וו. דאָס קומען די צייטונגסיונגלאך מיט פרישע בלעטער. אויף די גאסען לאָזט מען זיי ניט שטעהן, געהען זיי איבער די הויפען.

ארום האלבען טאָג איז א סהרה פון פוהרען. מען פיהרט וואָגענס שטרוי, העלצלעך, קויהלען און עהנליכע באלעבאטיש־קייט. דערנאָך קומען מיסט־קלייבער און פּאַרקען זיך אין גרוי־סען צוגעמאכטען מיסט־קאסטען אויף רעדלאך. אויב מען גע־פינט צווישען די שמאטעס, שטיקלאך ברויט, בולקע וועצט מען זיך צו ביין קאסטען און מען בייסט איבער.

אַט אזוי הערט א גאנצען טאָג ניט אויף די הויפען־פּעד־לעריי, בעגלייט פון פערשידענע געשרייען: בערשט! בערשט! האנדליע! האנדליע! קאָסטי קופּויע! גאלגאני קופּויע! שווי־בען! שויבען! פּאָמעראנצי מאלינאָווי!... דין־דין־דין! טראך!... אַט די אלע קולות, דאָ איינטאָניג ווי דער סקריפּ פון א וואָגען, אָדער „קו־קו“ פון א קוקאווקע, דאָ קונציג און פערדרעהט ווי א מין געמאסטענע פערזען־דעקלאמאציע; אָדער א ליעדער־גע־זאנג וואָס גיט אָב שטענדיג מיט א בעהאלטענעם אומעט פון מורא'דיגער אָרימקייט און הונגער־נויט.

דאָס איז דער ביזנעס־טייל פון'ם טאָג אויף א הויף פון די נאלעווקעס. עס גיבט גאנץ אָפט אויך מוזיקאלישע און דראַ־מאטישע פאָרשטעלונגען, פערשידענע קאטערינקעס, בלינדע מוזיקאנטען און זינגער, קונצען־מאכער, גראמאָפאָנען. — דאָס הערט אויך ניט אויף אין די אנטראקטען צו פויקען אויף די הוי־פען. די שכנים אויף א הויף פון די נאלעווקעס זענען כמעט אימער ביזנעס־לייט, וואָס האָבען געשעפטען צום גאס, אָדער אין הויף גופא. און דאָך איז מען זעהר צופרידען פון די גאסען־מוזיק און קאָמעדיאנטען. קוים בעווייזט זיך נאָר א קאטערינקע, א קונ־צענמאכער מיט א פויק און מעשענע טעלער, עס לאָזט זיך הערען א הייזעריגער „כל נדרי“ פון אן אלט־מאָדישען געניצ־טען גראמאפאָן, ווערט שוין פול אין די פענסטער פון אלע

לי „סטרוזשען" איז אין יעדען הויף דא „א זשאנצע", א הויז קיפער, וואס גיט אויף אייך אכטונג. ווייס וויפיעל קינדער איחר האט, וואס איהר טוט, ווי איהר לעבט, ווער עס נעהט אדער פאהרט צו אייך אריין, נעהמט אפט אנטייל אין אייערע ביזנעס, אין אייער פאמיליען־לעבען, און מוז — לויט דער פארערונג פון דער פאליציי, אבגעבען דין וחשבון פונ'ם לעבען פון יעדען קווארטיראנט דעם „רעוויראווע" און צירקעל, וועלכער איז איי־גענטליך דער רעכטער באלעבאס פונ'ם הויף.

אין א פרייען לאנד וואלט דעם בירגער גאר אונמעגליך געווען זיך פארצושטעלען, אז מען קען לעבען אונטער אזא דרייפאכער השגחה פון סטרוזשען, זשאנצעס און פאליציי. דא איז מען שוין דערצו געוואוינט, מען ווערט געבארען, מען האט חתונה, מען קינדערלט און מען שטארבט אונטער דעם דאזיגען צוים. וואו מען קען זיך ניט א קעהר טאן פריי.

איך האב געזאגט פריהער, אז אויף א ווארשעווער הויף לעבט זיך רוהיג און שטיל, ווי אין א קליין שטעדטעל. דאס מוז מען אנגעה־זען מיט א געוויסער ערקלערונג. אייגענטליך פויקט דא און טומעלט דא אהן אויפהער פון דער פריה ביז ביינאכט. נאר דאס פויקען און טומלען איז אזוי איינטאניג און ענג פער־בונדען מיט דעם הויפישען לעבען, פונקט ווי טיטום מיט דעם „מוק", וואס האט איהם געעגבערט דעם אויער. זאל צום ביי־שפיל אויעק א טאג און אויף א ווארשעווער הויף זאל זיך ניט הערען דער הייזעריג־אנגעבראכענער קול : „האנדליע ! האנד־ליע !" אדער „קאסטי קופויע !" פון די פוילישע שמאטעס־ און ביינער־הענדלער, ווערט א ווארשעווער באלעבאס געווים פיהלען, אז עס פעהלט איהם עפעס.

דער טאג הויבט זיך אן אויף א ווארשעווער הויף מיט דעם קלינגען און קלאפען פון די שלייפער, האלצהעקער און זעגער. די ־אזיגע שרייען ניט, ווי די שמאטעס הענדלער, נאר זיי קלינ־גען מיט א גלעקעל און קלאפען מיט דעם פלעקעל פונ'ם זעג.

נאך זיי קומען גלעזער און שרייען : שויבען ! שויבען ! נאך די גלעזער קומען יודישע אלטווארגער און קריסטליכע ביי־

א מוראשקעס־הויפעז, וואו אימיצער האט ארייגעשטעקט א שטעקען. אבער, וואס פאר אן אורזאכע דער שרעק זאל ניט האבען, אין א ווײַלע ארום ווערט ווידער רוהיג אויף צוכלומרשט רוהיג, ווי גאר נישט געוועז.

דאס לעבען אין װארשעװער געטא איז זעהר אינטערע־סאנט, אבער צוליב דעם אויסערליכען ביזנעס־קאך איז אויף שווער ארייגצוקוקען דא אינעװעניג, אין דער נשמה פונ׳ם גע־טא. נאך שווערער איז דאס אויף די נאלעווקעס, וואו די הא־ווענעס און געלאף זענען נאך שטארקער, ווי אין די איברינע גאסען.

די נאלעווקעס זענען שטארק עהנליך צו נויארקער גרענד סטריט מיט די גרויסע קליטען, מיט דער ראשער בונטער בע־וועגונג, מיט די רייהען סטענדס און קעסטלאך פון די גאסען־הענדלער פון ביידע זייטען גאס. נאר די בעפעלקערונג איז דארט אן ארטיגע, מעהרסטענס ארביטער; און דא א דורכפליהענדיגע, א ניט־היגע, מעהרסטענס פראווינציעלע קרעמער און קרעמער־לאך.

ווען איהר ווילט זיך אלזא צוקוקען צו די מענשען, צו זייער לעבען און פאסען זיך פיעל־וועניג דערפון א בעגריף, מוזט איהר אריין אין א הויף און צוקוקען זיך, וואס דארט טוט זיך, דורך א פענסטער. קוקען אזוי א פאר שטונדען איז גאנץ אינ־טערעסאנט. איהר האט דא א גאנצע פאנאראמע פון סצענען, בילדער פון אלע סארטען וואס איהר קענט זיך נאר פאר־שטעלען.

א הויף אויף די נאלעווקעס איז אן אונגעהייערער קאנט־ראסט צו דער גאס. דארט אויפ׳ן גאס קאכט און זידט און רעש׳ט — דא אויף דער „פאדוואורקע“ איז שטיל און רוהיג און דאס לעבען פליסט ווי אין א קליין שטעדטעל. א װארשע־וועער הויף איז ווי א פעסטונג, אדער, ריכטיגער, ווי א גרויסע טורמע: פון דריי זייטען ארומגעצאמט מיט הויכע מאסיווע מויערן און צום גאס פערשפארט דורך א שווערען אייזערנעם טויער, ביי וועלכען עס זיצט טאג און נאכט א וועכטער און גיט אכטונג אויף יעדען, וואס געהט אריין און געהט ארויס. א חוץ

# דורך א פענסטעריל אויף די „נאלעווקעס".

אויב איהר זייט געוועזן אין ווארשא מיט א האלב יאָהר צוריק און קומט ווידער אהער יעצט, בעמערקט איהר גלייך אן ענדערונג. דער שטראָם פונ'ם נאָרמאלען, קאכיגען ווארשעווער לעבען, שיינט צו זיין ווידער אריינגעגאנגען אין זיין נאָטירלי־כער קאלוזשע, בעזונדערס בעמערקט איהר עס אויף די נאלעוו־קעס, דעם מיטעלפונקט פונ'ם ווארשעווער געטאָ. אלעס בע־וועגט זיך, לויפט און האָוועט קאָכיג אבער אָהן אימפעט, אָהן דער צעשראָקענער האסטיגקייט, וואָס איהר האָט דאָ בעמערקט די גאנצע פריהערדיגע אָנדערהאלבען יאָהר פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

ווען איהר מיינט אבער, אז ווארשא האָט זיך בערוהיגט, האָט איהר א טעות, דאָס איז פשוט די בעפעלקערונג צוגע־וואוינט געוואָרען צום „קאנטשיק", האָט זיך צוגעפאסט צו די אומשטענדען און אויסגעלערנט זיך פיהרען איהר געוועהנליכען טעגליכען לעבענס־קאמף, האָוועָנדיג, כלומרשט ווי ס'וואָלט נאָר נישט פאסירט און דאָך אונבעמערקט ווארפענדיג אויגען אָן א זייט, צו די ראָגען גאָס וואָו עס שטעהען, ווי פריער, די פאטרולען — די וועכטער פון ניקאָלאי'ם קאָנסטיטוציע.

אלעס לויפט דאכט זיך רוהיג. אבער עס דארף זיך נאָר לאָזען הערען א קלאפ, א בראזשג, אן עטוואָס העכערער קויל, ווי דאָס לעבען ווערט פלוצלונג אבגעשטעלט און פערגליווערט אין א פאנישען שרעק. עס ווערט א משוגע'נער געלאָף, ווי אין

קוואַרטאַל אין וואַרשאַ ניט געהאַט אַזאַ געהויבענעם אויסזעהן, ווי די נאַלעווקעס. אויף קיין קוואַרטאַל איז דעריבער די פּאָלי־צייאישע „השגחה" ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי דאָ. די נאַ־לעווקעס זענען געווען גערעכנט אַלס דער געפעהרליכסטער נעסט פון דער רעוואָלוציע. דאָ איז געווען ניט מיליטערישער צו־שטאַנד, נאָר ממש בעלאַגערונגס־צושטאַנד.

דערפאַר איז יעצט קיין קוואַרטאַל ניט אַזוי „רוהיג" ווי די נאַלעווקעס. די מיליטערישע פּאַטרולען זענען שוין לאַנג אַרונ־טערגענומען. דער שפּרודעל און שטראָם האָט אָנגענומען זיין האַרמאָניש־פּאַטריאַרכאַלישע פיזיִנאָמיע. ווי אַמאָל אין די „אַלטע גוטע צייטען." און נאָר דער ביקס, וואָס דער פּאָלי־ציסט טראָגט פון הינטען און אַ באַמבע, וואָס פּלאַצט אַמאָל אונטער אַ טיר (איבריגענס דאָ זעלטענער ווי אומעטום) דער־מאָנט אָן דעם אַלגעמיינעם נאָך ווייט ניט בערוהיגטען צושטאַנד.

מען צוגעבען נאָך א פּאָך, וואָס ליגט כמעט דורכאויס ביי ליט־וואקעס אין די הענד. דאָס זענען, ווי געזאָגט, די רעסטאָראַ־נען. ערגעץ האָט איהר ניט אזא מאסע גאַרקיכען, ווי אין דער נאלעווקעס־געגענד. כמעט אין יעדען הויף איז דאָ א רעסטאָראַן אונטער דעם נאָמען „הויזליכע מיטאָגען“. ערגעץ איז אויך דער מיטאָג ניט אזוי ביליג ווי דאָ. פאר פינף און צוואנציג קאָפּי־קעס, זאָגאר פאר צוויי און צוואנציג ווערט געגעבען פיער שפּיי־זען: א פאַרשפּייז, פלייש, זופּ און קאָמפּאָט. עס פערשטעהט זיך, אז דאָס איז אלעס אין קליינע דאָזען. אבער דאָך קען מען זיך אנעסען צו זאַט. דער פּרייז ווערט דאָ געהאלטען נידריג צוליב דער קאָנקורענץ.

דאָך, דאַרף מען ניט רעכענען, אז די רעסטאָראַנען לעגען צו. פערקעהרט: זיי פאַרדינען גאנץ גוט, ווייל עס זענען דאָ א מאסע עסער. אין איינגעפיהרטע גאַרקיך ווערט אלזא בע־טראַכט אויף די נאלעווקעס אלס א גוטער געשעפט. נאָר האָ־רעוואניע איז דאָ א מאסע. רעדענדיג וועגען די גאַרקיכען, דאַרף מען דאָ דערמאָנען די בעריהמטע „קאַטיק'ס קאַוויארנע“ — דער זאמעלפונקט פון ווארשעווער ליטעראַטען, געוועזענע, איצ־טיגע און צוקונפטיגע טאַלאַנטען. דאָ קענט איהר זיך דערווי־סען אלערליי נייעסען, רכילות, פון דער יודיש ליטעראַרישער וועלט. אויך די ניט ווייניגער בעריהמטע „סלאַוויאַנקע“, אָדער מיט איהר פולען נאָמען: סלאַוויאַנער קיך, א קריסטליכער רעס־טאראַן, וועלכער געפינט זיך אייגענטליך ניט גראָד אויף די נאַ־לעווקעס, נאָר אביסעל אָן א זייט אויף לעשנאָ גאַס, ווערט אבער גערעכענט צו נאלעווקעס דיסטריקט, ווייל זי ווערט אַם מעהרסטען בעזוכט פון דער אָרימער יודישער שטודירענדער יו־גענד. כאָטש די שפּייזען זענען דאָ געשמאַקלאָז און כמעט אי־מער דיזעלבע געריכטען, אָבער דאָך גיט מען צוויי פלייש, צוויי זופּען און א גלאָז שווארצע קאַפע — און דאָס אלעס פאר פינף און צוואנציג קאָפּיקעס. פאר די אָרימע סטודענטען איז דאָס דער ביליגסטער רעסטאָראַן און — כאָטש א קריסטליכער — ווערט ער דעריבער זעהר שטאַרק בעזוכט.

אין די „געהויבענע טעג“ פון דער רעוואָלוציע, האָט קיין

די מאסנבעפעלקערונג, דא אויף די נאַלעווקעס, בע־שטעהט פון די אנגעשטעלטע, טרעגער, גאסנהענדלער און סתם גאס־מענשען. די ערשטע זענען אויף מעהרסטענס ליטוואקעס, בעזונדערס אויף די וויכטיגערע, פעראנטוואָרטליכע שטעלען, ווי: קאסירער, בוכהאַלטער, קאָרעספאָנדענטען, עלטערע געזע־לען. די איבריגע זענען היגע פוילישע יודען. ווען איהר פער־גלייכט אַט די יודישע מאסנבעפעלקערונג אין ווארשא און אין אנדערע יודישע שטעדט, ווארפט זיך אייך אין די אויגען דער אונטערשייד צווישען דאָרטען און דאַ. דאָרטען איז אלעס דער־שלאָגען, אבגעריסען, פערקימערט; דאַ איז אלעס ריהרעוודיג, מונטער. אזא ארימקייט ווי אין ליטווישען יודישען תחום איז דאַ ניטאַ. קוים האט מען עפעס וואס צו טאָן, האט מען זיין רובל א טאָג. אפילו דער יונגעל, וואָס שטעהט מיט געבראָטענע אר־בעס אין גאס און פערקויפט עס אויפ'ן קווערטעלע — פאר א קאָפּיקע. אין גרויסען ווירבעל־שטראָם־בעוועגונג איז ניט שווער צו פערקויפען הדריי הונדערט קווערטעלעך א טאָג און מאכען דערביי דריי הונדערט גראשען. דאָס זעלבע איז מיט די גאַט־ווייבער און יודען, וואָס שטעהען דאַ מיט קיכלעך, עפעל, אפעל־סינען, לעקעכלאַך און עהנליכע „קרייטיכער". א צייטונגס־מאַן פערדינט לייכט זיינע צוויי דריי רובל א טאָג און אפט נאָך מעהר. די פרוי מיט'ן קאָשיק, דאַ אויף די נאַלעווקעס, זעהט ניט אויס אזוי פער'חושכ'ט און פעראָרימט, ווי די זעלבע הענדלע־רין אין ווילנא, אין יאטקעווער געסיל.

דאָס הייסט ניט, נאַטירליך, אז די מאסע לעבט דאַ א גו־טען טאָג. נור אין פערגלייך מיט דער ליטווישער פערדינט זי דאָך בעסער. איבערהויפּט די לעצטע צייט. מיט א יאָהר צעהן צוריק איז איהר לאגע געווען ערגער. דער ארבייטס־לוין איז דאַ געווען אונגעהויער א נידריגער. די ארבייטס־צייט אונגעהויער לאַנג. די בעוועגונג האט דאַ, מעהר ווי אומעטום אין יודישען תחום, אויפגעהויבען דעם ארבייטערס לאגע און ער זעהט יעצט אויס ווי א מענש.

אום די שילדערונג פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגסטען יו־דישען קוואַרטאל זאל זיין מעהר אדער ווייניגער פאלקאם, דארף

געהערען צו די פוילישע יודען. אבער די האלסייל־ביזנעס, איבער־הויפט: די פארשטעהערשאפט פון די גרויסע לאדזער, מאסקווער און אנדערע רוסישע גרויסע פאבריקאנטען — געפינט זיך דא אין די הענד פון ליטווישע יודען. זיי זענען די פערמיטלער צווישען מזרח און מערב, צפון און דרום פון רוסלאנד. די לעצטע צייט שפילען זיי אויך א וויכטיגע ראלע אין פערשפרייטען אין רוסלאנד די נייעסטע טעכנישע ערפינדונגען פון אייראפא און זאגאר פון אמעריקא. א סך פון די יודען, וואס מען האט זיי ארויסגעטריבען פון מאסקווע, האבען זיך דא אויף די נאלעווקעס בעזעצט אלס פארשטעהער פון די רוסישע פירמעס, זיי ענטוויקלען און פערשפרייטען די רוסישע פאבריקאציאן און האבען אנגעקליבען א פערמעגען. דאס זענען די „פני" פון די נאלעווקעס. דער מיטעלערער קלאס בעשטעהט פון קליינע פאבריקאנטלעך פון ביליגע גאלאנטעריי־וואארען און קינדערשע שפיל־זאכען, ווי אויך קאמיסיאנערן־פערמיטלער צווישען דעם פאבריקאנט און האלסיילער פון איין זייט און דעם פראווינץ־קרעמער פון דער אנדערער זייט.

דער דאזיגער קאמיסיאנער־פערמיטלער איז זעהר א וויכטיגע פערזאן אויף די נאלעווקעס. אמאל איז זיין הויפט־פלאץ געווען מאסקווא. נאכ'ן „גרוש" איז ער צוזאמען מיט די יודישע סוחרים אוועק אין ווארשא. ער איז דער קאכלעפעל וואס ברייננגט אין בעוועגונג דעם גאנצען מסחר אויף די נאלעווקעס. אהן איהם וואלט געווען אונמעגליך דא אזא לעבעדיגע רוישיגע בעוועגונג; אהן איהם וואלט זיך אוועקגעשטעלט דער קרעדיט אויף וועלכען דער האנדעל איז דא געבויט. ווארום דער פראווינציעלער קרעמער שטעהט זעלטען אין דירעקטע בעציהונגען מיט'ן פאבריקאנט און האלסייל־סוחר. דער קרעמער קומט צו פאהרען אליין אין ווארשא ערב סיזאן — איין מאל, צוויי מאל א יאהר. דאס גאנצע יאהר בעציהט ער סחורה דורכ'ן קאמיסיאנער. דער קאמיסיאנער איז פאר איהם ערב און שאפט איהם קרעדיט. א קרעמער דארף א סך יאהרען האנדלען און האנדלען ראיעל, ביז ער איז זוכה צו קריגען א רעפוטאציע פון א ראיעלען סוחר ביים פאבריקאנט אדער האלסיילער.

לעמבערג. ניט אין לאנדאנער ווהייט־טשעפעל. מיט קאנעל, אדער גרענד סטריט אין ניו יארק קענען די נאלעווקעס ליידען א פערגלייכונג ביז א געוויסען גראד; אבער בלויז ביז א גע־וויסען גראד. אי דא, אי דארט זענען די גרויסע יודישע האלסייל־געשעפטען; אי דא, אי דארטען, רודערט עס און רוישט כמעט טאג און נאכט; אי דא, אי דארטען זעהט איהר אלע יודישע טיפען. אבער אז איהר קוקט זיך איין אויפמערקזאם אין דעם שפרודעל פון די נאלעווקעס, זעהט איהר דא ניט דעם כאאטי־שען הור־הא, וואס אין קאנעל, אדער גרענד סטריט. אין קיין יו־דישען קווארטאל אין דער וועלט איז די בעוועגונג ניט אזוי שטארק, ניט אזוי האסטיג און קאכעדיג ווי אויף די נאלעווקעס. ווען איהר קוקט פון אויבען אויף, און איהר זייט ווייניג בע־קאנט מיט'ן ווארשעווער לעבען, דוכט זיך אייך, אז דא איז אן אייביגער „כף הקלע" און „עולם התוהו", וואו מענשען ווע־רען געטריבען און געיאגט, וואו עס איז הוילער משוגענער הוק און שווינדעל.

אין גרונד אבער, איז דא די בעוועגונג, א לעבעדיג־פרייע, א מונטערע, א הארמאנישע. מ'לויפט דא, ווייל עס איז טייער די צייט. און די צייט איז טייער, ווייל מען געווינט עפעס פון איהר. קורץ, דא איז א מסחר־וועלט, דא איז דער גרעסטער האנדעלס־צענטער פון יודישען תחום. דא איז דער פלאץ, וואו דער ליטוואק מיט'ן פוילישען חסיד, וואו דער יוד בכלל מיט'ן פאניע, מיט'ן ארמעניער, טאטאר, קירגיז און טשערקעס בעגע־גענען זיך אויפ'ן פריעדליכען קאמערציעלען באדען; וואו עס בעגעגענען זיך אלע סארטען יודען און קריסטען בכלל, און שלי־סען צווישען זיך פעסטע פערבינדונגען.

נאר דאס אייגענטליך איז ווארשא בכלל. די נאלעווקעס זענען בעריהמט דערמיט, וואס דאס איז אין ווארשא דער איינ־ציגער קווארטאל — (צוזאמען מיט די דערבייאיגע גענסיע, דזעלנא און דזיקא), וואו דער מסחר ליעגט ביי די ליטוואקעס אין די הענד. אמת, די קליינע געשעפטלאך, ווי שענקען, קא־וויארנעס, שפייז־קראמען און דאס גלייכען (א חוץ רעסטארא־נען, וועלכע זענען מעהרסטענס ביי ליטוואקעס אין די הענד)

## אויף די „נאלעווקעס" אין א יאָהר ארום.

מעהר ווי א יאָהר, אז איך בין פון ווארשוי. קומענדיג יעצט ווידער אין פוילען'ס רעזידענץ אין גרעסטען יודישען צענטער פון רוסלאנד, האָב איך שוין אויפ'ן ערשטען בליק בעמערקט האָ די ווירקונג פון דער רעאקציע. עס איז אלעס רוהיג, אלעס געהט ווידער זיין געוועהנליכען גאנג, ווי מיט צעהן יאָהר צו־ריק. צוגעקומען איז נאָר דער עלעקטרישער טראמוואי, וועלכער קורסירט דערווייל בלויז אין אייניגע גאַסען.

ס'פערשטעהט זיך, אז די רוהיגקייט און נאָרמאלעס אויס־זעהן איז א שיינבארע, איז בלויז אין גאַס. דאָס אינערליכע לעבען אבער איז טיעף צוטרייסעלט. באָמבעס און ברויניננס איז געווארען א כראָנישע קרענק אינ'ם לעבען פון פוילען. אבער מ'איז שוין דערצו געוואוינט. דאָס איז געוואָרען אזוי ווי א נויט־ווענדיגער אטריבוט אינ'ם לעבען פון ווארשוי און לאדז, מיר דאכט זאָגאר, אז ווען די ברויניננס און באָמבעס הערען אויף, וואָלט מען נאָך זיי געבענקט...

פריהער פון אלץ לאָמיר ארויף אויף די נאלעווקעס און זעהן וואָס ס'טוט זיך דאָרט? וואָס האָט זיך געענדערט אין דעם יאָהר צייט?

די „נאלעווקעס" אין ווארשוי איז דער מערקווירדיגסטער יודישער קווארטאל אין דער וועלט. דאָ איז אלעס אזוי טיפיש, אזוי אָריגינעל יודיש, אז איהר געפינט נישט עהנליכעס ניט אין מינסק, ניט אין ווילנא, ניט אין אדעס, ניט אין קראקוי און

וואַרשויער ליטעראַטען, געוועזענע, צוקינפטיגע און געגענוואַר־
טיגע טאַלענטען. דאָ קאָנט איהר דערגעהן אַלערליי נייעסען און
רכילות'ן פון דער יודיש־ליטעראַרישער וועלט. אויך די ניט־
וועניגער בעריהמטע „סלאַוויאַנסקע", אַ רעסטאָראַן, וואָס געפינט
זיך איינענטליך ניט גראָד אויף די נאַלעווקעס, נאָר אַביסעל אַן
אַ זייט, אויף לעשנאָ גאַס, ווערט אָבער גערעכענט צום נאַלעוו־
קער ראַיאָן — ווייל זי ווערט אַם מעהרסטען בעזוכט פון דער
אָרימער יודיש־ליטווישער שטודירענדער יוגענד. פאַר די אָרימע
סטודענטען איז דאָס דער ביליגסטער רעסטאָראַן און ווערט דע־
ריבער זעהר שטאַרק בעזוכט, בעזונדערס דערפאַר, ווייל דאָ איז
רייגליכער, ווי אין די יודישע קיכען.

לעך, עפעל, אפעלסינעז, לעקעכלעך און עהנליכע „קרייטיכער". א צייטונגס־מאן פערדיענט לייכט זיינע פאר רובל א טאג און אפט נאך מעהר. די פרוי מיט'ן קאשיק, דא אויף די נאלעווקעס, זעהט ניט אויס אזוי פער'חושכ'ט און פעראַרימט, ווי די־זעלבע הענדלערין אין ווילנא, אין יאטקעווער געסיל.

דאס הייסט, נאטירליך, ניט, אז די מאסע לעבט דא א גו־טען טאג. נאר אין פערגלייך מיט דער ליטווישער מאסע לעבט זיך איהר דא א ביסעל לייכטער, דערהויפט די לעצטע צייט. מיט א יאהר צעהן צוריק איז איהר לאנגע געווען פיעל ערגער. דער ארבייטס־טאג אונגעהויער לאנג. די בעוועגונג האט דא, מעהר ווי אומעטום אין יודישען תחום, אויפגעהויבען דעם אר־בייטער'ס לאגע און ער האט איצט א מעהר מענשליך פנים. דער־פאר איז אין ערגיץ ניט צו בעמערקען איצט אזא ענערגישע שטרע־בונג פון די בעלי־בתים אומצוקעהרען די פריהערדיגע צייט, ווי אין ווארשויער געטא.

כדי די שילדערונג פון אט דעם מערקווירדיגסטען יודי־שען קווארטאל זאל זיין מעהר אדער ווייניגער פאלקאם, דארף מען צונעבען נאך א פאך, וואס ליעגט כמעט דורכאויס ביי ליט־וואקעס אין די הענד. דאס זענען, ווי געזאגט, די רעסטאראנען. אין ערגיץ האט איהר ניט אזא מאסע גארקיכען, ווי אין דער נאלעווקעס־געגענד. כמעט אין יעדען הויף איז דא א רעסטאראן מיט'ן נאמען „הויזליכע מיטאגען". אין ערגיץ איז אויך דער מיטאג ניט אזוי ביליג, ווי דא. פאר 25 קאפיקעס, אפילו פאר 22 ווערט געגעבען פיער שפייזען. עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז אין גאנץ קליינע דאזען. אבער דאך עסט מען זאט. דער פרייז איז נידעריג צוליעב דער קאנקורענץ.

דאך דארף מען ניט רעכענען, אז די רעסטאראנען לעגען־צו. פערקעהרט: זיי פערדיענען גאנץ גוט, — ווייל עס זענען דא א מאסע עסער. און איינגעפיהרט גארקיך האלט מען אויף די נאלעווקעס פאר א גוט געשעפט, נאר ארבייט איז דא פארהאן פיעל.

ריידענדיג וועגען די גארקיכען, דארף מען דערמאהנען די בעריהמטע „קאטיק'ס קאוויארניע" — דער זאמעל־פונקט פון

אט דער קאמיסיאנער־פערמיטלער איז זעהר א וויכטיגע פערזאן אויף די נאלעווקעס. אמאל איז זיין הויפט־פלאץ געווען מאסקווע. נאכ'ן „גירוש" איז ער צוזאמען מיט די יודישע סוחרים אוועק קיין ווארשוי, ער איז דער קאכלעפעל, וואס בריינגט אין בעוועגונג דעם גאנצען מסחר אויף די נאלעווקעס. אהן איהם וואלט דא אונמעגליך געווען אזא לעבעדיגע, רוישיגע בעוועגונג; אהן איהם וואלט זיך אבגעשטעלט דער קרעדיט, וואס אויף איהם איז דא געבויט דער האנדעל. ווארום דער פראווינציעלער קרעמער שטעהט זעלטען אין דירעקטע בעציהונגען מיט'ן פאבריקאנט און אנגרא־סוחר. דער קרעמער קומט צופאהרען קיין ווארשוי ערב סעזאן — איין מאל, צוויי מאל א יאהר. דאס גאנצע יאהר בעציהט ער סחורה דורכ'ן קאמיסיאנער. דער קאמיסיאנער איז פאר איהם ערב און שאפט איהם קרעדיט. א קרעמער דארף א סך יאהרען האנדלען און האנדלען ראיעל, ביז ער איז זוכה צו קריגען א רעפוטאציע ביי זיין פאבריקאנט אדער אנגרא־סוחר.

די מאסען־בעפעלקערונג דא אויף די נאלעווקעס בעשטעהט פון פריקאשטשיקעס, טרעגער, גאסען־הענדלער און סתם גאס־מענשען. די ערשטע זענען אויך מעהרסטענס ליטוואקעס, בעזונדערס אויף די וויכטיגערע, פעראנטווארטליכע שטעלען, ווי: קאסירער, בוכהאלטער, קארעספאנדענטען, עלטערע געזעלען. די איבעריגע זענען היגע, פוילישע יודען. ווען איהר פערגלייכט אט די יודישע מאסען־בעפעלקערונג אין ווארשוי און אין אנדערע יודישע שטעדט, ווארפט זיך אייך אין די אויגען דער חלוק צווישען דארטען און דא. דארט איז אלץ דערשלאגען, אבגעריסען, פערקומערט; דא איז אלץ ריהרעווודיג, מונטער. אזא ארימקייט ווי אין ליטווישען יודישען תחום איז דא ניטא. קוים האט מען עפיס וואס צו טון, האט מען דעם רובעל א טאג. אפילו דאס יונגעל, וואס שטעהט מיט געבראטענע ארבעס אין גאס און פערקויפט צו א קאפיקע א מעסטעלע. אין דער גרויסער ווירבעלשטראם־בעוועגונג איז ניט שווער צו פערקויפען 200 מעסטעלעך א טאג און פערדיענען דערביי 200 גראשען. דאס זעלבע איז מיט די גאס־ווייבער און יודען, וואס שטעהען דא מיט קיכ־

די צייט. די צייט איז טייער — ווייל מען געווינט עפּעס פון איהר. קורץ, דאָ איז אַ מסחר וועלט: דאָ איז דער גרעסטער האַנדעלס־צענטער פון יודישען תחום. דאָ איז דער פּלאַץ וואו דער ליטוואַק מיט׳ן פּוילישען חסיד, וואו דער יוד מיט׳ן רוס, מיט׳ן אַרמענער, טאַטער, קירגיז און טשערקעס בעגעגענען זיך אויפ׳ן פרידליכען קאָמערציעלען באָדען; וואו עס בעגעגענען זיך אַלע מיני יודען און קריסטען בכלל, און שליסען צווישען זיך פעסטע געשעפטליכע פערבינדונגען.

די נאַלעווקעס זענען בעריהמט דערמיט, וואס דאס איז אין וואַרשוי דער איינציגער קוואַרטאַל (צוזאַמען מיט די דער־בייאיגע גענשאַ, דזעלנאַ, דזיקאַ, נאַוואָליפּסקי און, צום טהייל, קאַרמעליצקאַ), וואו דער מסחר ליגט ביי די ליטוואַקעס אין די הענד. אמת, די קליינע געשעפּטלאַך, ווי שיינק־הייזער, קאַ־וויארנעס, שפּייז־קראַמען א. ד. גל. (א חוץ רעסטאָראַנען, וועל־כע זענען ס׳רוב ביי ליטוואַקעס אין די הענד) גע־הערען צו די פּוילישע יודען. אָבער די הורט־געשעפ־טען, דערהויפּט: די פאַרשטעהערשאַפט פון די גרעסטע לאַ־דזער, מאַסקווער און אַנדערע רוסישע גרויסע פאַבריקאַנטען — געפינט זיך דאָ אין די הענד פון ליטווישע יודען. זיי זענען די פערמיטלער צווישען מזרח און מערב, צפון און דרום פון רוסלאַנד. די לעצטע צייט שפּיעלען זיי אויך א וויכטיגע ראָליע און פערשפּרייטען אין רוסלאַנד די נייעסטע טעכנישע ערפינדונגען פון אייראָפּא און אפילו פון אַמעריקאַ. א סך פון די יודען, וואס מען האָט ארויסגעטריבען פון מאַסק־ווע, האָבען זיך שוין לאַנג דאָ אויף די נאַלעווקעס בעזעצט, אַלס פאַרשטעהער פון די רוסישע פירמעס. זיי ענטוויקלען און פער־שפּרייטען די רוסישע פאַבריקאַציע און האָבען אַנגעזאַמעלט פערמעגענס. דאס זענען די „פּני“ פון די נאַלעווקעס. דער מי־טעלערער קלאַס בעשטעהט פון קליינע פאַבריקאַנטלעך, וואס אַרבייטען אויס קליינע גאַלאַנטעריי־סחורות און קינדערשע שפּיעל־זאַכען, ווי אויך קאָמיסיאָנערען־פערמיטלער צווישען דעם פאַבריקאַנט און אַנגראָ־הענדלער פון איין זייט און דעם פּראָווינץ־קרעמער פון דער אַנדער זייט.

# אויף די „נאַלעווקעס"

די „נאַלעווקעס" אין וואַרשוי איז דער מערקווירדיגסטער יודישער קוואַרטאַל אין דער וועלט. דאָ איז אַלץ אַזוי טיפּיש, אַזוי אָריגינעל יודיש, אַז איהר געפינט נישט עהנליכעס, ניט אין מינסק, ניט אין ווילנא, ניט אין אַדעס, ניט אין קראָקוי, ניט אין לעמבערג, ניט אין לאָנדאָן. מיט גרענד סטריט אין ניו יאָרק קאָן מען די נאַלעווקעס פערגלייכען ביז אַ געוויסען גראַד, אָבער נאָר ביז אַ געוויסען גראַד. אי דאָ, אי דאָרט זענען די גרויסע יודישע אָנגראָ־געשעפטען, אי דאָ, אי דאָרט רודעלט און עס רוישט כמעט טאָג און נאַכט; אי דאָ, אי דאָרט זעהט איהר אַלע יודישע טיפּען. אָבער אַז איהר קוקט זיך איין אויפמערקזאַמער אין דעם שפּרודעל פון די נאַלעווקעס, זעהט איהר דאָ ניט דעם כאַאָטישען הור־האַ, וואָס אין קאַנעל, אָדער אין גרענד סטריט. אין קיין יודישען קוואַרטאַל אין דער וועלט איז די בעוועגונג ניט אַזוי שטאַרק, ניט אַזוי האַסטיג און קאָכעדיג, ווי אויף די נאַלעווקעס. ווען איהר קוקט פון אויבען אויף, און איהר זענט ווייניג בעקאַנט מיט'ן וואַרשויער לעבען, דוכט זיך אייך, אַז דאָ איז אַן'אייבי־גער „כף הקלע", אַן'„עולם התהו", וואו מענשען ווערען געטריבען און געיאָגט, וואו עס הערשט נאָר משוגע'נער הוק און שווינדעל.

אין גרונד אָבער איז די בעוועגונג אַ לעבעדיג פריידיג, אַ מונטערע, אַ האַרמאָנישע. מ'לויפט דאָ — ווייל עס איז טייער

קיעוו, קיין זשיטאמיר, קיין ביאליסטאָק. און ווען ער האָט גע־
האט „סעדליעץ", האָט עס ניט פון פוילען געשטאמט...
בכלל, לעבט דאָ די קריסטליכע מאסע פריעדליך מיט דעם
יודען, און די נעגענזייטיגע בעציהונגען וואָלטען געווען נאָך בע־
סער, ווען ניט די קלעריקאל־בורזשואזע אנטיסעמיטישע פרעסע.

ריהרונג מיט דער פוילישער בעפעלקערונג, מיט אויסלאַנד, מיט ליטוואַקעס.

וואָס אַנבעלאַנגט דער מאַסע, האָט די רעוואָלוציע, און, נאָך פריהער, די אַרבייטער־בעוועגונג, דאָ אויך אַ שטאַרקען ריס גע־מאַכט. ווען די רעוואָלוציע זיעגט, וואָלט דאָ פון׳ם אַלט־פרענ־קישען פויליש־חסיד׳ישען לעבענסגעביי אין אַ קורצער צייט אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט געבליבען. די רעאַקציע האָט עס גע־ראַטעוועט, אַבער ניט אויף לאַנג. פוילען איז ניט גאַליציען, און אַפילו גאַליציען קאָן ניט ביישטעהן געגען דעם שטראָם פון דער צייט. דאָרט הויבט זיך איצט אָן אַ ניי לעבען. דאָס געטאָ פון׳ם רוסיש־פוילען וועט אויך מוזען ענדערן זיין פנים. דאָך, עס וועט זיין אַ שאָד, אויב צוזאַמען מיט דעם שימעל און פאַ־נאַטיזם פון דעם אַבגעלעבטען חסיד׳ישען לעבענס־געביי, וועט פערשווינדען די פּאַטריאַרכאַלע רוהיגקייט, די פּאָעזיע פון׳ם פוילישען יודענ׳ס לעבען, די צובינדליכקייט און גאַנצקייט פון דער פויליש־יודישער פאַמיליע.

ווען איהר קוקט זיך צו נעהנטער צום אינערליכען לעבען פון׳ם פוילישען יודען, איבערראַשט אייך די ליעבע, די צובינד־ליכקייט פון דעם היגען יודען צו פוילען, צום פוילישען פאָלק. דער „פוילישער פּאַטריאָטיזם“, דאָס שמאַלצירען, דאָס קאַקע־טירען זאַגאַר מיט דער פוילישער שפּראַך און קולטור. אויף דעם נאָר־וואָס אָנגעקומענעם ליטווישען יודען מאַכט דאָס אַ שווערען איינדרוק. ער קאָן זיך נאָך ניט פונאַנדערקלויבען אין די קאָמפּ־ליצירטע בעדינגונגען פון׳ם היגען יודישען לעבען. דער פוילי־שער פּאַטריאָטיזם ביי דעם היגען יודען ווערט בעטראַכט ווי אַ מין „מה־יפית“־זינגען פאַר דעם פוילישען פריץ, פון וועלכען („מה יפית“) דער פוילישער יוד האָט זיך נאָך ניט בעפרייט. אין גרונד אַבער איז דאָ מיט דער שאָטען־זייט אויך פאַראַן אַ ליכ־טיגע זייט. אַ מענש איז, נאָך אַלע זאַכען, דאָך אַ מענש מיט אַ הארץ, וואָס מוז ערגיץ זוכען צובינדליכקייט. צו דער ראַליע פון אַ שטיף־קינד האָט זיך דער פוילישער יוד שוין מעהר אָדער ווייניגער דאָך צוגעפּאַסט. דערפאַר אַבער האָט דער יוד דאָ אין פוילען קיינמאָל ניט געהאַט קיין קישינעוו, קיין אָדעס, קיין

מענט, וועט די שיינקערין ניט זידלען, ניט אויסריידען דעם
העזה'ניק, ווארום דערמיט טרייבט מען אָב די קונדען און פּרנסה
דאַרף מען דאָך האָבען. אבער דאָס מיידעל מאכט אַזאַ מינע, אַז
איהר זענט איבערצייגט, אַז זי האָט גאָר נישט געהערט; אַז יעדע
בעליידיגונג איז געגאַנגען פאַרביי איהר. איהר בעהאַנדלען די
קונדען איז ערנסט און שווייגענדיג. שוין איהר קעהר, איהר בע־
וועגונג אליין רעדט פיעל דייטליכער, ווי מיט ווערטער: „איך
מוז דיך ליידען, ווייל איך מוז האָבען חיונה. אבער א חוץ דער
גלעזעל ביזטו מיט מיר קיין מחותן ניט. טרינק־אויס און געה!“
צו דער עהרע פון די פּוילישע שיינק־בעזוכער מוז מען צוגעבען,
אַז זיי האַלטען זיך א סך אנשטענדיגער אין א שיינק, ווי א רוס.
דער פּוילישער ארבייטער בעזוכט גערן א שיינק; נאָר ער מאכט
ניט קיין סקאַנדאַלען, שלאָגט זיך ניט, טרינקט זיך ניט אָן ביז
צו פאַלען פון די פיס. דער פּוילישער ארבייטער האָט, ווי דער
יוד, ליעב דאָ אין א קאָמפּאַניע צו דעבאַטירען, ריידען וועגען פּאָ־
ליטיק, פּאַרטיי־זאכען און פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען. ער פער־
טרינקט אבער ניט דאָס לעצטע העמד און וואַלגערט זיך ניט
אין גאַס.

עס איז נאָך צו בעמערקען, אַז דאָ אין פּוילען איז דער
שיינק ניט ארויסגענומען געוואָרען פון יודישע הענד, ווי אין
איבעריגען יודישען תחום, מיט דעם איבערגאַנג פון דעם בראַנ־
פען־האַנדעל אין דער רעגירונגס־מאָנאָפּאָל. דער שיינק איז דאָ
אַלזאָ געבליבען, ווי אמאָל, איינע פון די יודישע הויפּט־פּרנסות.

די טרייהייט און צוגעבונדענקייט אין דער פּויליש־יודי־
שער פאַמיליע איז נאָך פיעל שטאַרקער אין די פערמעגענדע
הייזער. קיין אונטערשיעד: צי חסידים, צי „דאטשען“. דאָ איז
ניט צו בעמערקען אַזאַ צושפּליטערונג, ווי אין דער ליטווישער
יודישער פאַמיליע. בלויז דער איבערגאַנג פון חסידים צו „דאַ־
טשען“ איז אין דער רייכער פאַמיליע עפּטער. דער שטראָם פון
דער קולטור און נאָך מעהר פון דעם קאַפּיטאַליזם ברעכט איין
אַלץ מעהר די פעססונג פון'ם חסיד'ישען אַלט־פרענקישען
לעבען. די קינדער מוז מען געבען שטודירען. א זוהן, וואָס שטו־
דירט, מוז גלייך אראָבוואַרפען פון זיך די קאַפּאָטע און קליי־
דען זיך קורץ, די יוגענד קומט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין בע־

קאפאטע, געהט מיט דעם טאטען אין שוהל, וואשט זיך צום עסען, נים בלויז, ווייל ער איז מאטעריעל אבהענגיג פון זיינע עלטערען, ווייל אהן דער פאמיליע קאן ער זיך ניט בעהעלפען, נאר ווייל ער פיהלט זיך גוט אין זיין היימישען קרייז און וויל, צו־ליב א צערעמאניע, ניט שטערען דעם פאמיליען־פריעדען, ניט אבצרייסען זיך פון זיינע פערוואנדטע און פריינד. אזוי איז גע־ווען מיט יאהרען צוריק, אזוי איז אויך געבליבען איצט.

ביי דעם באלעבאטישען ליטווישען יודען איז טרייף אריינ־צוגעהן אין א שיינק, עסען אין גאס, עסען א גוטען מיטאג און בכלל זוכען זיך פערגעניגען. דער פוילישער יוד בעזיצט א שטארקע לעבענס־לוסט. אין שיינק געהט ניט בלויז דער המון, נאר אויך דער באלעבאטישער יוד. אין שיינק, ווי אין דער „קאַ־וויארניע“, פאסירט א גרויסער טייל פון דעם פוילישען יודענ׳ס געזעלשאפטליכען לעבען. דארט ווערען געשלאסען געשעפטען, אהין קומט מען גלאט צו פערברייגגען די צייט, צו לעזען א בלאט. אין אזוינע גרויסע שטעדט, ווי ווילנא און מינסק, האט איהר ניט קיין איין יודישע ריינליכע קאוויארניע, וואו מען זאל קאנען אריינקומען טרינקען א גלאז קאווע און קריגען א בלאט צו לעזען. אין ווארשוי איז דא א סך.

א ווארשויער שיינק איז ריינליכער און אנשטענדיגער פון א ליטווישען. אין די שיינקען איבערצייגט איהר זיך, וויפיעל שענע יודישע פרויען עס זענען דא אין פוילען. די פרוי און די טעכטער פון דעם יודישען שיינקער זענען די רעכטע ארבייטער אין געשעפט. די שענע, יונגע יודישע שיינקערין ציהט צו פובליקום. מען קאן נ׳ט זאגען, אז דאס זאל ווירקען גוט אויף דער מאראל פון דער יודישער מיידעל אדער ווייבעל. דאך בע־מערקט מען ערגיץ ניט, אז עמיצער פונ׳ם פובליקום זאל זיך ערלויבען אנ׳אונאנשטענדיגקייט אין בעצוג צו דער שענער יודישער שיינקערין. דאס;עלבע האב איך בעמערקט אין גאלי־צ׳ען. דאס יודישע מיידעל ווייסט זיך צו האלטען שטאלץ. זי וועט זיך ניט ערלויבען קיין לאך, קיין איבעריג ווארט מיט די איינגעהער פונ׳ם שיינק. אז עמיצער פון די בעזוכער ערלויבט זיך נעגען איהר א צוויי־דייטיג ווארט, א וויץ, אדער א קאמפלי־

מעגען פוילישע און ליטוואקעס אַבוואוינען אין איין הויף צעהנד־ליגער יאָהרען, בלייבען זיי איינער דעם אנדערן פרעמד און זאָגאר פיינדליך. זיי ביידען האסט אָדער, ריכטיגער געזאָגט, פעראכטעט דער „דאטש“. דאָס א־ז דער פוילישער יוד, וואָס האָט אויסגעטאָן די לאנגע קאפּאָטע און דאָס היטעלע מיט'ן קליינעם בריליק, און אָנגעטאָן א קורצען ראָק מיט א צילינדער. א חוץ דעם קורצען ראָק מיט דעם הוט איז אינ'ם אינערליכען לעבען פון די בורזשואזנע חסידים און „דאטשען“ א קליינער אונטער־שיעד; אי דאָ, אי דאָרט איז אינוועייניג אלץ פערשימעלט, פער־פוילישט און אסימילירט. ביי פוילישע יודען מעגען די קינדער טאָן, וואָס זיי ווילען, אבי עס זאָל זיין פערדעקט מיט דער לאנגער קאפּאָטע. די פוילישע יודען זענען מורא'דיגע פאנאטי־קער בלויז אין איין זאך — אין זייערע נאציאָנאלע מלבושים: אין דער לאנגער קאפּאָטע מיט דעם מיצעל און קליינטשיקען בריליקעל. זיי קאָנען די קינדער אלץ פערצייהען, נאָר ניט דאָס קליידען זיך „דייטש“. דערין איז קיין אונטערשיעד ניט צוויי־שען די רייכע און אָרימע. וועקסעלט א יונגער־מאָן ביי זיי די לאנגע קאפּאָטע אויף א קורצען ראָק, מוז ער זיך געזעגנען מיט זיין פאמיליע: מיט טאטע־מאמען, שוועסטער, ברידער, קרובים, פריינד. דאָס איז די אורזאך, פארוואָס א סך פון דער פויליש־יודישער יוגענד מיט פּראָגרעסיווע געדאנקען פיהרען זיך אין זייער היימישען לעבען אויפ'ן אלטען שנים. דער אויטאָריטעט, די מאָראַלישע מאכט פון די עלטערע איז ערגיץ ניט אזוי שטארק, ווי אין דער יודישער פאמיליע פון פוילען. דאָס ער־קלערט זיך דערמיט, וואָס ערגיץ איז דער פאמיליען־בונד, די פאמיליען־טרייהייט ניט אזוי פעסט, ווי דאָ. און דאָס געהערט שוין צו די, אָהן א ספק, ליכטיגע זייטען פון'ם פוילישען יודענ־טום. די ליטווישע יודען זאָרגען ניט אזוי פיעל פאר די קינ־דער, ווי די פוילישע. זיי, די פוילישע יודען, טראָגען די קינדער אויף די פּלייצעס ביז דער חתונה, און אפילו נאָך דער חתונה. דאָ האָט, פיליכט, געהאט אן איינפלוס די קריסטליכע פוילישע בעפעלקערונג, ביי וועמען דער טרייער פאמיליען־בונד איז א מוסטערהאפטער. דער פריינגעזאָגנער זוהן טראָגט די לאנגע

# וואַרשאַ אין ליכט און שאָטן.

ווען דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דעם וואַרשויער געטאָ מאַכט אַ פּיעל בעסערן איינדרוק, ווי יעדער אַנדער יודישער קוואַרטאַל אין רוסלאַנד, קאָן מען דאָך דאָס זעלבע ניט זאָגען פון דעם גייסטיגען. פון'ם אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען לעבען דאָ אין דער יודישער גאַס. אין אַט דער הינזיכט שטעהט, צום בעדויערן, וואַרשוי נידריגער ניט בלויז פון אַ ווילנאַ, מינסק, זאָגאַר פון אַ סך אַנדערע קלענערע שטעדט.

דאָ זעהען מיר דעם פאַקט, אַז בעסערע מאַטעריעלע בעדינגונגען זענען ניט גענוג, אום צו שאַפען אַ העכערע קולטורעלע מדרגה.

דער צושטאַנד פון דעם וואַרשויער יודישען געזעלשאַפט־ליכען לעבען איז דער טרויעריגסטער פון אַלע שטעדט אין יודישען תחום. ערגיץ איז די יודישע געמיינדע ניט אַזוי צוריסען און צופּרעסען פון געגענזייטיגען האַס, ווי אין וואַרשוי.

די יודישע בעפעלקערונג איז דאָ צוטיילט אין דריי בעזונדערע, איינער דעם אַנדערן פיינדליכע, עלעמענטען: ליטוואַקעס, חסידים און „ראַטשען". איינער דעם אַנדערן איז טריף, ווי חזיר. יעדער לעבט אין אַ בעזונדער איינגעשלאָסען וועלטיל און ווייכט־אויס יעדע בעריהרונג מיט אַ יודען ניט פון זיין קרייז. אַז עס לעבען אין ניו־יאָרקער יודישען קוואַרטאַל, אין איין קאָרידאָר, אַ רומענישע, אַ גאַליציאַנער און אַ ליטווישע פאַמיליע, ווערען זיי שנעל בעקאַנט און אָפט בעפריינדעט. אין וואַרשוי

ווילט איהר וויסען דעם סוף פון אט דער געשיכטע?

דער סוף איז אזעלכער, ווי עס קאן זיין דער סוף נאר פון א קעבינס ראמאן. זי דיענט איצט ניט ביי מיין לאנדסמאן, נאר ביי אנ'אנדערען. דיענט צוזאמען מיט איהר קינד. יענער האט איינגעשטימט נעהמען זיי צוזאמען, ווייל זי איז אנ'עהרליכע און גוטע קעכין. ער, איצט איהר מאן, קומט צוגעהן ווי פריי-הער, ווען ער נויטיגט זיך אין געלד, ניט א קוש דאס קינד און דערפאר מוז זי איהם אבגעבען, וואס זי פערדיענט.

איבעריגענס, ווען זי וואלט מיט'ן שדוך געטראפען, וואלט דאך איהר שיקזאל געווען דערזעלבער. א קעכין, נאך דער חתונה, מוז אוועק מיט'ן קאשיק, אדער ווערען אנ'אם. ווארום דער ארבייטער, וואס קאן כאטש ווי־עס־איז מאכען א לעבען, קומט צו איהר ניט אן.

אין אומלויפעניש ארום די קרייזלעך: ניט האָבענדיג קיין שום בילדונג, א חוץ וואָס זיי האָבען ארויסגעכאַפּט פון דער לעצ־טער בראָשורע; ניט האָבענדיג קיין נאָרמאַלע ערציהונג, קיין ענטוויקלונג, זענען אַזעלכע יונגע־לייט אַפּט פערדאָרבען געוואָ־רען און האָבען פיעל געשאַדט דער בעוועגונג, ווען ס'איז גע־קומען אין א קריטישען מאָמענט, און מ'האָט זיך מעהר ווי אַלע מאָל געגויטיגט אין מענשען.

אזא טיפּ איז געווען אָט דער רבי. זי האָט קיין בעסערן ניט געזעהן און ניט געקאָנט זעהן. אז ער האָט זיך איהר ערקלערט אין ליעבע, האָט זי זיך איהם אָבגעגעבען מיט לייב און זעעל, איין מאָל אויף אַלע מאָל.

פון אָנהויב האָט זי איהם פערגעטערט — ווייל ער האָט צו איהר גערעדט פון אַזוינע הויכע זאַכען, פון וואָס זי האָט פריהער קיינמאָל ניט געקלערט, און האָט זיי איצט גוט פער־שטאַנען. זי פלעגט געהן מיט איהם אין גאַס און בעמערקען, ווי ער גריסט זיך מיט יונגע־לייט אין קאַפּעלושען, גאַנצע אינ־טעליגענטען, און צו מיידלעך, פיעל שענער אָנגעטאָן פאַר איהר, און זי האָט דערין געפיהלט א כבוד.

דערנאָך האָט זי איהם אָנגעהויבען האַסען — ווייל ער פלעגט צו איהר קומען אַלע שבת־צו־נאַכט אויסשנאָרען ביי איהר, מיט גוטען צי מיט בייזען, איהר געהאַלט פאַר דער וואָך. און דערנאָך לאַכען פון איהר, דערצעהלענדיג איהר, אז פאַר דאָס געלד, וואָס ער האָט ביי איהר גענומען, איז ער גע־ווען אין טעאַטער מיט שענערע מיידלעך פון איהר.

איהר האַרץ איז צעעסען געוואָרען פון ליעבע, האַס און איפערזוכט.

אז איך האָב זי איינמאָל געפרעגט, פאַרוואָס וואַרפט זי איהם ניט אוועק? — האָט זי געזאָגט, אז זי קאָן ניט אַנדערש. עס איז פערפאַלען. זי האָט איהם געשאָלטען, און דאָך האָט זי געזאָגט, אז זי מוז מיט איהם חתונה האָבען. און זי האָט געהאַט רעכט. זי האָט געמוזט....

איבעריגענס, האָט ער ניט געוואָלט חתונה האָבען, נאָר איהר פאַמיליע האָט איהם דערצו געצווינגען.

מיט דער קעכין, דער העלדין פון מיין ערצעהלונג, בין איך בעקאנט געווארען ביי אן אמעריקאנער לאנדסמאן אין ווארשוי. א טייל פון איהר געשיכטע האט מיר דערצעהלט מיין לאנדס־פרוי, דאס איבעריגע — די קעכין אליין.

דאס איז געווען א שען לוסטיג מיידעל. זי האט אבער שטענדיג געארבייט און געפעלען געווען דער בעל־הבית'טע, האט מען זי געהאלטען טייער.

די בעוועגונג האט זי אבער ניט געקאנט אויסמיידען. זי איז בעקאנט געווארען מיט א בחור, אן „אגיטאטאר". ער האט איהר איין מאל, צוויי מאל בעגלייט צו איהר קיך און האט איהר ערקלערט אלץ, וואס א קעכין דארף היינטיגע צייטען וויסען. פון דעמאלט אן האט די בעל־הבית'טע בעמערקט אן ענדערונג אין דער קעכין. זי איז געווארען שטאלצער, האט אנגעהויבען זינגען ביי דער ארבייט אנדערע לידער. זי האט אנגעהויבען אפט ארונטערצולויפען צום בחור. אבער זי האט נאך אלץ געטאן טריי איהר ארבייט, און די בעלי־הבתים האבען זיך געמאכט ניט זעהענדיג. ווייטער אין דער אגיטאציע איז אבער די מיידעל ניט געגאנגען. ערשטענס — ווייל דער גייסטיגער אינהאלט פונ'ם „אגיטאטאר" אליין איז ניט געווען קיין גרויסער; צווייטענס, ווייל עס האט זיך אנגעהויבען א ליעבע, צווישען איהר און איהר „רבין".

דער רבי איז געווען אנ'איינפאכער ארבייטער אין א דרוק און פערדיענט זיינע 4—5 קארבען א וואך, ווען ער האט גע־ארבייט. ער איז געווען ניט קיין פראסטער, האט געהאט א געשליפען צינגעל. בשעת די בעוועגונג איז געווען אזוי גרויס, אז עס האט ניט געקלעקט קיין נויטיגע אינטעליגענטע קרעפ־טען, האט מען ניט געקליבען און געמוזט בענוגענען זיך מיט יעדען, וואס האט געקאנט זיין נוצליך. דאן האבען אזוינע „מאַ־סאָווע האלב־אינטעליגענטען" געשפיעלט א ראליע. בעקומענדיג דעם נאמען „אגיטאטאר", האבען זיי אנגעווארען די ארבייט. די בעלי־הבתים האבען זיי פערפאלגט. זענען זיי געווארען אינ־גאנצען „כלי־קדש" און די ארגאניזאציע האט זיי געמוזט טרא־גען אויף די פלייצעס. לעבענדיג אהן ארבייט, אין האוועניש,

אין דער מאסע גופא זענען נאך ערטערווייז גאנץ שטארק, און קיינער ליידט ניט איצט אזוי פיעל, ווי די דיענסט־מיידעל.

ווארום אויף קיינעם האט די בעוועגונג ניט געווירקט אזוי שטארק, ווי אויף דעם דיענסט־מיידעל. פריהער האט מיט איהר א בעל־הבית׳ישער בחור ניט געוואלט האנדלען. אפילו אן אר־בייטער, וואס האט עפּיס פערדיענט, איז ניט אנגעשטאנען צו פיהרען בעקאנטשאפט מיט א קעכין. און פּלוצלונג האבען צו איהר אנגעהויבען צו קומען אינטעליגענטען, מ׳האט זי גערו־פען אויף פערזאמלונגען, אריינגענומען אין א פעראיין, גע־לערנט מיט איהר און געוואלט זי „מאכען פאר א מענשען".

קיינער האט ניט אנגענומען די פּראלעטארישע תורה מיט אזא ענטוזיאזם, ווי די יודישע דיענסט־מיידעל. זי איז געווא־רען שטאלצער, האט אנגעהויבען לערנען, האט אנגעהויבען דענקען, האט געצוואונגען די בעל־הבית׳טע צו פערהאלטען זיך צו איהר מיט רעספּעקט. און דאס איז אלץ אין ווארשוי קענטי־נער געווען ווי אומעטום.

איך מוז דא אבער בעמערקען, אז לויט מיינע בעטראכ־טונגען, איז די דיענסט־מיידעל מאראליש געווען העכער פאר איהרע איבעריגע חבר׳טעס. זי איז מעהר בריה, צוגעבונדען שטארק צו איהר פאמיליע, איז זיך אפּט מקריב צוליעב איהרע עלטערן און פאמיליע. עס איז דערום קיין וואונדער ניט, וואס די פּראלעטארישע פּראפּאגאנדע האט אויף איהר א גרויסען רושם געמאכט.

איהר לאגע איז אבער ערגער געווארען. דען קוים האט זי אנגעהויבען מעהר צו פערשטעהן, האט זי אנגעהויבען שטאר־קער צו פיהלען איהר לאגע פון א „פּאריע", וועלכע איז געבליבען ניט געענדערט. ניט בלויז אן ארבייטער, וואס קאן עפּעס פערדיענען, וואס האט איבערגעלעזען א בראשורע, נאר אפילו א מיידעל מיט א שטאפּעל העכער: א שניידערקע, א נייהטערקע וועט ניט האנדלען מיט א קעכין.

דערפון ענטוויקלען זיך ניט זעלטען טראגעדיעס, פון וועלכע איך וועל בריינגען איין פאקט, וואס איז מעהר כאראקטעריסטיש.

# די ערנידריגטע און באליידיגטע.

די פאלקס־מאסע האט איהר „אריסטאקראטיע“ און איה־רע נידעריגע פאכען.

אן דער שפיץ פון דעם לייטער שטעהען, ביי די פרויען, די קא־סירערינס און די אנגעשטעלטע אין די רייכערע מאגאזינען. מיט א שטאפעל נידעריגער, נאר צו דערזעלבער „אריסטאקראטיע“, גע־הערען די הוט־מאכערינס. דערנאך געהען פריקאשטשיצעס, שנייי־דערינס, קארסעטען־מאכערינס, און — צולעצט — דיענסט־מיידלעך. איך נעהם, פערשטעהט זיך, די הויפט־קאטעגאריעס, וואס בילדען כמעט ווי קלאסען. עס זענען דא אבער אויך „צווי־שען־קלאסען“, וועגען זיי וועל איך דא ניט ריידען. די ערשטע, וואס שטעהען בראש פון דעם פראלעטארישען לייטער, וועט איהר אין גאס ניט אנגעהמען פאר פראלעטארקעס. זיי געהען אויסגעפוצט, ריידען פויליש און דאס איז דאך דער אידעאל פון א ווארשויער מיידעל. זייער גייסטיגער באגאזש איז זעהר א לייכטער. זיי האבען אויך די בעסטע האפנונגען אויף א שדוך. דער אנגעשטעלטער זוכט א כלה דוקא צווישען אט די קאטעגאריעס מיידלעך.

די פ א ר י ע ס, די סאמע פערווארפענע און דערשלא־גענע פון אלע יודישע מאסען־מיידלעך, זענען די דיענסט־מיידלעך. די ארבייטער־בעוועגונג האט א ביסעל צעווארפען די מחיצות. נאר די ד ע מ א ק ר א ט י ש ע אגיטאציע האט ניט צייט געהאט צו לאזען טיעפע שפורען. די שייד־וואנטלעך

פון יודישע שריפטשטעלער. אויף אזא נ'ארט פעראייניגט שוין דער אייגענטימער פון דער קאוויארניע אויף נאלעווקעס 31 דריי בערופען: פון א ליטעראט, געזעלשאפטליכען ארגאניזא־טאר און פאלקס־אידעאליסט — א דריי־אייניגקייט וואס טרעפט זיך אזוי זעלטען אין איין פערזאן.

דער אלטער אונערמיעדליכער פאלקס־אידעאליסט האט מיר געגעבען א גאנצען פעקעל פון זיינע בראשורען און האט מיר, צום סוף פון אונזער שמועס פערטרויט א סוד, אז ער געהט ארום יעצט מיט גאר א נייעם, א הערליכען פראיעקט, וואס דארף פעראיינינגען דעם גאנצען כלל־ישראל, ווענינגסטענס אין ווארשא. און אז ד ע ר פראיעקט, זאגט ער, זאל זיך אויס־פיהרען, וועט ניט זיין אין ווארשא קיין ארימע און קיין ליי־דענדע. יעדער וועט זיין געהאלפען. איך האב מיר אינטערע־סירט צו וויסען, ווי אזוי קאטיק מיינט צו פעראייניגען די צע־ריסענע יודישע סטאדע, פערשמירען די שפאלטען אין דער צע־בראכענער יודישער חורבה, מאכען אז קיינער זאל ניט ליידען. קאטיק האט מיר אבער ניט געוואלט ענטדעקען די איינצעלהיי־טען, נאר די אויגען זיינע האבען געשטראהלט און דער נאאי־ווער מילדער פנים פונ'ם אלטען האט געלויכטען מיט האפנונג און גלויבען, אז זיין לעצטער פראיעקט וועט בעקרוינען די פרוכטבארע טעטיגקייט פון זיין גאנצען לעבען. ער וועט יעצט דערגרייכען די שענסטע, די גרעסטע אויפגאבע פון זיין לע־בען: אריינברענגען אחדות אין כלל־ישראל: ער וועט אריינ־נעהמען דאס גאנצע יודישע פאלק אין איין גרויסער חברה, און — דאן וועלען מעהר ניט זיין ארום איהם קיין נאקעטע און קיין בארוועסע, קיין הונגעריגע און קיין ליידענדע...

---

אין א פאר יאהר ארום, נאכדעם ווי די אויבערשטע שורות זענען געווען געשריבען, איז יחזקאל קאטיק'ס נאמען בעקאנט געווארען אין דער יודישער פרעסע פון א גאנץ אנדער זייט. ער האט אנגעשריבען צוויי בענדער „מעמוארען“ וועגען אמאליגען יודישען לעבען. די קריטיק האט זיך אבגערופען ווארם אויף אט די צוויי בענדער פון קאטיק'ס „זכרונות“. סיי פון דער ליטערארישער זייט, סיי אלס קולטור־היסטארישער מאטעריאל, האבען זיי, קאטיק'ס מעמוארען, א וויכטיגע בעדייטונג. קאטיק איז אלזא מיט זיינע צוויי בענדער שריפטען אריין, שוין אין זיינע עלטערע יאהרען, אלס עהרענמיטגליעד, אין דער פאמיליע

שטויסען. פאר וואס? דעריבער איז פאראן צוווייערליי מיינונ־גען. א טייל זאגען, אז דאס איז דערפאר, וואס קאטיק, נישט האבענדיג קיין שלעכטע כונות, לאזט צו שטארק פיהלען זיין פערזענליכקייט אין יעדער קלייניגקייט פון דער חברה'ס אר־בייט, זאגט צו פיעל דעות. דאס בעליידיגט די אמביציע פון די איבעריגע טוער און זיי סטארען זיך פון איהם לויז צו ווערען. אנדערע זאגען פארקעהרט: אז ווייל קאטיק'ס א חברה איז אימער געבויט אויף דעמאקראטישע יסודות און אויף א שטרענג אויסגעארבייטער קאנסטיטושאן, און אליין האט ער דערביי ניט קיין פערזענליכע פניות, שטערט דאס די יעניגע לייט, וואס געהען אריין אין א חברה צוליב כבוד און גבאות, צו באלע־באטעווען און שטעלען זיך ביי דער שיסעל. דעריבער הויבען אן אט די גבאות־זוכער באלד צו פיהרען געגען איהם אינטריגעס און מען ווארפט איהם ארויס פון דער פערוואלטונג. אזא פאקט האט ביי קאטיקען פאסירט מיט דעם „מושב זקנים". ער האט אזוי פיעל קרעפטען דערויף געלעגט, צום ענדע האט מען איהם אויף דער גרינדונגס־פערזאמלונג ניט געלאדען. דאס האט זעהר אויפגעבראכט די געזעלשאפטליכע מיינונג. דער פראטעסט אין דער געזעלשאפט און אין דער פרעסע האט דאס מאל געווירקט אויף די גבאים, וואס קאטיק אליין האט זיי צוגעצויגען, אליין זיי די גבאות פארגעלעגט. זיי האבען זיך פערשעהמט און אריינגענומען איהם צוריק אין דער פערוואלטונג.

קאטיק אליין, אלענפאלס, ווערט דערפון ניט שטארק נתפעל. „זאל זיין אהן מיר, זאגט ער, אבי, קינדערלעך. ארבייט, טוט עפעס אויף א גוטע זאך". ווערט ער ארויסגעשטופט פון איין חברה, געהט ער און בויט אנאנדערע, א נייע. בעדערפעני־סען אין א חברה איז אין ווארשא, ברוך השם, תמיד פאראן, און מיט חברות־פראיעקטען, איז קאטיק תמיד אנגעשטעקט ווי א מילגרוים. יעצט איז איהם די ארבייט א סך לייכטער, ווי פריהער. אין קאוויארניע האט ער א טעלעפאן, און גאנץ וואר־שא, די ליטוואקעס מיט די „פאליאקעס" צוזאמען, זענען אלע זיינע גוטע ברידער. א הויב די טרייבעל... טררר... און — עס ווערט פארטיג א חברה...

נאך לענגער. דערפאר איז זיין יודיש אן אמת ריין, ניט גע־קינסטעלט יודיש, פונקט, ווי דאס פאלק רעדט. ער בעגייסטערט אייך מיט זיינע תמימות, מיט זיין איינענעם גלויבען אין דער זאך, וואס ער פרעדיגט.

—נו, וואס זאגט איהר? — פרעגט אויף מארגען, אדער איבערמארגען קאטיק ביי זיין קונד, וועמען ער האט מיט א טאג, אדער צוויי צוריק געגעבען זיין ביכעל צום לעזען.

— אודאי, אודאי, איהר זענט גערעכט, א יושר! מוזט איהר איהם צוגעבען.

אויף מארגען, צו איבערמארגען בעקומט איהר פון קא־טיק'ן אן איינלאדונגס־קארטעל אויף א גרינדונגס־פערזאמלונג פון דער און דער חברה. קאטיק'ס מאכט ציהט אייך, איהר מוזט געהן. אויף דער פערזאמלונג לעזט קאטיק איבער פאר אלעמען דעם זעלבען ביכעל, צוגעבענדיג נאך מעהר ווארימקייט און ראיות. ווילט איהר עפעס ענדערן מאכט אויך ניט אוים. אבי עס זאלען נאר ניט אנגעריהרט ווערען די דעמאקראטישע פרינ־ציפען פון גלייכבערעכטיגונג פאר אלע מיטגליעדער, און די נוי־טיגע קאנטראל פאר די געלדער. די חברה ווערט געבויט, און קאטיק'ן איז צוגעקומען א ים מיט נייע ארבייט, אין וועלכער ער פיהלט זיך, ווי א פיש אין וואסער.

אט אזוי זענען געבויט געווארען, דורך קאטיק'ן, כמעט אלע בעסטע אינסטיטוציעס, פון הילף און זעלבסט־הילף, וואס די ליטווישע יודען פערמאגען אין ווארשא. ווי צ. ב. ש. „בקור חולים", „עזרת יתומים", „לינת הצדק", „אחיעזר" און נאך אנ־דערע. די גרויסע ווארשא מיט איהרע 300 טויזענד יודען האט ניט געהאט קיין „מושב זקנים", קיין הויז פאר אלטע און שוואכע, ביז דער אלטער קאטיק האט זיך דערצו גענומען. אין א קורצע צייט איז ביי איהם געווארען א חברה מיט א קאפי־טאל פון 30 טויזענד רובעל.

קאטיק'ס געזעלשאפטליכע טהעטיגקייט האט אויך איהר טראגישע זייט. קוים האט קאטיק זיין חברה אויפגעבויט, זי אויף די פים געשטעלט, אזוי ווערט ער אליין פון איהר ארויסגע־

וואס ער געהט גרינדען, איז ניט סתם א יודישע חברה, האט ער אייך דורך לאגיק און פאקטען ערקלעהרט און בעגרינדעט די נויטיגקייט פון אזא און אזא מין חברה, בעשאפט ער אייך פאר זיין ארגאניזאציע אן אויספיהרליכע קאנסטיטושאן (אוסטאוו) וואו יעדע קלענסטע זאך איז פאראויסגעזעהן. איהר דארפט אייך מעהר ניט איין מאל אויפקלייבען און די געזעלשאפט ווערט לייכט געבוי׳ט און הויבט אן צו עקזיסטירען.

אינטערעסאנט איז, אז קאטיק האט ניט קיין שום בע־קאנטשאפט מיט דעם בוי פון מאדערנע פארטייען און פעראיי־נען, און זייערע קאנסטיטוציעס. אלעס וואס ער בעשאפט איז פון זיך אליין ארויסגעשפונען, פון זיין אייגענער קאפ ארויס־געטראכט.

נאך א וויכטיגען שטריך האט זיין געזעלשאפטליכע טהע־טיגקייט. ער קומט ניט צו אייך מיט פראזען, קומט בכלל ניט צו אייך, איידער ער האט די זאך אליין ניט גוט דורכגעטראכט. ער רעדט מיט קיינעם קיין ווארט ניט פון זיינע פראיעקטען, איי־דער זיי זענען ביי איהם אליין ניט גענוג צייטיג געווארען, און אפילו דאן, ווען ביי איהם אליין איז אלעס קלאר, קומט ער צו אייך ניט מיט א מינדליכער אגיטאציע. זיין גאנצען פלאן — די גענויע ערקלערונג און בעגרינדונג, פון זיין חברה שרייבט ער אויף אין יודיש, אפט אויך אין העברעאיש, און דרוקט עס אב אין א ביכעל. דעם ביכעל גיט ער אייך אוועק אומזיסט. אהן איבעריגע ריידערייען בעט ער אייך פשוט און היימיש־פאמילאר, מיט א שמייכעל, זיין צוטרוייליך־ליעבען קאטיק׳שען שמייכעל, איהר זאלט דעם ביכעל איבערלעזען אין דער היים, אין א פריי־ער צייט. קומענדיג א היים גיט איהר פון נייגיעריגקייט א קוק אין ביכעל. איהר גיט איין קוק מוזט איהם שוין דערלייענען ביז׳ן סוף. איהר געפינט זיך אונטער קאטיק׳ס מאכט, איהר זענט שוין זיינער א קונד. דאס ביכעל נעהמט אייך ניט מיט׳ן שעהנעם סטיל, מיט די פיין אויסגעשניצטע ווערטער און גע־דאנקען. קאטיק איז אויף דעם קיין מייסטער ניט. אין זיין שרייבען דארפט איהר אויך ניט זוכען קיין גראמאטיק. גאנץ אפט ציהט זיך ביי איהם איין זאץ איבער א גאנצער זייטעל און

נערט אויף א בוידעם, מאַנאַטען־לאַנג זיך געמוזט ארומשלעפּן, האַלב פערהונגערטע, ווי שאָטענס, ביז עס האָט זיך איינגעגעבן ארויסצורייסן ביי א רעדאַקטאָר, ביי א פערלעגער א פּאָר גראָשען. קאַטיק׳ס קאַוויאַרניע האָט זיי אין אזא לאַגע ניט איינמאַל געראַטעוועט פון הונגער. איצט זענען די יודישע ליטעראַטען ביי זיך גרויס געוואָרען. זיי שטעהט שוין ניט אָן צו טרינקען קאַווע ביי קאַטיק׳ען. זיי ווייסען שוין דעם וועג אין די געהויבענע קאַפע־הייזער: „בריסטאָל“ און „אסטראַווסקי“ אויף „קראַקאָווסקע פּשעדמעסטיע“. קאַטיק׳ס קאַוויאַרניע איז אָבער אפילו נאָך יעצט א היים פאַר אַלע אנפאַנגער־ליטעראַטען און „טרעמפּס“, פאַר אַלע עלענדע און פערוואַגעלטע ליטוואַקעס. זי איז יעצט אויך א בערזע פאַר אַלע מיטעלע און קלענערע אָנ־געפּאַהרענע ליטווישע קאָמיסיאָנערען און סוחרים.

קאַטיק׳ס קאַוויאַרניע האָט אַלזאָ א היסטאָרישע בעדייטונג. דער גרעסטער טייל פון אַלע וואַרשאַווער פילאַנטראָפּישע און אנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס זענען געבאָרען געוואָרען דאָ, אין קאַטיק׳ס קאַוויאַרניע, און זייער אויפטור און אויפבויער, איז געוועזן טאַקע קאַטיק אליין.

קאַטיק איז ניט קיין פילאַנטראָפּ. זיין געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט האָט ניט קיין כאַראַקטער פון צדקה אין אַלטען יודישען סטיל. לויט דעם פּלאַן, וואָס ער בויט זיי, דאַרפען זיינע אינסטיטוציעס האָבען א כאַראַקטער פון גענענזייטיגער הילף. ווען זיי וועבען זיך אוים אין פּשוט׳ע צדקה־חברות, זענען דערין שולדיג די בעדינגונגען פון וואַרשאַווער לעבען אין די קרייזען, אין וועלכע קאַטיק לעבט.

קאַטיק בויט זיין געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט עבט אייראָפּעאיש. פערקלערט ער א וועלכען עס איז פּלאַן פון א געזעלשאַפטליך־נוצליכער אינסטיטוציע, בעטראַכט ער פריהער די אַלע וואונדען פון דעם ארומיגען געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס מאַכען נויטיג אזא אינסטיטוציע. סיסטעמאַטיש און מעטאָדיש, ווי א געניטער דאָקטאָר, שטעלט ער פריהער דעם דיאַגנאָז פון דער מכה, איידער ער שלאָגט פאָר די רפואה. זיינע א חברה,

וואלט אין דעם ארומיגען געלאף און הו־הא אריינגעטראגען כאטש וויפיל עס איז הארמאניע; אז אין דעם געוואלדיגען שטויסע־ניס און שטופענים זאלען ניט אזוי פיעל מענשליכע לעבענס צו־ריבען ווערען.

אבער לעבען דארף מען דאך. און נאך פערשיעדענע ניט געלונגענע פראבעס, האט ער זיך אבגעשטעלט אויף אזא גע־שעפט, וואס דארף ניט האבען קיין וועקסלען; אויף אזוינע סחורה, וואס יעדער דארף עס האבען. ער האט געעפענט א קא־וויארנע. די קאוויארנע האט זיך זעהר גוט געפאסט מיט קא־טיק'ס פלענער. דא איז ניטא קיין עשירות. אין בעסטען פאל איז ער בעווארענט מיט'ן יצר הרע, אין ערגסטען פאל אבער איז ער פערזארגט מיט א שטיקעל ברויט, א גלאז טיי אדער קאווע. פון הונגער קען מען שוין דערביי נישט שטארבען. אגב האט דא קאטיק געהאט נאך א בעהאלטענע כונה: ער וועט זיי־נע לאנדסלייט, די ליטוואקעס, ניט דארפען זוכען; יעדערער וועט קומען צו איהם.

און קאטיק'ס קאוויארנע איז טאקע מעהר ווי צוואנציג יאהר געווען דער קלוב פון די ליטווישע יודען, פון אלע ליטווישע אורחים, איבערהויפט פון יונגע לייט, וואס זענען געקומען אין ווארשא זוכען פרנסה, חיונה. דארט האט מען געקראגען א ריב־טיגע גלאז קאווע מיט צובייסען, און — ביליג, טאמער האט מען ניט געהאט קיין קליין־געלד ביי זיך, איז אויך קיין געפאהר ניט געווען. ביי קאטיק'ן האט מען געהאט אביסעל קרעדיט. איז געווען קאלט אין דרויסען; אדער מען האט גלאט ניט געהאט וואס צו טאן, איז מען אריין צו קאטיק'ען אביסעל זיצען אין דער ווארעם, שפיעלען א דאמע, א שאך, זיך דורכשמועסען מיט א בעקאנטען אדער הערען עפעס נייעס.

איבערהויפט איז קאטיק'ס קאוויארניע געווען די לעצטע 15 יאהר א גליק פאר די יונגע יודישע ליטעראטען. זינט אין ווארשא איז געווארען א מיטעל־פונקט פון יודישער ליטעראטור און פרעסע, האבען אנגעהויבען אריינצוואנדערען אהין די יודישע שרייבער. זייער איצטיגע לאגע איז, נאטירליך, אויך ניט גלענצענד. אבער אמאל האבען זיי וואכען־לאנג זיך געוואל־

אין די קאָלאָניע גרעסער געוואָרן. נייע קאָלאָניסטען זענען אימער צוגעקומען. דאָס זענען געווען, הויפּטזעכליך, יודען פון זיד־רוסלאַנד, וואָס זענען אנטלאָפען אהער פון די פּאָגראָם־שרעקען; אָדער יודען פון טיעף־ראַסיי, וואָס זענען געלאָפען אהער צוליב די פערפאָלגונגען פון דער פּאָליציי. די און יענע זענען געווען ענערגישע מענשען מיט גרויסע אונטערנעהמונגס־פעהינקייט און — מעהרסטענס אויך מיט קאַפּיטאַל. א דאנק זייערע ברייטע האנדעלס־פערבינדונגען מיט זיעד־און טיעף־ראַסיי, האָבען זיך די ליטווישע קאָלאָניסטען אין ווארשא אין א קורצער צייט היבש ארויפגעארבייט. באלד האט מען גענומען טרייבען יודען פון מאָסקווע און א צווייטער ליטווישער־שטראָם האָט זיך א גאָס געטאָן אין ווארשא.

דאָ זענען שוין א סך געקומען פון אָנהויב אָן מיט קאַפּיטאַלען און אויפגעבויט גרויסע געשעפטען אין ווארשא. קאָטיק איז אימער געווען דער מיטעלפּונקט פון דער גאנצער ליטווישער קאָלאָניע. אלע סוחרים און פאבריקאנטען זענען געווען זיינע גוטע בעקאַנטע און פריינד. ער האָט געקאָנט לייכט אויסנוצען זיין גינסטיגע לאגע; האָט געקאָנט מיט אימיצען שותפות מאכען, אז ער אליין זאָל ווערען א פאבריקאנט, א סוחר.

נאָר קאָטיק האָט דאָס ניט געוואָלט. אז ער וועט אליין מאַכען א געעשעפט וועט ער דאָך מוזען געבען וועקסלען און נעהמען וועקסלען. ווי איז, אז ער וועט זיין שולדיג און וועט ניט קענען בעצאָהלען? וועט ער דאָך פערנעהמען יענעמס געלד! און אז איהם וועט קומען און יענער וועט איהם ניט האָבען צו בעצאָהלען, וועט ער זיין א גזלן און אבשרייבען יענעמס שטוהלען און בענקלעך, יענעמס קליידעל?!..

דערצו: ווי קען מען דאָס ליגען נאָכאנאנד אין ביזנעס, רק אין קויפען און פערקויפען, וועקסעל און דיסקאָנט? קאָטיק האָט געהאט אנדערע געדאנקען, האָט געלעבט אין אנאנדער וועלט, א שענערע וועלט, ווי וועקסעל און דיסקאָנט. ער האָט אלץ געקלערט: ווי מאכט מען, אז ארום איהם זאָל זיך ניט הערען קיין קרעכצען, זאָל קיינער ניט וויינען, ניט ליידען... אָט די מחשבות האָבען איהם פערנומען טאָג און נאַכט. ער האָט גע־

אויף לאזען זיך קיין ווארשא האט מען אין יענער צייט געדארפט האבען כמעט אזוי פיעל מוט און ענערגיע, ווי אויף לאזען זיך „עבר לים". און די ערשטע קאלאניע פון די רוסישע יודען אין אמעריקא האט געווים ניט געהאט אויסצושטעהן אזוי פיעל צרות, ווי די ערשטע קאלאניע ליטוואקעס אין ווארשא. עס איז געווען קוים אויף א מנין אן דער וואכען. בלויז שבתים און ימים טובים האט זיך אויפגעקליבען א פאר מנינים. געדאווענט האט מען ערגעץ אויף א בוידעם. מ'האט זיך געפיהלט עלענד און פערלאזען, ווי אויף אן אינזעל. נאר די פאר מנינים ליט־וואקעס — שטענדיגע איינוואוינער אין ווארשא — האבען זיך געהאלטען פעסט איינער ביי דעם אנדערען. דער צעמענט, וואס האט זיי פעראייניגט איז געווען **י ח ז ק א ל  ק א ט י ק**. דאס איז געווען דער ערשטער ארגאניזאטאר פונ'ם געזעלשאפט־ליכען לעבען צווישען די ליטווישע יודען אין פוילען, און, גאנץ מעגליך, פיליכט פון דעם גאנצען פוילישען יודענטום. ווארום, ווי עס איז בעוואוסט, האט צווישען די פוילישע יודען, **פ א ר** די ליטוואקעס, קיין שום געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע ניט עקזיסטירט, אפילו קיין פילאנטראפישע.

קאטיק איז געווען דער איינציגער משכיל צווישען די מיט־גליעדער פון דער ערשטער ליטווישער־קאלאניע אין ווארשא. דעריבער איז זיין ווירקונג אויף דער קאלאניע געווען זעהר גרויס. זיין שטוב איז געווען דער מיטעל־פונקט ניט בלויז פאר דער קאלאניע, נאר אויך פאר צייטווייליגע אורחים, פאר קאמיסיא־נערען, סוחרים, דורכפאהרער. ער האט זיך געסטארעט ניט בלויז צו ארגאניזירען, נאר אויך צו רעפארמירען דאס רעלי־גיעזע לעבען, ווי ווייט דאס איז געווען איהם מעגליך. אין דעם ערשטען ליטווישען מנין, איז ניט געווען קיין צאנקערייען פאר „שלישי" און „ששי". צו געבען א מוסטער אנדערע, פלעגט קא־טיק זיך לאזען אויפרופען צו דער תוכחה: פלעגט יעדען שבת האלטען זיינע חברה־לייט רעדעס, ווי מען דארף זיך אויפפיהרען; האט איינגעפיהרט אין זיין מנין א מין געגענזייטיגע שטיצע. קורץ ער איז געווען די נשמה פון יעדער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט אין דער קליינער ליטווישער געמיינדע. ביסלעכווייז

יעצט דער מיטעלפונקט פון דער ליטווישער בעפעלקערונג אין פוילען, זענען איהם נאכגעלאפען הונדערטע פויליש־חסידישע אינגלאך און געשריען: „ליטוואק, חזיר, טשי!... טשי!... טשי!... און ווען א ליטוואק האט עפעס געוואלט קויפען אין א יודישער קראם, האט ער געמוזט שיקען אימיצען פון די שטוב־מענשען אין זיין יודיש־פוילישער אכסניא, אז ניט האט מען ביי איהם בוכשטעבליך אויסגעבעטען אין דרייען און דער־ביי נאך מכבד געווען מיט א געשמאקען „ליטוואק־חזיר", אדער ניט זעלטען, גאר ניט געוואלט פערקויפען.

קורץ, די ערשטע ליטווישע קאלאניע אין ווארשא האט געמוזט דורכמאכען א סך שווערערע יסורים, ווי די ערשטע יודי־שע עמיגראנטען אין אמעריקא.

נאך דעם לעצטען פוילישען אויפשטאנד איז בטל געווארען דער קאפשטייער און די בעזונדערע פאספארטען אין פוילען. דאן האבען יודען פון אנדערע געגענדען געקענט קומען אין ווארשא און בעזעצען זיך דא אויף א לענגערע צייט, צאהלענדיג בלויז, ווי עס איז ביז יעצט איינגעפיהרט, אלע פערטעל יאהר פאר א „קארטא־פאביטא".

נאר א שטענדיגע קאלאניע פון ליטווישע יודען טרעפען מיר אין ווארשא ערשט נאך די ערשטע פאגראמען פון 1881. און ווער עס וויל בעקומען ידיעות וועגען די פריידען און ליידען פון אט דער ערשטער קאלאניע זאל זיך דורכשמועס'ען מיט יחזקאל קאטיק, דעם אייגענטימער פון דער קאוויארניע אויף נאליעוו־קעס 31. ער איז די לעבעדיגע היסטאריע פון אט דער מערק־ווירדינער אינערליכער וואנדערונג פון די רוסישע יודען, ווא־רום ער איז געווען איינער פון די ערשטע ליטווישע אימיגראנטען אין פוילען.

יחזקאל קאטיק איז געווען א זוהן פון רייכע עלטערן. זיין פאטער איז געווען א יודישער פריץ, ערגעץ אויפ'ן גרענעץ צווי־שען ליטא און ווייס־רוסלאנד. ער האט בעקומען א משכילישע ערציהונג. נאך דער חתונה האט ער זיך בעזעצט אין קיעוו. נאכ'ן קיעווער פאגראם, האט ער, ווי א סך אנדערע יודען, אויסגע־וואנדערט און געלאזען זיך קיין ווארשא.

# יחזקאל קאַטיק און זיין קאַוויאַרניע.

אויב ווארשא איז דער מיטעלפונקט פון די יודישע שטעדט אין רוסלאנד, זענען די „נאלעווקעס" דער מיטעלפונקט פון דעם דאַזיגען מיטעלפונקט, און דאַ, אויף די נאלעווקעס, וועלען מיר זיך היינט אבשטעלען ביי איין טויער נומ. 31. דאַ אין טויער איז פאַראַן א קאַוויאַרניע. די דאַזיגע קאַוויאַרניע איז דער ציעל פון אונזער היינטיגען בעזוך.

אַט די קאַוויאַרניע איז די מערקווירדיגסטע יודישע קאַ־וויארניע אין דער וועלט. און איהר אייגענטימער, קאַטיק, איז איינער פון די סאמע אַריגינעלע יודישע טיפען.

קאַטיק׳ען און זיין קאַוויארניע קען גאַנץ ווארשא. נאַר עס איז א ספק, אויב א סך פון די וואָס קענען איהם, גיבען זיך אב א רעכענונג, וואָס פאַר א בעדייטענדע ראָליע זיי ביידע, קאַטיק און זיין קאַוויאַרניע, האָבען געשפיעלט אין קולטורעלען לעבען פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ווארשא.

דעם יודען וואָס זיצט אין ווארשא, איבערהויפט דעם ליט־ווישען יודען, קומט, וואהרשיינליך, קיין מאָל ניט אויפ׳ן זינען, אז סך הכל מיט א יאָהר 40—50 צוריק, האָט דער ליטווישער יוד ניט געטאָרט דאָ וואוינען; אז בלויז מיט גרויסע שוועריגקיי־טען איז איהם ערלויבט געווען דאָ אויפצוהאלטען זיך, נאַר גע־צעהלטע טעג, און צאָהלען פאַר דעם גליק צו אָטעמען מיט ווער־שעווער לופט 25 קאָפּ. א טאָג „קאָפּ־שטייער": אז ווען א ליט־וואק איז דורכגעגאנגען אויף דיזעלבע נאלעווקעס, וואס איז

מיך אבגעקעהרט, איז ער צוגעגאנגען צום בוכהענדלער און גע־בעטען אויף מצה.

אז ברוך האט אוועקגעטופעט מיט'ן פאק און מיט א צוזאג אויף צעהן פונט מצה, האט זיך דער בוכהענדלער מיר שטארק בעקלאגט אויף ברוך'ן, וואס ער איז קאליע געווארען. „ניט לאנג — זאגט ער — האט ער מיר צוגעבראכען עטליכע פלאטען. ער איז אפנים געפאלען. האט ער מורא געהאט, איך זאל איהם ניט אברעכענען און לייקענט אב שטיין און ביין. זאגט נאאיוו, אז ער האט זיי גארניט גענומען. און אליין האט ער דערביי אזא רחמנות'דיג פנים, אז איהר קאנט איהם ניט ענטפערן. מען האט איהם כמעט אויפגעהערט צו ניצען. נאר אמאל איז ער פונ־דעסטוועגען נאך איצט בעסער פון אנ'אנדערן. אט האט ער איצט געדארפט א האלבע שעה ווארטען אויפ'ן פאק, ביז מען האט איהם פארטיג געמאכט און פערבונדען. אן אנדערער וואלט געמאכט גוואלדען און אויסגעבעטען נאכאמאל אזוי פיעל. ברוך האט זיך דערווייל א ביסעל דורכגעשלאפען, זיצענדיג אויפ'ן קעסטעל, און האט קיין טענות ניט.

— איך האב — זאגט מיר דער פערלעגער — גערעדט מיט די איבעריגע בוכהענדלער, אז יעדער פון אונז זאל איהם געבען פענסיע צו א האלב רובל א וואך; ער זאל קריגען זיינע 4—5 רובל א וואך און זאל זיך אברוהען אין דערהיים. 25 יאהר אויף אונז געהארעוועט. איז דאס אן עולה? נאר, וואו! יעדער טרייסעלט זיך אב; קיינער וויל ניט הערען“.

ער האָט דאָן געדאַרפט צוטראָגן אַ טאָג! ער איז געווען אַן אמת'ער גזלן אויף זיין רוקן.

און מיינט ניט, אַז ברוך ווייסט נאָר פון די נאַלעווקעס און פון וואַרשוי. ער האָט שוין געפּרובט אַ פאָהר טאָן איבער'ן ים! אין לאָנדאָן איז ער געווען. דאָס איז געשעהן אין זיינע יונגע יאָהרען. נאָר קיין סך צייט האָט ער אין ענגלאַנד ניט פערבראַכט. ער האָט זיך פערבענקט נאָך די נאַלעווקעס און געקומען צוריק.

ברוך איז געווען אַ גזלן נישט בלויז אויף זיין רוקען, נאָר אויך אויף זיינע פיס. שוין עטליכע יאָהר, אַז ער האָט געפּטר'ט די פיס, און געהט, ווי איך האָב שוין אויבען געזאָגט, וויעגענדיג זיך.

פון דעמאָלט אָן איז זיין לעבען געוואָרען אַ טרויעריגעס. פריהער האָט ער געקאָנט קאָנקורירען מיט די יונגערע און פלינקערע טרעגער, דורכדעם וואָס ער פלעגט נעהמען ביליגער און שלעפּען אויף זיך גרעסערע פּעק. איצט קאָן ער שוין גאָר שווערע משא ניט פערטראָגען און קוים וואָס ער שלעפּט זיך. עס טרעפט זיך אָפט, אַז ער פאַלט אונטער זיין לאַסט און פאַלענדיג, צוברעכט ער פלאַטען, אָדער אַנ'אַנדער זאַך. דעריבער נוצט מען איהם איצט ווייניג, און ברוך מאַכט קוים פינף רובל אַ וואָך.

פינף רובל איז ברוך'ן ווינציג אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, ווי וואַרשוי. און דאָס האָט געמאַכט, אַז ברוך איז איצט „קאַליע" געוואָרען. די בוכהענדלער זאָגען מיר, אַז ברוך ערלויבט זיך שוין איצט צו זאָגען אַ ליגען, צו בעטען, מען זאָל איהם ־ערלעגען, צו שנאָרען ערב אַ יום־טוב ביי די קונדען. אין אַט דער הינזיכט איז ער אַמאָל געווען שטאָלץ. ער האָט קיינמאָל גאָרנישט געבעטען.

אַז ברוך איז „קאַליע" געוואָרען און געוואָרען אַזוי ווי אַנדערע טרעגער, האָב איך מיר אַליין איבערצייגט. איך האָב מיך מיט איהם בעגעגענט ערב פסח. איך פרעג איהם: צי האָט ער שוין וויין אויף „ארבע כוסות", און זאָג איהם, אַז עס וואָלט ניט געווען קיין עולה, די בוכהענדלער זאָלען איהם אריינשיקען וויין. ער האָט דאָס אָנגענומען גאַנץ ערנסט, און קוים האָב איך

וואָס מען קאָן איהם מעהר פון אלעמען עקספּלאָאַטירען. אנ׳אַנ־דער טרעגער — אזוי איז שוין דער מנהג — אז ער ברייננט צוטראָגען דעם פּעקעל, בעט ער, א חוץ וואָס מען האָט בעדונגען, נאָך עטליכע קאָפּיקעס, אויף א כוס׳ע. ברוך — קיינמאל ניט. בעדונגען — איז בעדונגען. אנ׳אנדער טרעגער, אז דער פּאַק שיינט איהם צו זיין גרעסער, ווי מען האָט איהם פאַרגעשטעלט אין נאָס, בעט ער נאָך פריהער א הוספה. ביי ברוך׳ן איז קיין נפקא־מינה ניט. בעדונגען — איז בעדונגען: אזאַ פּאַק, צי אזאַ... נעהן דאַרף מען דאָך סיי־ווי־סיי... און, ווי איהר ווייסט, איז ביי ברוך׳ן א גרעסערער פּאַק נאָך א מעלה.

ברוך האָט קיינמאל ניט ליעב זיך צו דינגען א סך. וויפיעל מען באַט — נעהמט ער. נאָר ניט אכטענדיג דערויף, וואָס ער נעהמט ביליג — טראָגט ער א גרויסען טייל פון זיינע פּעק נאָר אומזיסט. און דאָס איז דורך א שפּיצעל פון זיינע קונדען. דהיינו: אז ברוך גערט ערגיץ מיט א פּאַק, טרעפט אָפט, אז עמיצער לויפט ארויס פון א קראָם און פערפיהרט מיט איהם א שמועס בזה הלשון:

— ר׳ ברוך, וואוהין טראָגט איהר דעם פּעקעל? (מען זאָגט קיינמאל ניט „דעם פּאַק", נאָר: „דעם פּעקעל").

ברוך ענטפערט: אהין און אהין.

— זייט אזוי גוט, ר׳ ברוך, אָט איהר געהט דאָך סיי־ווי, טראָגט־אונטער א פּעקעל צו דעם און דעם.

ברוך קאָן ניט אבזאָגען. ער נעהמט דעם פּעקעל, וועלכער איז אָפט טאַקע א גאַנץ גרויסער פּאַק, און געהט שוין מיט צוויי פּעק.

אויפ׳ן וועג וואַקסט אזוי די צאָהל פון די פּעקלעך. געצאָהלט בעקומט ברוך בלויז פאַר דעם ערשטען פּאַק, און פאַר די איבעריגע פּעק ניט, ווארום וואָס הייסט? ער געהט דאָך סיי־ווי, זאָל ער א בעקאַנטען קיין טובה ניט טאָן?..

און דאָך האָט ברוך דער טרעגער אמאָליגע יאָהרען פערדיענט צוועלף און פופצעהן רובל א וואָך. ער האָט זיך מיר אליין בעריהמט. איהר קאָנט אייך פאָרשטעלען, וויפיעל פּעק

מיט א פּאַק אויפ'ן קאַרק, ווי גאָר אַהין משא. אז ברוך געהט אַהין משא, וויעגט ער זיך, און קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. האָט ער אָבער אויף זיך א פּאַק, שפּאַרט ער זיך איין אין פּאַק און דער פּאַק אין איהם און — עס געהט זיך... עס קאָן זיין, אז דאָס איז דערפאַר, וואָס ער שטרענגט אָן זיינע מוסקו־לען שטאַרק און דער אימפּעט טראָגט איהם. עס קאָן זיין, אז דאָס איז א געוועהנהייט. ברוך דער טרעגער איז אזוי ווי צונויפּ־געוואַקסען מיט'ן פּאַק. אָהן איהם האָט ער ניט קיין גלייכגע־וויכט אין פוס... ער מערקט ניט די לאַסט, אזוי ווי דער האָר־באַטער פיהלט ניט זיין האָרב.

און דעריבער האָט ברוך פיינט צו געהן אַהין משא. עס פעהלט איהם דאָס גלייכגעוויכט און ער וואַקעלט און פאַלט פון די פיס. דאָס איז ניט קיין שפּאַס, נאָר א פאַקט, וואָס אַלע מוכרי ספרים און דרוקער ווייסען, אויף די נאַלעווקעס און ארום. איך בין זיכער, אז ווען די קונדען זיינע זאָגען זיך אָב צו צאָהלען איהם, וואָלט ברוך געטראָגען זייערע פּעק אומזיסט, אבי ניט געהן אַהין משא.

אז ברוך שטעהט אין גאַס אָהן ארבייט און זעהט ווי דער בוכהענדלער פייוועל מונק טראָגט אונטער דער האַנד א פּעקעל, געהט ער צו און בעט דרך־ארץ'דיג, ער זאָל איהם, ברוך'ן, גע־בען דאָס פּעקעל טראָגען. קיין געלד נעהמט ער ניט דאָן, ווען ער שלאָגט זיך אָן אליין. און ער שלאָגט זיך אָן אליין, ווייל ער קאָן זיך ניט פאָרשטעלען, אז א פּעקעל זאָל טראָגען פייוועל מונק און ניט ער, ברוך.

אָט די שוואַכקייט זיינע, די ליעבע צום פּאַק, מאַכט, אז א סך קונדען ברוך'ס עקספּלאָאַטירען זיין קאַרק אונ'ברחמנות'־דיג. ברוך איז בטבע אַ „איש תם", א נאַאיווער מענש, ווי איהר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען. ער איז אונשולדיג ווי א קינד. ער האָט קיין שום בעגריף ניט פון בלאָף, פון שווינדעל, פון לי־גען. אויף ברוך'ן וואָלט יעדער פון זיינע קונדען אַנגעטרויט זיין גאַנץ פערמעגען, און ברוך האָט טאַקע ביי אַלעמען חן גע־האַט. נאָר געליעבט האָבען איהם די קונדען ניט אזוי פאַר זיין גראָדהייט, עהרליכקייט און קינדערשע אונשולד, ווי דערפאַר,

ראַליע, וואָס ער שפּיעלט אין דער יודישער ליטעראַטור. שוין מעהר ווי 25 יאָהר, אַז ער איז אַ טרעגער אויף די גאַלעווקעס, און ווען איהר האַפּט איהם, אַ שטויגער אין גאַס, ווי ער געהט, מיט אַ גרויסען שווערען פּאַק ביכער, אָדער אַ קליינעם, אָבער נאָך אַ שווערערען פּעקעל בלייערנע פּלאַטען, און איהר פרעגט איהם: וואָס טראָגט איהר, ר' ברוך? — ווייסט אייך ברוך ניט וואָס צו ענטפערן. ער קען אפילו קיין איינציגען נאָמען ניט פון די ביכער, וואָס ער שלעפּט איבער אויף זיין קארק. אַ חוץ אַ פּאָר שרייבער, וואָס האָבען ביי זיך די פּלאַטען פון זייערע ווערק און וואָס ער מוז דעריבער וויסען זייער אַדרעס, קען ברוך ניט קיין איינציגען שרייבער און קימערט זיך ווענען זיי אַזוי ווינציג, ווי זיי ווענען איהם.

נאָר אָהן ברוך'ן וואָלט ניט בלויז די נייע יודישע און העב־רעאישע ליטעראַטור דאָס ליכט ניט געזעהן; אָהן איהם וואָלט פון עהרליכע יודען די תורה און אמונה פערגעסען געוואָרען. וואָרום ברוך טראָגט ניט בלויז די פּלאַטען פון השכלה, ער טראָגט אויך די פּלאַטען פון דער תורה, פון דער גמרא, פון מוסר און אַלע פרומע ספרים אויף זיינע פּלייצעס. און — מען דאַרף זאָגען דעם אמת, — צו זיי איז ער אויך אַזוי גלייכגילטיג, ווי צו השכלה־ספרים און דער שענער ליטעראַטור, וואָרום דערוויייל איז איהם פוןביידע זאַכען ניט גרינגער...

מען האָט מיר פון ברוך'ן לאַנג שוין דערצעהלט, און איך האָב נאָך מיט אַ צייט צוריק געוואָלט מיט איהם שליסען בע־קאַנטשאַפט. נאָר דאָס איז מיר ניט אַזוי לייכט געלונגען: איך האָב איהם אַלץ ניט געקאָנט כאַפּען. ענדליך אָבער האָט זיך מיר דאָך איינגעגעבען מיט איהם צו בעגעג־נענען זיך ביי אַ בעקאַנטען וואַרשויער בוכהענדלער און פער־לעגער.

ברוך דער טרעגער קוקט אויס אונגעפעהר אַ יאָהר זעכציג. ער האָט אין באָרד אַ סך מעהר שוואַרצע האָר ווי גראָהע. פונ־דעסטוועגען איז ער שוין גאָר אינגאַנצען אויסגענוצט און האָט שוין קיין פּיס ניט.

אַלע ווייסען, אַז ברוך דעם טרעגער איז לייכטער צו געהן

# ווי אַזוי ברוך דער טרעגער איז קאַליע געוואָרען.

ברוך דער טרעגער איז א „בעריהמטע“ פערזאָן אויף די נאַלעווקעס. ער איז ניט קיין פשוט'ער טרעגער, נאָר א „קולטור־טרעגער“, אין דעם סאמע פשוט'ן זין פון וואָרט. ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען: א ליטעראטור־טרעגער. בעשעפטיגט איז ער כמעט נאָר ביי די בוכהענדלער, פערלעגער, דרוקער און ליטעראטען. מען קאָן זאָגען, אז פרץ, אש, רייזען און אנדערע בעוואוסטע יודישע שרייבער האָבען זייער נאָמען צו פערדאנקען ברוך'ן: ברוך האָט זיי אויף זיינע פּלייצעס געטראָגען. נאטירליך, ניט זיי, נאָר די פּלאטען, די בלייענע דרוק־ברעטלעך פון זייערע ווערק. אבער דאָס איז נאָך וויכטיגער, ווי זיי אליין. ווען ניט ברוך, וואָלטען זייערע ווערק די ליכטיגע שיין ניט געזעהן. און ווען זיי דערזעהן שוין יאָ די שיין, וואָלטען זיי צום לעזער ניט אָנגעקומען.

ווארום ברוך טראָגט ניט בלויז אום די פּלאטען פונ'ם שרייבער צום פערלעגער, פונ'ם פערלעגער צום דרוקער און פונ'ם דרוקער צוריק צום פערלעגער און שרייבער. ער טראָגט אויך די געדרוקטע בויגענס צום בראָשירער — דער איינבינדער, וואָס קנייטשט און לעגט זיי צונויף אין בראָשור־אָדער בוך־פאָרם; פונ'ם בראָשירער טראָגט ער צוריק צום בוכהענדלער; פונ'ם בוכהענדלער צום עקספּעדיטאָר, אָדער גלייך צו דער באהן אין דער געשטאָלט פון פארטיגע ביכער.

ברוך אליין איז פּאָלקאָם אונבעוואוסט פון דער וויכטיגער

קשה... זי האָט גענומען מיין האנד און אריינגעשטעקט אין אויוועז אין א גרויסע לאָך. „זעהט איהר אן אויוועז — מאכט זי — גוט, הא?.. היינט גיט א קוק דאָ... און דאָ.... און דאָ... געזאָגט האָט זי דאָס אָהן א שום ביטערקייט, אָדער בייזקייט גע־גען אימיצען. זי האָט מיר פשוט געוואָלט ווייזען א משיקאווע זאך. ווארום זי פערשטעהט, אז נאָך די דירה־געלד, וואָס יודען צאָהלען — מוזען זיין אין אויוועז לעכער. אָט הערט זיך, אז עס וועלען אָנקומען עפּעס יורשים, און די יורשים אויף דעם מויער, — זאָגט מען, — וועלען זיך גלייך נעהמען פערריכטען די לע־כער, און... די יודישע שכנים האלטען אין איין ציטערן...

פון זיין קעשענע, העכערן פלעגט ער קיינמאל ניט און קיינעם ניט. וואס א שכן האט געצאהלט פון דעם ערשטען טאג, ווען ער האט זיך ארייננעקליבען, דאס האט ער געצאהלט שטענדיג. ס'איז נאטירליך, אז קיין יודישער שכן, האט פון אסיפאוו'ן ניט געוואלט ארויס. פון אסיפאווס הויז איז פאר דעם יודען געווען בלויז צוויי וועגען: אין אמעריקא און... אויפ'ן „בית חיים". דערפאר זענען די שכנים צווישען זיך אויפגעקניפט געווארען. זיי — צווישען זיך און אלע צוזאמען, מיט'ן באלעבאס, האבען געבילדעט אזוי ווי איין פאמיליע, ווי איין קאמונע. א ריכטיגען בילד פון אט דער „קאמונע" גיט אונטען דער קעלער. אלץ איז דא אויפ'ן הויף פאטריארכאליש, אלט־פרענקיש, דער באלעבאס, דער „רוס" האט זעלטען ווען געגעבען רעמאנט, געוויס מעהר פון נאכלעסיגקייט, ווי צוליב קארגקייט, און אז איהר זייט אריין צו איהם אין דער אונטערשטער „אבטיילונג", האט איהר געקענט זעהן בעשיינפערליך, ניט בלויז, ווי עס קוקט אויס א ווארשע־ווער קעלער יעצט, נאר ווי א ווארשעווער קעלער האט אויסגע־זעהן מיט פופציג יאהר צוריק. איך רעד וועגען א קעלער. איי־גענטליך אבער זענען דא אונטען צוויי קעלערען: איינער רעכטס, איינער לינקס. נאר דאס איז אויך ניט גאנץ ריכטיג. אין גרונד זענען דארט פאראן זעקס קעלערען. ווארום יעדער קע־לער האט צו דריי קאמערן, און יעדער קאמער בילדעט א בע־זונדער קעלער מיט א בעזונדער שכן, וואס דינגט דעם קעלער דירעקט פון באלעבאס. צוזאמען וואוינען דארט בייא ניין פא־מיליעס, ווייל אין א פאר קעלערס־קאמערן וואוינען צו פאר פא־מיליעס. אין דעם ערשטען קעלער האט מיך מקבל פנים געווען אן אלטשינקע. זי האט מיך א צייט אנגעקוקט זעהר פערוואונ־דערט; דערנאך האט זי מיך געפרעגט: וואס דארף איך? איך האב איהר פערענטפערט מיין וויזיט גאר פשוט. איך האב איהר געזאגט דעם אמת: איך בין א יוד, וואס שרייבט אין די בלע־טער און וויל וויסען, ווי אזוי יודען לעבען. זי האט מיך, ווי עס שיינט, ריכטיג פערשטאנען, און איז געווען צופרידען. „נו, נו— מאכט זי — אויב אזוי, טא זייט אזוי גוט, פאניע, און רוקט אריין אט דא די האנד... ווייזט די האנד אהער, ווייזט, נישט

ס'איז גאר ניט געווען, וואס צו פערלענען, איז רעכט געווען אהן א משכון. צאהלען האט מען געקענט ווען און וויפיעל מ'האט פערמאגט.

וואס אנבעלאנגט דירה געלד איז אסיפאוו געווען א שטרענ־גער באלעבאס און... פערשריבען אקוראטנע, וואס פון יערען שכן ס'האט געקומט. און מיינט איהר נאר פערשריבען? ער פלעגט אנגעבען אויף אין סוד, ארויסנעהמען א „וויראק" און מאהנען — פלעגט ער גראד ניט. ער פלעגט נאר מעלדען דעם בעל חוב, אז אויף איהם ליגט א וויראק. „און צאהלען" — פלעגט ער זאגען — „קענט איהר וויפיעל איהר פערמאגט, און ווען איהר האט.. זאל אייך גאר ניט קימערן". ער פלעגט נעהמען, א פאר קערבלאך, א קערבעל, און דרייסיג קאפיקעס אויך — מעלדעט מיר איינער פון זיינע שכנים. זאלען מיר דאס ביידע פערמאגען, איך מיט אייך, דערצעהלט א צווייטער שכן. וויפיעל שכנים זענען איהם שולדיג געבליבען דירה־געלד. דא, אונטען אין קעלער זענען דא שכנים, וואס האבען אבגעוואוינט ביי איהם צו 20־25 יאהר און וויפיעל מיינט איהר האט מען פאר די 20־25 יאהר געצאהלט דירה־געלד? הלואי 10 יאהר! איך וואוין דא פינף יאהר — זאגט מיר א פערטער שכן — און האב געצאהלט נאר פאר צוויי. דעם חשבון האט אסיפאוו געפיהרט שטרענג. אז איך האב אריינגעטראגען ניט לאנג דריי רובל האט ער צוגע־נומען די דריי רובל און מיר מודיע געווען, „אז דאס איז ניט פאר היינטיגען חודש, נאר פאר דעמזעלבען חודש מיט דריי יאהר צוריק. מעהר האט אסיפאוו גאר ניט געזאגט". — „אזוי פיעל הונדערטער זאל איך צעהלען מיין טאכטער נדן" — ערקלערט א שכנה אונטען פון קעלער. — „וויפיעל מאל ער האט מיר גע־געבען צוריק די דירה־געלד, אז איך האב עס איהם געבראכט, און נאך זיינע צוגעלעגט א פאר גילדען, ווען ער האט געוואוסט אז ס'פעהלט מיר אויף שבת, צו יום טוב, צו אויף פערריכטען א שוך".

געוואוסט האט אסיפאוו זעהר גוט, ווען און ביי וועמען און וואס עס פעהלט, און דאס פלעגט טרעפען גאנץ אפט, אז אנשטאט נעהמען דירה־געלד, פלעגט ער נאך עפעס צוצאהלען

אַט דאָס גופא וואָלט שוין געווען גענוג צו שאַפען לעגענ־
דעם ארום דעם רוס אין דער יודישער גאַס, וועקען אַ פערדאַכט
אין דעם עכט־רוסישען יחוס פון דעם רוס (עס געהט טאַקע אַ
קלאַנג אין מוראַנאָוו, אַז דער רוס איז ניט קיין אמת'ער רוס,
נאָר — אַ געשמד'טער יוד פון די קאַנטאָניסטען*). בפרט, אַז
דער רוס איז ווירקליך געווען גאָר נישט קיין געוועהנליכער באַ־
לעבאָס. ערשטענס, ווי געזאָגט, האָבען געוואוינט ביי איהם
כמעט בלוז יודען; און וועלכע יודען? קבצנים שבקבצנים!
צווייטענס: האָט דער רוס זיך ניט געפיהרט מעשה באַלעבאָס.
ער האָט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך געקאָכט ביי דעם לעצטען
יודישען קבצן אין טעפעל; ער האָט אויך געוואוסט, ווען עס האָט
זיך גאָר נישט געקאָכט אין טעפעל. אויפ'ן הויף מיט די קינדער
איז ער געווען אַ שטאַרקער מחותן; האָט אַ סך פון זיי געקענט
ביי די נעמען; פלעגט זיך אָפט אריינמישען אין זייער שפּיעלען;
פלעגט די יונגוואַרג אָפט נעהמען אויף די הענד, אויף די קניע,
אריינגעהמען זיי צו זיך אין הויז און געבען זיי צאַצקעס און נאַ־
שערייען. ניט ווייניגער מחותן איז ער געווען מיט די טאַטעס
און מאַמעס פון די קינדער. איז געווען ביי אימיצען אַ שמחה,
האָט מען צווישען די געהויבענע געסט געלאַדען אונבעדינגט
אויף דעם „גאָספּאָדין חאָזאַאין". האָט זיך געטראָפען, זאָל די
בייזע שעה ניט זיין, עפּעס אַן אונגליק: אַ חולה, אַ בר־מנן, איז
אויך געווען אויפ'ן פּלאַץ „גאָספּאָדין אָסיפּאָוו". און געווען איז
ער אומעטום ניט גלאַט ווי אַ גאַסט, נאָר ער האָט גענומען אַ
טייל אין אַלץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמת'ען מחותן. האָט געגע־
בען צושטייער צו הכנסת כלה, צו הלוית המת, צו היילען אַ
חולה; האָט געגעבען צושטייער פאַר פּסח אויף מצה, נאָך פּסח
אויף חמץ. ווען ביי אימיצען האָט אויסגעפעהלט, (און אויסגע־
פעהלט האָט דאָך מסתמא שטענדיג). געוועהנליך האָט מען גע־
געבען אַ משכון, וואָס ווער ס'האָט פערמאָגט: אַ פּאָר לייכטער,
איז אַ פּאָר לייכטער. אַ פּאָר תפילין — איז אַ פּאָר תפילין. אַז

*) קאַנטאָניסט הייסט אַ סאָלדאַט, וואָס מ'האָט איהם אַמאָל,
פאַר ניקאָלאַיען, געכאַפּט און אָבגעגעבען, קליינערהייט, אַלס קינד.

# דער קאָמוניסטישער קעלער.

אין דעם דאָזיגען קאָמוניסטישען קעלער האָב איך מיך אנגעשטויסען אויך אזוי צופעליג, ווי אין דעם קאַצקער׳ס בוידים. קיין גרויסער סורפריז איז ער, אייגענטליך, פאר מיר ניט געווען. ווארים אז מען געהט זוכען אן אַרימאַן, מוז מען זיך, נאַטירליך, אַנשטויסען ענטוועדער אויף א בוידעם, אָדער אויף א קעלער. געגאנגען בין איך זוכען די יודישע שכנים, וואָס זענען געגאנגען צו דער לויה פון זייער רוסישען באלעבאָס, האָבען איהם בעגלייט צו זיין אייבינער רוה, מספיד געווען, און מיט אמת׳ע טרערען בעוויינט. די געשיכטע איז אן אינטערעסאנטע און איך וועל זי אייך דאָ איבערגעבען, לויט ווי די שכנים האָבען מיר פערזענליך דערצעהלט. דער פּלאַץ, וואו די געשיכטע האָט פאסירט, איז מוראנאָווער גאס. אויף דער גאס איז דאָ א הויז נומער 51, וואָס האָט בעלאנגט, ניט צו קיין יודען, ניט צו קיין פּאָליאק, נאָר דוקא צו א רוס. א רוס א באלעבאָס אין דעם וואר־שאווער יודישען קווארטאל איז בכלל ניט קיין געוועהנליכע ער־שיינונג. רוסען אנטלויפען פון ווארשאווער יודישען געטאָ, וואו פעפער וואקסט. א רוס אין פוילען, איז ענטוועדער א סוחר, דאַן זיצט ער דאָ נאָר ציימטווייליג; אָדער א רעגירונגס־בעאמטער, וועלכער וואוינט ערגעץ אין עק שטאָדט. דער רוס פיהלט זיך ניט גוט צווישען די פּאָליאקען, נאָך שלימער פיהלט ער זיך צווי־שען די פּוילישע יודען, מיט די לאנגע קאַפּאָטעס, מיט די לאנגע טלית קטן׳ס מיט די לאנגע בערד און פּאות.

דער הוצאה, וואלט מיר געוועז א סך ליעבער — האט זי געענט־
פערט.

איהר שטימע איז געוועז ניט ערביטערט, ניט בייז; נאר, פארקעהרט, ווייך און ערגעבען דעם שיקזאל. „ער" האט איהר א קוק געטאן אין די אויגען מילד און אונשולדיג, האט צו איהר א ליבליכען שמייכעל געטאן מיט א מינע, וואס האט דייטליך געוויזען, אז ער גלויבט איהר הארץ מעהר, ווי איהר מויל, און אזוי ווי ער וואלט געוועז פערזיכערט אין איהר פערצייהונג און ערגעבענהייט שוין לאנג, האט ער מיט דעמזעלבען שמייכעל זיך געווענדעט צו זיין צווייטען גוטען פריינד אין אלע נויטען— דעם „חק לישראל".

אבער דאָס יונגעל איז געווען אַ יונגעל. איהם איז אומעטיג געוואָרען אין דעם קרייז פון די חסידים, איינער אליין צווישען גרויסע מענשען. ניטאָ מיט וועמען צו שפּילען; קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום.

גלייך ווי דער טאַטע איז אוועקגעפאָהרען, האָט ער אין גע־היים אויפגעזוכט אַ בעל עגלה און האָט געמעלדעט דעם רבי'ן פעסט און ענטשלאָסען, אַז ער וויל אַ היים. דער רבי האָט איהם געפּרובט איינרעדען — אהיז, אהער, עס געהט ניט. „נו, — מאכט ער דאָן צום יונגעל — ווילסט פאָהרען — פאָהר בשלום. אבער דו מוזט מיר צוזאגען צוויי זאכען: אַז דו וועסט זיין אין דער היים, זאָלסטו זיי געדענקען און היטען".

— איך וועל פאָלגען, רבי, איך וועל היטען, אַלץ וואָס איהר וועט מיר הייסען, האָט דאָס יונגעל געענטפערט מיט מורא.

— דו זאָלסט אויף דיין לעבען קיין ליגען ניט זאָגען. זאָלסט אַ קללה קיינמאָל אויף דיינע ליפּען ניט ברייננגען.

— איך וועל היטען, רבי, איך וועל פאָלגען...

דאָס יונגעל איז געוואָרען אַ בחור, אַ יונגערמאַן, אַ באַלע־באָס'ל, איז געוואָרען אַ טאַטע פון קינדער און האָט דעם רבי'ס צוואה געהיט און היט זי ביז היינטיגען טאָג.

אבער קאָן מען אויסקומען היינטיגע צייטען אָהן אַ ליגען? אָהן אַ שווינדעל? אָהן זידלען זיך און שילטען? בפרט ווען מ'דאַרף האָבען פּרנסה, ווען מען מוז דערנעהרען קינדער? ווען עס איז ביטער אויפ'ן האַרצען?...

דער „קאָצקער" קען. אמת דערפאַר איז ער געוואָרען פון אַ „קעפּיל—אַ ברען" אַ טויגעניכטס פאַר דער וועלט; האָט זיך געמוזט כאַפּען פאַר דער נידריגסטער פּרנסה — אַרומטראָ־גען קעראָסין, ביי וואָס עס איז מעגליך אויסצוקומען אָהן אַ לי־גען, אבער ער היט דעם רבי'ס פאַרזאָג...

איך האָב געפרעגט זיין ווייב, וועלכע איז אונטערגעקומען צו ענדע פון איהר מאַנ'ס „ודוי", צו איז זי צופרידען פון איהר מאַנ'ס נדר?

— הלואי וואָלט ער מיך געשאָלטען און געבראַכט אויף

ניט געקאָסט. די מלמדים האָבען מיט איהם געלערנט אומזיסט, געכאַפּט איהם איינעם פון דעם אנדערן, ווארום ער האָט געהאַט א נאָמען אין שטעדטעל, און צוליב איהם האָט דער מלמד גע־קראָגען א סך קינדער. און דאָס איז אלץ געווען בשתיקה פון טאַטען. דער טאַטע איז ניט געווען אזוי קארג, ווי ער האָט מורא געהאַט, דער זוהן זאָל חס וחלילה ניט אראָב פון דרך. די ערשטע צוויי זמנים האָט ער ניט געוואגט אבצורייסען דאָס קינד פון חדר, נאָר ווי ער האָט צום סוף פון צווייטען זמן א קוק געטאָן, אז אלץ וואָס זיין בן יחיד לערנט, ווערט ביי איהם „פאַר־ברענט", אז עס קלינגט מיט איהם די שטעדטעל, האָט ער איהם — א יונגעל פון אכט יאָהר — אָבגענומען מיט גוואלד פון חדר, כאַטש איהם האָט דאָס לערנען גאָר נישט געקאָסט, און האָט איהם צוגענומען צום געשעפט.

זייענדיג ביים פאָטער אין געשעפט, האָט ער זיך אליין פון זיך און אויך בשתיקה פונ'ם פאָטער, אויסגעלערנט לעזען און שרייבען רוסיש און פויליש (ער האָט מיר געוויזען זיין האַנדשריפט), אויך יודיש. ער האָט געטויגט גוט צום געשעפט, און וואָלט געקאָנט קריגען שפּעטער א שטעלע, אָדער האָט גע־קאָנט אליין עפּעס עוסק'ן און גוט ארויפאַרבייטען זיך (זיין טאַטע איז געוואָרען א יורד און האָט דערנאָך געלעבט זעהר געדריקט), ווען ניט דער נדר...

און מיט'ן נדר איז די מעשה געווען אזוי: אז ער איז אלט געווען זיבען יאָהר, האָט איהם דער טאַטע גענומען מיט זיך אין קאָצק צום רבי'ן, ווי דער מנהג איז, מחנך צו זיין איהם אין חסידות. דער רבי האָט איהם פערהערט און איז זעהר נתפּעל געוואָרען פון דעם יונגעל'ס ענטפערם אויף זיינע פראַגען. קורץ ער האָט געבעטען זיין טאַטען, דאָס יונגעל זאָל בלייבען ביי איהם. זיין טאַטע איז געווען גליקליך. דאָס יונגעל איז גע־בליבען ביים רבי'ן. און ווען ער בלייבט אויף לאַנג, ווער ווייס וואָס פון איהם וואָלט געוואָרען מיט דער צייט? פּיליכט דער הויפּט גבאי: און אפשר אליין א רבי מיט א נייער שטאָדט, מיט טויזענדער אָנהענגער־חסידים...

דער „חק לישראל“ בעשטעהט פון צעהן גראבע בענדער און קאסט צוזאמען צעהן רובל. וועמען גאט העלפט, פון די פוילישע חסידים, איינצוהאנדלען דעם „חק לישראל“, שעצט זיך יענער גליקליך. פאר אן ארימען חסיד איז דאס א אידעאל, צו וועלכען ער שטרעבט יאהרענלאנג, און ניט זעלטען קאן ער צו איהם זיין גאנצען לעבען ניט קומען.

דער „קאצקער“ פערדינט פון ארומטראגען קעראסין זיינע דריי, פיר רובל א וואך. דארפט איהר פערשטעהן וויפיעל הונגער־טעג עס האט איהם געקאסט דער „חק לישראל“, און דאך האט ער עס בעוויזען צו קריגען.

דערפאר איז דער „חק לישראל“ זיין איינציגער נענוס אין לעבען. קומט ער נאר א היים, נאך דעם ארומלויפען מיט די קעראסין־קאנען, זעצט ער זיך גלייך פערברייינגען מיט זיין טייערן פריינד, מיט זיין ליבלינג, און זיצט אזוי אוועק ביז שפעט אין דער נאכט.

איך וויים ניט מיט וואס האב איך געוואונען זיין צוטרוי, נאר צוליב מיר האט דער „קאצקער“ אבגערוקט אן א זייט זיין טייערן פריינד — דעם „חק לישראל“, און האט מיר דערצעהלט זיין גאנצע ביאגראפיע.

איך וועל אייך ניט איבערדערצעהלען ווארט אין ווארט דאס גאנצע געשפרעך. איך וועל אייך נאר איבערגעבען זיין אינהאלט בקצור.

פון דעם קאצקער׳ס ביאגראפיע האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער ליידט זיין גאנצען לעבען צוליב א נדר, וואס ער האט געגעבען דעם קאצקער רבי׳ן, שוין לאנג, לאנג, בשעת ער איז נאך געוועזען א יונגעל פון זיבען יאהר. זיין טאטע איז געווען א קאצקער חסיד, האט געהאט גוטע געשעפטען און — געווען רייך. פונדעסטוועגען האט ער, דער זוהן, אין זיין גאנצען לעבען מעהר ניט געלערנט, ווי צוויי זמנים. מיינט איהר: ער האט געהאט א פראסטען קאפ? דוקא געהאט א קעפעל א ברען! אין די צוויי זמנים האט ער אויסגעלערנט עברי, איז געווארען קלאר אין חומש, תנ״ך, און האט אנגעהויבען גמרא. א חוץ דעם האט זיין לערנען אין חדר דעם טאטען א קאפיקע

א זיינגער צעהן, עלף ביי־נאכט קומט זי א „היים". רייזעלע ארבייט אויך אין דער פרעמד און קומט אויך 10—11 אזייגער אין אווענד א „היים". און גלייך ווען זיי קומען, לעגען זיי זיך ביידע, די מאמע מיט דער טאכטער, אריין אין בעט, וואס שטעהט אין א ווינקעל, כמעט אונטער דעם סאמע אנגעבויגענעם קרומען סופיט, ווי דער שטויגער איז פון א בוידעם.

פאר דעם בעט צאהלען זיי אנדערהאלבען רובל א חודש. דער גאנצער בוידעם קאסט פינף.

געקומען בין איך אויפ'ן בוידעם א זייגער צעהן אין אווענד. רייזעלען האב איך ניט געפונען. געזעסען איבער'ן טיש איז דער באלעבאס, דער קאצקער. דאס איז דער איינציגער, וואס זיצט אין שטוב מעהר פון אלעמען, און, לויט, ווי ער האט מיר דערצעהלט, איז ער דארין ניט שולדיג. שולדיג איז די „געז", דאס הייסט דאס וואס מ'האט כמעט אין אלע הייזער יעצט איינגעפיהרט געז; און דעריבער איז דער עסק מיט קעראסין אין דער ערד, און דער קאצקער, וואס האט יאהרענלאנג געצויגען זיין חיונה פון ארומטראגען איבער די הייזער נאפט, איז געבליבען אהן ברויט.

איבריגענס זיצט דער קאצקער ניט לעדיג. ער זיצט איבער דעם „חק לישראל", פאר די וואס ווייסען ניט, וואס איז אזוינס דער „חק לישראל", וועל איך דא ערקלערען, אז דאס איז א מין חסידישע ענציקלאפעדיע, ד א געפינט דער חסיד, וואס זיין הארץ געלוסט: תורה, נביאים, כתובים, משנה, גמרא, מדרש, זוהר, חסידות, מוסר, דרוש, עברי טייטש, פרושים, משלים און ווייס איך נאך וואס. דאס אלעם איז צוזאמענגעשטעלט, אדער בעסער געזאגט — צוזאמענגעפליקט, שטיקערווייז, פון דאנען און פון דארטען, אפט אהן אן אנהויב, און אהן א סוף, אהן א שום צוזאמענהאנג און לאגישער פערקניפלונג. נאר דער „קאצקער" צו דער „גערער", צו דער „קאידאנאווער", צו דער ליבאוויטשער חסיד אפילו דארפען ניט האבען קיין לאגישע פערקניפלונג. זיי זוכען אין „חק לישראל" נאר הויכע כונות, אנווינקונגען, סודות און דערצו איז גענוג א ווארט, אן אות, א פינטעל...

# דער נדר פון א קאצקער חסיד.

אויפ׳ן בוידעם פונ׳ם „קאצקער" בין איך איינגענטליך פער־קראכען צופעליג. געזוכט האב איך דארט „רייזעלע אנטאניען" מיט וועלכער דער לעזער איז שוין בעקאנט, און האב מיך אנ־געשטויסען אויפ׳ן „קאצקער".

פריהער וועגען דעם בוידעם גופא. דער בוידעם איז גאר ניט גלייך צו אלע בוידעמער; אלע בוידעמער האבען דאך א שטי־קעל פענסטער, און אם דער האט גאר ניט קיין פענסטער. נאר עפעס א שויב אין דאך, אין הימעל אריין. דער בוידעם בע־שטעהט פון איין קאמער. און אין דער איין קאמער וואוינען צוויי געזינדען: דער קאצקער חסיד מיט זיין ווייב און צוויי קינדער־לאך, און ביי זיי אין שכנות האט געוואוינט „רייזעלע־אנטא־נינע" מיט איהר מאמען. אין בוידעם שטעלען זיך קוים, קוים אויס דער אויווען און דריי בעטען, און פון זיי איז דוכט זיך אזוי ענג, אז פאר די מענשען איז אבסאלוט ניטא קיין פלאץ. פונדעסטוועגען קליגען זיך די מענשען און שפארען זיך דורך ווי עס איז. מעבעל איז דארטען מעהר ניטא, ווי איין צובראַ־כענער שטוהל, איין צובראכענער טישעל און איין צובראכענע קעסטעל. דעריבער מוז מען זיין עקאנאמיש, און דער גאנצער עולם קלייבט זיך קיינמאל ניט צוזאמען אויף אמאל: דעם קאצקער׳ס ווייב איז כמעט שטענדיג ביי א שכנה; די קינדער — תמיד אונטען אויפ׳ן הויף; רייזעלעס מאמע דינט פאר א קעכין און איז א גאנצען טאג אין דער פרעמד, אין קיך; נאר

איז זי געווען, האָט אַלע ברכות געקענט, און אין אַ שייטעל גע־גאַנגען, און אַלע מצות אָבגעהיט, ווי אַ כשר'ע יודישע טאָכטער. אָרים האָט זי געלעבט. נאָר די אָרימקייט האָט איהר גאַרנישט געקימערט. דער מאַן האָט זי געשעצט... עהרליך און שטיל האָבען זיי געלעבט... אַך, מיין יונג, שען בוימעלע!... אַזוי פריה צובראָכען...

— און דער מאַן, — האָב איך געפרעגט — ווי האָט ער אריבערגעטראָגען דעם קלאַפּ?

— ער האָט שוין חתונה געהאַט מיט אַנ'אַנדערער — האָט פרוי פ. מיר ערקלעהרט. פרומע יודען האָבען זיך אריינגעמישט. אַ יונגער מאַן טאָר נישט זיצען אָהן אַ ווייב. פונדעסטוועגען קומט ער צו מיר, שוין איצט, נאָך דער חתונה. זיצט אָב שעה'ן לאַנג און — וויינט. איך שלאָג איהם אָב: סטייטש, עס פּאַסט דאָך ניט פאַר איהר, פאַר דער צווייטער ווייב. נאָר ער וויל זיך ניט בערוהיגען. ניין, — טענה'ט ער — איך האָב צו דער גאָרנישט, צו דער איצטיגער. אבער ווי קאָן איך זי פערגעסען, זי, מיין רייזעלע, מיין נשמה?

דעמאָלט, ווען איך פֿלעג שוין זיצן אין וואַגאָן, פֿאַרענדיק צוריק.

ענדליך איז מיר אַמאָל געלונגען מיין אַלטן בעשלוס אויס־צופֿיהרען.

איך בין געקומען קיין וואַרשוי, אַריין צו ה׳ פּ. אין געשעפֿט און האָב דאָרט געטראָפֿען איהם אַליין און די פֿרוי. ער איז גע־ווען פֿאַרנומען מיט קונדען; זי איז געשטאַנען ביי אַ טישעל אין קאַנטאָר אַן אַ זייט פֿון דעם געשעפֿטס־עולם. איך בין צוגע־גאַנגען האַרט צו איהר און האָב איהר שטיל געפֿרעגט, צי זי דער־קענט מיך.

זי האָט זיך שטאַרק אין מיר איינגעקוקט און אַ קוועטש גע־טאָן מיט די פּלייצעס: ניין.

איך האָב געמוזט געבען אַ סימן און גלייך געפֿרעגט:

— וואָס מאַכט רייזעלע?

די פֿרוי האָט אַ ציטער געטאָן, געשטאַנען אַנ׳אויגענבליק, ווי פֿערגליווערט, און אויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין.

— וואָס האָט געטראָפֿען?

— רייזעלע איז געשטאָרבען... געשטאָרבען מיין ליב קינד, מיין הייליגע נשמה... מיין טייערע רייזעלע...

זי האָט דערציילט:

רייזעלע איז געשטאָרבען שוין מעהר ווי אַ יאָהר... פֿון אַ טיפֿוס. ביז די לעצטע מינוטען איז זי געווען ביים פֿולען זינען.. האָט זיך געזעגענט מיט אַלעמען... מ׳האָט געבראַכט דאָקטוירים. געלד האָט מען ניט געשפּאָרט... אָבער עס האָט גישט געהאָל־פֿען... איך האָב קיין נעכט ניט געשלאָפֿען... מיר האָט זיך ניט געגלויבט... ווי קאָן דאָס זיין?... אַזאַ יונגעד, אַזוי פֿיעל געלי־טען... מיין טייערע רייזעלע... מיין אײדעלע... ריינע נשמה...

מיט אַ שטילער, אָבער נאָך שטענדיג ציטערנדער שטים פֿון טרעהרען האָט זי מיר דערציילט, ווי אַזוי רייזעלע האָט פֿערלעבט דאָס יאָהר נאָך דער חתונה מיט׳ן שוסטער; ווי אַזוי זי האָט געוואוינט אין אַ קליין ענג קעמעריל; ווי זיי האָבען זיך ביידע ליב געהאַט; ווי ביי איהר אין שטיבעל איז תמיד געווען אַזוי ציכטיג ריין, אַזוי פֿיין צוגעקליבען, ווי אין יעדען ווינקע־לע האָט געבלאַנקט, און זי אַליין איז געווען גליקליך, און פֿרום

טער זענען ערנסט און געמאָסטען. זי איז ניט קיין שעהנהייט, נאָר אויף איהר פּנים ליגט אַ געוויסע אינטעליגענץ און טיעפע סימפּאַטיע. איבעריגענס, אַז איהר וועט זי בעגעגענען אין גאַס, וועט איהר בשום אופן ניט דערקענען, אַז דאָס איז אַ יודיש קינד. די שטריכען פון איהר געזיכט זענען פון אַן עכטער קריסטין. אינטערעסאַנט איז, אַז אויך איהר מוטער האָט ניט קיין יודיש פּנים.

ביי דער פאַמיליע פּ. ווערט רייזעלע געליעבט און פערגעטערט, ווי אַ הייליגע. אַז איך זעה זי ניט אַ טאָג — ערקלעהרט מיר די פרוי פּ. — קאָן איך ניט לעבען: איך מוז וויסען וואו זי געפינט זיך און פרעג מיך אָן אַלע טאָג דורכ'ן טעלעפאָן: וואָס זי מאַכט?"

גאָר ניט גלייכגילטיג רעדט אויך דער אַלטער פערפרומטער פּ. וועגען איהר. „ניט אַלע קאָנען זי משיג זיין"—האָט ער צו מיר געזאָגט, ריידענדיג וועגען איהר — אַזוינע ווי רייזעלע געפינט איהר ניט צווישען הויכע מיליאָנען. זי איז אַ הויכע, גאָר אַ הויכע נשמה..."

---

דאָס פריהערדיגע איז געווען אָנגעשריבען מיט אַ צייט צוריק. פון דעמאָלט אָן בין איך ניט איין מאָל געווען אין וואַרשוי, יעדעס מאָל, פאָהרענדיג קיין וואַרשוי, האָב איך שטענדיג געטראַכט אריינצוגעהן צו רייזעלע'ן און זעהן, ווי זי לעבט. איהר שיקזאַל האָט מיך טיעף געריהרט אין דער נשמה. ווי אַזוי האָט זי זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער יודישער ספערע, וואָס האָט ניט גאָר פריינדליך אויפגענומען איהר פערלאָרענע טאָכטער? ווי האָט זי זיך איינגעלעבט מיט איהר פּשוט'ן מאַן? ווי פיהלט זי זיך בכלל אָט די צאַרטע, איידעלע נאַטור אין דער רויהער, שרעקליכער ווירקליכקייט פון פּראָלעטאַרישען חסידיש־פאַנאַטישען לעבען?

אָט די און נאָך אַזעלכע פראַגען האָבען מיך שטענדיג גע־אַרט און איך האָב געוואָלט בעקומען אויף זיי אַן ענטפער. נאָר דער טומעל און האַוועניש פון וואַרשוי האָט יעדעס מאָל מיר אַרויסגעשלאָגען פון זינען דעם געדאַנק צו בעזוכען רייזעלע'ן, און איך פלעג, צו מיין גרויסען בעדויערען, זיך דערמאָהנען גראד

דיש ארבייטער מיידעל איז זי ניט צוגעפּאסט. דער קאַטוילי־שער קלויסטער האָט זי ערצויגען צו אַנ'אַנדער אַרט לעבען.

און דער נייער קרייז, וואוהין זי איז אַריינגעפּאַלען איצט, איז איהר אַבשטויסענד דורך די קליינליכע, די גראָשענדיגע לי־גענס, שאַכער־מאַכעריי, פאַלשקייט, בעטרוג, זעלבסט־בעטרוג, שמוץ, קאַלטקייט און גייסטלאָזיגקייט. זי האָט אַלעמען פיינט, אַ חוץ איהר מאַמען און די פאַמיליע פ.. וועלכע איז אפשר די איינציגע, וואָס פערשטעהט אַ ביסעל דאָס דייטשעניש פון איהר האַרצען.

רייזעל'ס חתן איז אַ פּראָסטער ארבייטער, אַ שוסטער. געהט אום מעהרסטענס ליידיג, און אַז ער ארבייט, פערדיענט ער זעהר וועניג. זי האָט איהם געוואָלט, ווייל ער איז אַ פרומער און רייזעלע וויל זיין פרום. נאָר די מאַמע איהרע הערט ניט אויף צו וויינען און צו טענה'ן, אַז פאַר איהר רייזעלע'ן איז דער שידוך צו קליין, אַז איהר רייזעלע איז ווערטה אַ בעסערען חתן. איהר האַרץ, דאָס האַרץ פון אַ מוטער, זאָגט איהר, אַז רייזעלע'ן שטעהט פאַר אַ קלענליכע צוקונפט, אַ צוקונפט פון ביטערער אָרימקייט, דחקות און הונגער. די אָרומיגע ווייסען דאָס אויך, און זי געהט ווי אַן אָקס צו דער שחיטה. זי קאָן זיך ניט העלפען. וואָרום ווער פון איהר איצטיגען קרייז וועט דאָס וועלען חתונה האָבען מיט אַ שמד'קע, וואָס איז אַבגעוועזען 13 יאָהר אין אַ קלויסטער.

איך האָב געוואָלט ווייסען דעם אינערליכען צושטאַנד פון רייזעלע'ס נשמה, און דעריבער האָב איך געזוכט זי צו זעהן און מיט איהר מינדליך צו ריידען. דאָס איז מיר אפילו אַנגעקומען זעהר שווער, נערעדט האָט זי פּויליש, ווייל יודיש איז איהר נאָך איצט שווער צו ריידען. זי האָט געזאָגט, אַז איהר קרענקט שטענ־דיג וואָס זי איז פריהער ניט אַוועק פון קלויסטער, וואָס זי איז דאָרט אַזוי לאַנג געזעסען, און איהר אויפגאַבע אין לעבען איז צו לעבען פאַר איהר מוטער.

רייזעלע איז בעקליידט און האַלט זיך ריינליך, נעט. איהר וואַקסען און ערציהונג אויסערהאַלב דעם געטאָ האָבען געהאַט אַ געוויסען איינפלוס אויף איהר האַלטונג און בענעהמען זיך.

זי געהט און רעדט מיט אַ נאַטירליכען שטאַלץ. איהרע ווער־

צעהלען דאַס געלייזטע געלד. זי איז אַזוי ווי אַ צוטומעלטע.

דאָך אַז איהר רעדט מיט איהר, מאַכט זי דעם איינדרוק פון אַ קלוגער וועלטליכער פרוי. פאַר אַ זייטיגען מענשען בעהערשט זי זיך און גיט ניט ארויס די צובראָכענקייט פון איהר נשמה.

אום ניט צו בעלעסטיגען רייזעלע'ן, איז זי אָנגעקומען דיענען פאַר אַ קעכין. נאַטירליך, נעהמט זי ביליג. האָט זי אָבגעקאָכט אָבגע'פטר'ט איהר ארבייט, פלעגט זי קומען אַ היים, אין איהר ווינקעל, ביי דעם „קאַצקער" אויפ'ן בוידעם, זעצען זיך אויפ'ן בעט און צעהלען די מינוטען, וואַרטענדיג אויף איהר רייזעלע'ן. ביי נאַכט—האָט מיר דערצעהלט איהר בעל־הבית'טע, דעם קאַצקער'ס ווייב — טרעפט אָפּט, אַז זי חאַפּט זיך אויף אַ דערשראָקענע. עס חלומ'ט זיך איהר ווי זי געהט נאָך איבער די קלויסטערס, אבריכטענדיג גלות. זי שטרעקט אויס מיט ציטערניש די הענד און, אָנטאַפּענדיג רייזעלע'ס קערפּער נעבען זיך, חאַפּט זי פון גרויס פרייד, קושען די פיס, די הענד, דאָס העמד רייזעלע'ס. „איך בין ניט ווערט — זאָגט זי פאַר לייטען, וואָס ווייסען איהר דראמע איהרע פיס צו וואַשען און דאָס וואַסער צו טרינקען".

* *

*

איך האָב זיך אינטערעסירט צו וויסען ווי פיהלט זיך רייזעלע איצט, אין יודישקייט. איך ווייס, אַז דאָס מיידעל לעבט אין אַ פאַנאַטישען אונוויסענדען קרייז, צווישען מענשען, וואָס ווייסען, אָבער זענען ניט פעהיג צו פערשטעהן איהר אינערליכע דראמע.

פון דעם געשפּרעך מיט די נאָהענטסטע מענשען אַרום איהר האָב איך פערשטאַנען, אַז מאָראַליש איז אפילו איצט רייזעלע'ס נשמה אויך ניט געהיילט. עס געהט דאָרט פאָר, עטוואָס אויף אַן אַנדער שטייגער, אָבער ניט װעניגער, ווי פריהער אין קלויסטער, אַ שטילע דראמע, וועלכע קיינער פערשטעהט ניט. רייזעלע'ס לעבען איז צושפּאַלטען אויף שטענדיג. עס טרעפט מאָמענטען, ווען רייזעלע זאָגט: זי וועט זיך נעהמען דאָס לעבען.

די פריינד האָבען זיך אינטערעסירט מיט רייזעלען בלויז די ערשטע צייט. דאַן האָט מען זי געלאָזען, צו דעם לעבען פון אַ יו־

נעפרעגט רייזעלע'ן צי זי האָט עפּעס אריינצושטעלען אין די תנאים.

זי האָט געענטפערט, אז זי האָט עפּעס יאָ וואָס צו שטעלען אין די תנאים. דער עולם האָט מיט א בעוואונדערונג געפרעגט: וואָס?

איך וויל, אז מאַמוניאַ זאָל שטענדיג זיין לעבען מיר. דער חתן זאָל גאָרנישט האָבען דאָגעגען.

דער פּונקט איז אריינגעשריבען געוואָרען. דער עולם האָט זיך צולאַכט און האָט אָבגעגעבען „מזל טוב!"

---

רייזעלע איז נאָכדעם נעגאַנגען אַרבייטען: נייהען, שטריקען, העפטען אין נביר'ישע הייזער. זי פלעגט בעקומען צוויי און א האַלב רובל א וואָך, מיט פאַרטיג עסען. דאָס האָט, פערשטעהט זיך, ניט געקלעקט דער מאַמען אויף דער הוצאה און איהר אויף א בגד. נאָר רייזעלע איז געווען צופרידען, וואָס זי דאַרף ניט אָנקומען צו לייטען. א גאַנצען טאָג, פון נייַן אין דער פריה ביז צעהן אין אָבענד, האָט זי געאַרבייט. נאָך דער אַרבייט פלעגט זי געהן גלייך צו דער מאַמען, אין ווינקעל ביי דעם „קאַצקער" אויפ'ן בוידעם. ביידע זענען געווען אָנגעהאָרעוועט און מ'לעגט זיך גלייך אין בעט אריין. ליעגענדיג אין בעט, דאָרט ערשט, פערברייננט די מאַמע מיט דער טאָכטער, ביז מען ווערט אנשלאָפען.

רייזעלע'ס מאַמע איז נאָך א מיטעלע פרוי פון עטליכע און פערציג יאָהר, נאָר זי איז איננאַנצען צובראָכען פון איהרע שווערע איבערלעבענישען. פון גלות אָבריכטען האָט זי גע'פּטר'ט די פיס. פון דער אַפּאָפּלעקסיע האָט זי זיך אפילו ערהאַלט; אָבער דאָס פּלוצלונגע געפינען פון איהר טאָכטער האָט געווירקט צו שטאַרק אויף איהר נשמה. זינט רייזעלע איז געקומען צו איהר, געפינט זי זיך אין א היסטערישען צושטאַנד. אָט וויינט זי, אָט לאַכט זי. אַמאָל, אין די יונגערע יאָהרען, איז זי געווען א בריה. האָט געפיהרט א קראָם, איז געווען א בעל־הבית'טע. איצט איז זי אונפעהיג אפילו צו שטעהן מיט א קאָשיק. מ'האָט אפילו איהר געפּרובט געבען עטליכע רובל, זי זאָל מיט עפּעס האַנדלען אין מאַרק, האָט זי דאָס ניט געקאָנט. מ'האָט איהר געמוזט אויסצעהלען די קיכלעך, צי די עפּעל, מען מוז איהר העלפען אויס־

וואהנונג קאנוואולסיוו נעצאפעלט פון שטילע אויסרופונגען און שלוכצען:

— רייזעלע!... דראגא מאמוניא!... דראגא מאמוניא!... דראגא מאמוניא:...

רייזעלע'ס מאמען האבען אנגעהאפט ספאזמען. זי האט זיך געטרייסעלט אין קאנוואולסעס. רייזעלע איז צו געפאלען צו איהר.

— מאמוניא, ניע „אומיעראי" ווטאקיע בלאניע חווילי... שטארב ניט אין אזא גליקליכער מינוט... איך בין ניט שולדיג... איך וועל אייביג בלייבען ביי דיר...

די עלענדע מוטער איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך און האט גענומען בעטאפען איהר פערלארענע און געפונענע טאכטער..

— יע, יע!... דאס איז מיין רייזעלע, מיינע הערלאך, מיינע אוינעלאך...

— טאק, טאק, — האט איהר רייזעלע נאכגעמורמעלט, — יא טוואיא רייזעלע, טוואיא... (איך בין דיין רייזעלע... דיינע...)

אלע אנוועזענדע, וואס זענען געשטאנען ביי דער סצענע, זענען געוועזען אזוי ווי ערשטארט, אזוי ווי פערגליווערט. שטילע, הייסע טרעהרען האבען זיך ניט ווילענדיג געגאסען ביי יעדען פון די אויגען.

*

* *

מיט דעם פאל פון רייזעלע־אנטאנינע האבען זיך שטארק פעראינטערעסירט די ווארשויער יודישע גמינע און א סך פון די פרומע ווארשויער יודען. מ'האט אויפגעקליבען א פאר הונדערט רובל אויף נדן פאר רייזעלען: עטליכע רובל האט מען איהר גע־געבען אויף בעקליידען זיך אביסעל — ווארום זי האט אלע איה־רע קליידער און זאכען, א חוץ דאס, אין וואס זי איז געקומען, גע־לאזען אין קלויסטער. מעהר פון אלעמען האט זיך פעראינטערעי־סירט אין איהר שיקזאל ה' פ., וועלכער האט איהר נעגעבען הונ־דערט רובל.

אין א געוויסער צייט ארום איז רייזעלע געקומען צו איהרע פריינד און געמעלדעט, אז זי האט א חתן. מ'האט איינגעלעגט 200 רובל און געמאכט שעהנע תנאים, בשעת די תנאים האט מען

געבען א געשריי: „איהר ווייסט, וואו מיין טאַטע איז:" און איז אַנידערגעפאַלען, געריהרט פון אַן'אַפּאָפּלעקסיע.

* *

*

מ'האָט באַלד געבראַכט צו דער אומגליקליכער פרוי עט־ליכע ראַקטוירים, און מיט גרויס מיה האָט מען זי ווידער צום לעבען געבראַכט. איינינגע טעג האָט מען מיט איהר גאַרניט גע־קענט רעדען, דערנאָך, אז זי האָט זיך שוין געגוג ערהאָלט, האָט מען אָבגערעדט דעם טאָג און די שעה, ווען די מאַמע מיט דער טאָכטער זאָלען זיך בעגעגענען ביי דער פרוי ב.

רייזעלע האָט שטאַרקער אויסגעהאַלטען די בשורה, אז איהר מוטער לעבט און איז ניט ווייט פון איהר. צו דער בעשטימטער שעה איז געקומען די מאַמע מיט איהר עלטערער טאָכטער, ריי־זעלע'ס שוועסטער, צו דער פרוי ב. זיי האָבען געוואַרט א שעה, נאָר רייזעלע איז ניט געקומען. די מוטער איז געוואָרען זעהר אונרוהיג, נאָר מ'האָט זי בערוהיגט אז וואַהרשיינליך איז גע־ווען אונמעגליך צו געפינען אַן אויסרייד פאַר די „הייליגע שוועס־טער". מ'האָט אָבגערעדט אז פרוי ב. וועט זיך זעהן מיט רייזעלען און דאַן וועט מען נאָכאַמאָל בעשטימען א צייט. די מוטער מיט דער שוועסטער זענען אוועק אַראָבגעהענדיג די טרעפּ, האָבען זיי בעמערקט ווי עפּיס א שיקסעל לויפט אַרויף די זעלבע טרעפּ. „עס מוז זיין א ידיעה פון רייזעלע'ן",— האָט די מוטער געזאָגט צו דער עלטערער טאָכטער. זיי זענען א ווײַלע געשטאַנען אין בעדענקען, דערנאָך געלאָזען זיך צוריק אויף די טרעפּ גלייך נאָך דער שיקסעל.

— טאַ מאַיאַ מאַמוניאַ? !... (איז דאָס מיין מאַמע?—) האָט רייזעלע, אַריינלויפענדיג, גלייך זיך געווענדעט צו פרוי ב.

— יאַ, האָסט זיי דאַ אונטען בעגעגענט?..

פרוי ב. האָט קיין צייט ניט געהאַט צו ענדיגען די פראַזע, ווען די „שיקסעל" האָט זיך א וואַרף געטאָן צו דער טהיר. נאָר די טהיר האָט זיך באַלד געעפענט פון יענער זייט און רייזעלע'ס מוטער איז אַריין מיט דער שוועסטער.

אַנ'אויגענבליק שפּעטער האָט זיך די לופט אין פרוי ב.'ס

ווען דער יודישער גאָט... ניט האָבען אויף מיר קיין פּערדרוס, וואָס איך בין אזוי לאַנג געווען אַ קריסטין ?...

— ניין, ניין, — האָט איהר פערזיכערט די פרוי ב. — וואָס ביזטו שולדיג, מיין קינד ?

— און... און... קריסטוס... וועט ניט בייז זיין... אויף מיר... וואָס איך וויל קומען צוריק צום יודישען גלויבען ?...

— איך בין נישט קיין קריסטין — האָט פרוי ב. איהר ווייטער געזאָגט — איך ווייס ניט... אָבער איז קריסטוס אליין ניט געווען קיין יוד ?... האָט ער ניט געלעהרענט אלעמען ליבען און פערצייהען ?

רייזעלע איז אוועק בערוהיגט.

3

אויפזוכען רייזעלע'ס מאַמען איז פרוי ב. אַנגעקומען ניט שווער. זי האָט געשריבען צום קאַלאַשינער רב. דער רב האָט איהר געגעבען צו וויסען דעם אדרעס פון רייזעלעס מאַמע פון ווארשוי. פרוי ב. איז געגאַנגען מיט'ן אדרעס אויף סמאָטשע גאַס, געפינען די פרוי.

איהר אויפגאַבע איז איצט געווען זעהר אַ לייכטע און דאָך זעהר אַ שווערע. געהענדיג צו רייזעלע'ס מאַמען, האָט די פרוי ב. זיך געמיהט אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן, וואָס זאָל די אָרימע פרוי ניט צו שטאַרק איבערראַשען. זי האָט ביי זיך געהאַט דער פרוי'ס שיקזאַל: זי האָט איהר געבראַכט איהר פערלאָרענע טאָכטער, אייבער וועלכער זי האָט דרייצעהן יאָהר גלות אָבגעריכט. די בשורה קומענדיג פּלוצלונג, האָט געקאָנט זיין געפעהרליך פאַר דער אָרימער מוטער'ס לעבען.

פרוי ב. האָט צוזאַמענגענומען איהר גאַנצע גיין יעהריגע ערפאַהרונג מיט די שמד'קעס, און איידער זי איז אריין אין הויז וואו רייזעלע'ס מוטער האָט געדיענט אלס קעכין, האָט זי שוין געהאַט אויסגעאַרבייט אַ טאַקטיק, ווי אזוי צוצוגרייטען ביסלעכווייז די מוטער צו דער בשורה.

נאָר דער גאַנצער פּלאַן פון דער טאַקטיק האָט גאָרניט געהאָלפען. שוין נאָך די ערשטע עטליכע ווערטער האָט די פרוי גע-

פלאַן צו ווערען צוריק אַ יודיש קינד. ניט מיט אַנ׳אמת, נאָר אַזוי איז געווען איהר טאַקטיק.

— עס קאָן זיין, אַז דו וועסט אויסגעפינען דיין מאַמען, אָבער עס איז מעגליך, אַז זי איז אָרים און קראַנק און דו וועסט דערפון ליידען פון איהר און פאַר איהר, ליידען דיין גאַנצען לעבען... בע־קלעהר זיך...

— פאַני ב—ווא! — האָט רוזשאַ אויסגעשריען — איך בין עלענד, איינע אַליין אין דער גאַנצער וועלט. איך בין מקנא יעדעם מיידעל, וואָס האָט עמיצען, וועמען זי קאָן אָנרופען „מאַ־מע". איך וויל אַ מאַמע האָבען.. מעהר וויל איך נישט אין מיין לעבען, און ווען זי איז אָרים און קראַנק, וועל איך אַרבייטען און וועל אויסהאַלטען מיך און מיין מאַמען...

— איצט ביזטו אַ קריסטין און דיר איז גוט און דיר קאָן נאָך זיין בעסער (די שמד׳קעם האָבען איהר דערצעהלט, אַז רייכע, יונגע פּריצים שדכנ׳ען זיך צו רייזעלען און ווילען מיט איהר חתונה האָבען). דיין מאַמע רעכענט דיך שוין לאַנג פאַר געשטאָר־בען און האָט זיך בערוהיגט... אַ יודיש קינד איז שווער צו זיין: דו ווייסט, ווי מען האַסט זיי, ווי מען פערפאָלגט אַ יודען. דו וועסט מוזען ליידען און וועסט אפשר ניט אויסהאַלטען, — האָט פרוי ב. זי נאָך געפּרובט אָברייידען, טיעף גערירט אין דער נשמה.

— איך ווייס, איך ווייס דאָס אַלץ, — האָט איהר רייזעלע געענטפערט פעסט און בעשלאָסען — איך בין געבוירען אַ יודיש קינד און וועל פערבלייבען אַ יודיש קינד. איך פערלאַנג, דו זאָלסט אויפזוכען מיין מאַמען...

פרוי ב. האָט דאָן גענומען אַנ׳אַנדער טאָן. זי האָט איהר צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס אין איהר מעגליכקייט: און ווען זי וועט אָנטרעפען אויף אַ שפּור פון איהר מאַמען, וועט זי קומען צו איהר אין קלויסטער און איבערגעבען געוויסע סמנים.

די זאַך איז געווען אָבגערעדט. רייזעלע האָט שוין געהאַל־טען ביים אוועקגעהן. פּלוצלונג האָט זי זיך אָבגעקעהרט צוריק און געפרעגט פרוי ב.:

— קאָנסטו מיר זאָגען... איך האָב דיר געוואָלט פרעגען...

ווייס ניט ווער און וואו איז מיין מאמע, — פלעגט זי זאגן צו די שמר'קעס — איך וואלט מיך געשעצט די גליקליכסטע, ווען צו מיר וואלט געקומען א מאמע. איך וואלט מיט איהר און צו איהר אוועק באטש עק וועלט"...

פון די „שמר'קעס" ווידער האט רייזעלע זיך דערוואוסט, אז אין ווארשוי איז דא א זשידאווקע ב., וואס נעהמט א שטאר־קען אנטייל אין די „שמר'קעס": זי האט געוואוסט דעם אדרעס פון מיין וואהנונג, זי האט געוואוסט אז איך ווייס פון איהר.

— וואס פערלאנגט איהר, פאננא רוזשא, פון מיר? — האב איך זי געפרעגט.

— איך פערלאנג, איהר זאלט אויסזוכען מיין מאמען.

איך האב אנגעשטעלט זעהר א פערוואונדערט פנים. נאר רוזשא האט מיר ערקלעהרט די געשיכטע פון איהר לאנג־יעה־ריגער הארץ־רייסעניש. זי האט מיר דערצעהלט בקיצור, ווי אזוי זי האט מיט א פאר יאהר צוריק בעקומען אין איהרע הענד די דאקומענטען, פון וועלכע זי האט דייטליך געוואוסט דעם נאמען פון איהרע עלטערן, פון איהר געבורטס־שטאדט, איהר אייגענעם פריהערדיגען יודישען פאמיליען נאמען: ווי אזוי זי האט בע־שלאסען דורך פאלגזאמקייט און שטרענג פרומער אויפפיהרונג צו געווינען דעם צוטרוי פון איהרע אויפזעהער און אויפזעהע־רינס אין קלויסטער, און מאכען זייי מיינען, אז זי האט איננאנ־צען צוריסען מיט איהר פערגאנגענהייט און בלייבט אויף אייביג א קריסטין.

דורך אזא אויפפיהרונג האט זי געוואונען אביסעל זעלבסט־שטענדיגקייט און פרייהייט. מען האט איהר איבער געפיהרט קיין ווארשוי. דא האט מען איהר זאגאר צייטענווייז אנגעטרויט די איבעריגע מיידלעך. זי האט בעקומען עפיס א מין עהרען־אמט. מ'האט איהר שוין ערלויבט א פאר מאל צו געהן אליין אין א היי־ליגער שליחות צום גלח.

בשעת איינע פון אט די שליחות איז זי, געהענדיג צוריק פון גלח, אוועק צו פרוי ב.

די פרוי האט געפרובט דאס מיידעל אבריידען פון איהר

דאס מאָל האָט זי איינגאַנצען נע'פּטר'ט איהרע פּים און געמוזט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אבזאָגען זיך פון איהר גלות־אַבריכטען. נאָר איהר האָפנונג האָט זי גיט אויפגעגעבען. דער רבי האָט דאָך זי געטרייסט, אַז פּונקט ווי יוסף האָט זיך בעוויזען צו זיינע ברידער און צו זיין טאַטען, אַזוי וועט זיך איהר רייזעלע צו איהר בעווייזען. זי האָט זיך בעזעצט אין וואַרשוי. איז אַנגעקומען ערגיץ פאַר אַ קעכין אין אַ הויז, האָט נעלאָזען מעלדען איהר פּאַס אין דער פּאָליציי און איהר וואוינאָרט צו דעם רב פון איהר שטעדטעל קאָלאָשין, און האָט געוואַרט.

„איך האָב געוואוסט, — האָט די פּיעל ליידענדע פרוי מיר דערצעהלט מיט אַ טריאומפירענדען טאָן, — איך האָב געוואוסט, אַז רייזעלע וועט קומען; מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז מיין טאָכטער וועט זיך געפינען, און איך האָב געוואַרט“...

---

און רייזעלע איז טאַקע געקומען.

— איין מאָל — דערצעהלט די פרוי ב. — מעלדעט מען מיר, אַז עמיץ, עפּיס אַ שיקסעל פרעגט מיך. איך האָב געמיינט אַז דאָס איז איינע אַ שיקסעל פון ווילאַנאָווער קלויסטער, מיט וועלכען איך האָב געהאַט פערבינדונגען. איך בעט זי אַריין אין זאַל און פרעג: וואָס דאַרף זי?

— איך בין — זאָגט זי — רוזשאַ לוטינסקאַ...

ביי דעם נאָמען „רוזשאַ לוטינסקאַ“— ערקלעהרט מיר די פרוי ב. — בין איך זעהר איבערראַשט געוואָרען, דורך די „שמד־קעס“, מיט וועלכע איך האָב געהאַט צו טאָן, האָב איך שוין לאַנג געוואוסט, אַז אין ווילאַנאָווער קלויסטער, וואָס איז גיט ווייט פון וואַרשוי, געפינט זיך אַ קריסטליך מיידעל רוזשאַ לוטינסקאַ. אַלע זענען געווען איבערצייגט אַז דאָס איז אַ שיקסעל, און אַז דאָס שיקסעל איז ביי אַלעמען אָנגענומען: אי ביי די „הייליגע שוועס־טער“, אי ביי די גלחים; און די שמד'קעס האָבען זיך גיט געקאָנט פון איהר אָבלויבען. זי איז געווען די איינציגע, וואָס פלעגט ניט צו ריידען די אידישע מיידלאָך צו טויפען זיך. פלעגט זי זעהן, אַז אַ מוטער קומט צו איהר טאָכטער און וויינט, און בעט זיך, פלעגט זי דאָס ניט קאָנען גלייכגילטיג צוקוקען. „איך

איבערגענעבעז,— נאר מ'האט רייזעלען, אזוי ווי אונטער דער נאז, ביי איהר אויף דאס מאל אוועקגעריסען.

ווי עס שיינט, האבען די יעזואיטען מיט די „הייליגע שוועסטער" זיך אנגעשטויסען, אז רייזעלע ווערט נאכגעשפירט שטארקער ווי שטענדיג.

אז רייזעלע איז עלטער געווארען, האט זי אויפגעהערט צו טומלען א קאפ די „הייליגע שוועסטער" מיט איהרע שאלות. זי האט זיך פערשלאסען אין זיך און נים אויפגעהערט אויסקלעהרען א פלאן, ווי אזוי אויסצוגעפינען איהר מאמען. ביי נאכט פלעגט זיך איהר חלום'ען וועגען דער היים, בעזונדערס וועגען דעם טאטען, אויף דעם ודוי פאר'ן גלח פלעגט זי מוזען די חלומות איהרע אויסזאגען, ווי אויך איהרע געדאנקען, וואס פלעגען איהר פייניגען וועגען דער היים. דער גלח פלעגט אויף איהר אנפאלען, פארוואס זי איז אזוי זינדיג, וואס אין איהר מח האט געמאכט א נעסט דער „טייוועל" און האלט איהר אין דער „טומאה". אין „הייליגען ראט" איז געבליבען, אז אום אבצוואשען זי פון איהרע זינד און אויסצוליטערען איהר נשמה פון „אונריינע" „זשידאווסקע" מחשבות, איז פאר איהר ניטא קיין אנדער תשובה, ווי לאזען זיך אין רוים צום פאבסט, און דארט, ארויסטרייבען פון זיך די „רוחות".

רייזעלעס מאמע איז שוין געווען אזוי געניט אין די קלויסטערס, אזזוי בעקאנט מיט די איבעריגע בעטלערקעס און בעלי־תשובה'ניצעס, אז דער פאקט איז פאר איהר קיין געהיימניס נים געבליבען. זי האט ניט געוואוסט, צי דאס איז דוקא רייזעלע מ'האט איהר בלויז געזאגט, אז מען פיהרט אוועק איינס פון די יונגע מיידלאך קיין רוים. איהר הארץ האט גענומען שטארקער קלאפען, און זי האט זיך אויף אוועקגעלאזען קיין רוים. דארט האט זי אויסגעמאסטען אויף די קניה אלע קלויסטערס, מאנאסטירען, היילען, אלע הייליגע בעהעלטענישען; האט ווי אן עכטער שפיאן, א ספעציאליסט, אויסגעפארשט אלעמען אין די הייליגע ערטער. ווען זי האט נאר געקאנט. נאר איהר גאנצע מיה איז געווען אומזיסט — זי האט איהר טאכטער אין ערגיץ נים בענעגענט.

לעבען, איין אויפגאבע, וואס איז געלעגען נאָר אין איין וואָרט:
—רויזעלע...

2

עס איז ווידער אוועק אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר. רויזעלע איז געוואָרען אַ יונג בליהענד מיידעל פון 16—17 יאָהר. איהר מוטער, אַ פרוי פון פערציג יאָהר, איז אַלט און שוואַך געוואָרען פון גלות אַבריכטען און וואַנדערען איבער דער וועלט, זוכענדיג איהר טאָכטער. ביידענס נשמות זענען געווען צוריסען פון בענקעניש. צווישען דער מוטער'ס האַרץ און דער טאָכטערס איז געווען פערצויגען אַ מין דראַטלאָזער טעלעגראַף. יעדע פון זיי האָט געשפירט, ווען די צווייטע איז נאָהנט געווען און ווען זי האָט זיך דערווייטערט.

און דער סדר פון רויזעלעס מאַמעס אַבריכטען גלות, איז געווען אַזוי: ווינטער פלעגט זי אַנקומען ערגיץ אויף אַן אָרט פאַר אַ קעבין; אַבגעוועזען דאָרט אַ האַלב יאָהר, אויפגעקליבען עטליכע רובל, און זומער אַוועקגעלאָזען זיך מיט די פּאָאַר רובל אויף איהר וואַנדער. וואַנדערען פלעגט זי מעהרסטענס צו־פוס: פון שטאָדט צו שטאָדט, פון דאָרף צו דאָרף, פון קלויסטער צו קלויסטער.

זי האָט זיך כמעט מיאש געווען צו בעקומען איהר טאָכטער און איהר האָט זיך געוואָלט כאָטש זעהן זי, אַנקוקען איין מאָל איהר פנים, איידער זי וועט שטאַרבען. צוליעב דעם צוועק האָט זי אומגעביטען איהר טאַקטיק. זי האָט זיך אַרומגעהאַנגען פון אויבען מיט צלמים, האָט אָנגעטאָן אַ רויטע פאַטשיילקע און גענומען אַ שטעקען אין האַנד, ווי אַן אַלטע פוילישע פּויערטע, וואָס געהט מתפלל זיין אויף איהרע זינד, און איז אַזוי אומגעגאַנגען פון קלויסטער צו קלויסטער; איז געווען אין טשענסטאָכאָוו, אין קאַלוואַריע, און כמעט אין אַלע קאַטויליש קלויסטערס.

אייינמאָל האָט זי שיער זיך ניט אָנגעטראָפען אויף איהר טאָכטער אין אַ קלויסטער — לויט די סמנים, וואָס מ'האָט איהר

ניט אויפגעהערט איינצולעגעז וועלטעז, געפאהרעז צו רבנים, צו גוטע יודעז. יענע האבעז איהר געהייסעז זוכעז, גוטע האפּנונגעז געגעבעז. און זי איז אוועק איבער דער וועלט זוכעז איהר קינד.

יעדער האט גענומעז אנטייל אין איהר שיקזאל. אפילו קריסטעז — איידעלע און פיהלענדע, האבעז מיטלייד געהאט מיט איהר. די פּאליציי האט איהר אויך כמעט אומעטום געהאלפעז, די העכערע מאכט האט איהר געגעבעז די מעגליכקייט צו בעזוכעז די קלויסטערס און מאנאסטירעז, וואו זי האט געהאט א פערדאכט, אז איהר טאכטער געפינט זיך דארט. ניט איין מאל איז זי געפאלעז אויף א שפור: אט,אט, דאכט זיך האט זי זיך אנגעשטויסעז אויף איהר קינד.

— מעז האט זי נאר וואס אוועקגעפיהרט...

— פאהרט אהיז, אין יענעם קלויסטער... דארט איז פאראן טאקע אזא...

— לויפט אהיז, מיר האבעז אזעלכע געזעהז... גיכער, איהר וועט זי נאך כאפּעז...

די ארימע מוטער איז געלאפעז, געפאהרעז, געגאנגעז, געזוכט, געהארכט — ס'איז געוועז אומזיסט! ניט איין מאל איז זי געווע זיכער, אז זי האט זי. אלע סמנים זענעז געוועז ריכטיג. צווישעז איהר מיט איהר טאכטער איז אפּט נאר געוועז א שטח פון א פּאר וויארסט, זאגאר פון א פּאר קלאפטער און ניט זעלטעז האט איהר בלויז א וואנד אבגעטיילט פון איהר קינד און זעהז האט זי זי ניט געקאנט. ווי קונציג זי האט נאכגעשפּירט איהר קינד, אזוי געשיקט זענעז די מנישקעס געוועז און בעהאלטעז זי.

דאס איז געוועז אן אונענדליכע שפּיעל אין קאץ און מויז. ווי א פערוואונדערטע הירשיז, מיט א גיפטיגער פייל אין איהר הארצעז, איז די ארימע מוטער געלאפעז מיט אימפעט נאך איהר טאכטער, ניט וויסענדיג פון רוה און פון ראסט, פון טאג און פון נאכט, אלץ איז פערשוואונדעז ארום איהר, האט פאר איהר ניט עקזיסטירט. נאר איין זאך האט זי געהאט אין איהר

דערט. אויסער דעם פאַל, ווען זי האָט געפרעגט שאלות. דאָן מוזט פערשטיקען טיעף אין הארצען אלץ, וואָס דאָרט האָט גע־
מוזט פערשטיקען טיעף אין הארצען אלץ, וואס דאָרט האָט גע־
ברויזט און געענבערט. פערשטיקען ביז אַ צייט.

---

מיר לאָזען רויזעלען אין קלויסטער. און זועלען (ווי מען שרייבט אין די ראָמאַנען) א קוק טאָן: וואָס טוט זיך ביי איהר אין דער היים.

דער לעזער קאָן זיך לייכט אָנשטויסען, וואָס עס האָט זיך דאָרט געטאָן דעם פרייטאָג אווענד, ווען רויזעלע איז ניט גע־וואָרען, און אויף מאָרגען שבת דעם גאַנצען טאָג. דאָס איז געווען ניט שבת, נאָר תשעה באָב. מען האָט, נאַ־טירליך, געמעלדעט דער פּאָליציי, געמאַכט אָביסקעס אין אַלע פערדעכטינע קריסטליכע הייזער. נאָר אומזיסט. יעדער שפּור פון רויזעלען פערשוואונדען.

„אז זי וואָלט געווען א גרויסע און וואָלט אוועק מיט׳ן גוטען ווילען, וואָלט עס מיך ניט געאַרט“, האָט מיר ערקלערט רויזעלעס מאמע, ווען איך האָב זי בעזוכט. „איך וואָלט נים געוויינט, ווי אנדערע מאַמעס, איינרייסען ווערטען.. ווילסט זיך שמד׳ן, האָב דיך אַ שוואַרץ יאהר... ביזטו מיינע קיין טאָכטער ניט און גענוג... אַבער אַ קליין קינד, פון זעקס יאהר! וואָס ווייסט זי נעביך? ווי קאָן דאָס דערלאָזען אַ מאַמעס הארץ“...

און רויזעלע איז נאָך אַ קלייניטשקע געווען, א לעבעדיג, קלוג קינד. און אלע אין שטוב און ביי די שכנים ארום האָבען זי ליב געהאַט. דער מאַמעס הארץ האָט ניט געקאָנט רוהען. עס איז אוועק א טאָג נאָך אַ טאָג, א וואָך נאָך א וואָך, א מאָנאַט נאָך א מאָנאַט אין זוכעניש. ס׳האָט גאָר נישט געהאָלפען! מ׳האָט אין אַלע יודישע צייטונגען בקשות געדרוקט: טאָמער האָט עמי־צער געזעהן, געהערט, זאָל רחמנות האָבען און געבען צו וויסען. אלץ אומזיסט.

דער טאַטע רויזעלעס איז פון הארצוועהטאָג געשטאָרבען. נאָר די מאַמע איהרע איז פון אייזען געקנאָטען געווען. זי האָט

---

אַט אַזוי איז אַוועק אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר. רויזעלע האָט בע־קומען אַ פאַלקאָמענע קלויסטערליכע ערציהונג. מען האָט זי גע־לערענט אַלץ, וואָס עס ווערט געלערנט אין אַ פּוילישען קלויס־טער. די זכרונות פון דער היים האָבען אַנגעהויבען ביסלעכוויין אויסגעלאָשען צו ווערען. זי האָט זיך צוגעבונדען מיט איהר גאַנ־צער בעליידיגטער נשמה צום קריסטענטום, אין וועלכען זי האָט געזוכט אַ טרייסט צו איהר ביטער האַרץ. זי האָט געלערענט די נייע רעליגיאָן פלייסיג, האָט אַרויסגעוויזען גוטע פעהיגקייטען און פערשטאַנד. איהרע לעהרער און לעהרערינס זענען מיט איהר געווען זעהר צופרידען. און זי איז אויך געווען צופרידען און גליקלאַך, ווען זי האָט זיך נאָר פערגעסען. אָבער אַזוינע פער־געסונגס־מאָמענטען האָבען לאַנג ניט געדויערט. די פערלאָשע־נע עראינערונגען פלעגען שטענדיג אויפטויכען און צופלאַקע־רען זיך מיט אַ נייער קראַפט. און וואָס מעהר זי האָט געלערענט אַלץ שמערצליכער האָבען איהר געברענט די פראַגען: ווי קומט עס, — די הייליגע שוועסטער, פאַרשטעהער פון אַזאַ הויכער רע־ליגיאָן, זאָלען זיין אַזוי גרויזאַם און ניט וועלען איהר זאָגען: ווער און וואו איז איהר מאַמע, אָדער טאַטע? ניט וועלען איהר אָבגעבען צוריק צו איהרע עלטערען? פאַ־וואָס האַלט מען זי דאָ מיט גוואַלד? וואָס האָט מען צו איהר? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט זי עמיצען געטאָן?....

צייטענוויין, פערקעהרט, איז איהר קינדעריש האַרץ גע־ווען פול מיט בייזקייט אויף איהר טאַטען און מאַמען: פאַרוואָס קומען זיי איהר ניט אָבנעהמען? קען דאָס זיין, אַז זיי ווייסען ניט וואו זי איז? אַז זיי זאָלען ניט קאָנען זי אָבנעהמען? וואָלט זי אליין געוואוסט, וואו זי איז, וואו די עלטערען זענען, וואָלט זי שוין אַנטלאָפען און זיי אויפגעזוכט. אָבער דאָס האָט זי ניט געוואוסט. און אין מח האָט זיך ניט זעלטען אריינגע־גנב'עט אַ שלעכטער געדאַנק, אַז עס קאָן זיין, אַז די „הייליגע שוועסטער" זאָגען אמת, אַז מען האָט איהר מיט אַן אמת אונ־טערגעוואָרפען צו די קריסטען, צו פרעמדע מענשען.

די „שוועסטער" זענען צו איהר געווען זעהר גוט, וואָרום זי האָט געפאָלגט אַלץ וואָס דער קלויסטער־רעזשים האָט געפאָ־

און מיט בייזען, מיט קושען און מיט שלאגען האט מען איהר גע־צוואונגען פערגעסען אלץ וואס עס האט מיט איהר פאסירט אויף יענער זייט קלויסטער־טויער און רעכענען זיך פאר א געבא־רען קריסטען־קינד. מען איז צו איהר געווען זעהר פריינדליך און ליב, ביז זי האט ניט געמאכט א פראגע: ווער איז זי? ווי אזוי קומט זי אהער? דאן האט זיך די דעקאראציע פלוצלונג געביטען. די פנים׳ער פון די גרויסע מענשען, אין וועמענס הענד זי איז געווען, זענען פלוצלונג געווארען שטרענג, בייז און פינס־טער. מען האט איהר געצוואונגען פאסטען, תשובה טאן, זאגען תפלות, אז עס זאל אויסגעלייטערט ווערען איהר הארץ פון אונ־ריינע מחשבות.

צייטענווייז פלעגט קומען אויף די הייליגע שוועסטער א גוטער הומאר, און אז רויזעלע פלעגט מאכען א שאלה וועגען איהר פערגאנגענהייט, פלעגט מען אויף איהר ניט שרייען, נאר ערקלערען גוטמוטיג, אז א „בוציאן“ (א בושעל) האט איהר געבראכט אין קלויסטער אויף זיינע פליגלען. שפעטער אביסעל אז רויזעלע איז עלטער געווארען און די פאבעל מיט דעם „בו־ציאן“ איז געווען צו האמעטנע, האט מען איהר געזאגט, אז די איינענע מאמע האט איהר אונטערגעווארפען. דאס איז געווען אויסגערעכענט מיט א כיון, כדי איינצופלאנצען האס אין איהר הארצען צו איהרע עלטערען און דערמיט אבווענדען איהר פון די געדאנקען וועגען איהר יודישער פערגאנגענהייט. מען האט איהר פערפאסט נאך בבא מעשיות וועגען דער „זשידאווסקער“ גרוי־זאמקייט און דער בארימהערציגקייט פון די קלויסטער לייט. מען האט איהר אויפגעוויזען, אז זי דארף זיי זיין אייביג דאנקבאר אייביג בעטען פאר איהרע „בעלי־חסדים, און מען האט איהר פערבאטען צו ריידען וועגען די אונריינע, „פערפלוכטע“ זשי־דעס. דעם קינד׳ס הארץ איז צועסען געווארען פון קלעמעניש, פון רייסעניש. אבער זי האט קיין איין מענשען ניט געהאט אויף דער וועלט, וועמען צו פערטרויען די יסורים פון איהר נשמה. אין קלויסטער איז זי געווען, ווי אין א טורמע. זי האט פון דארט ניט געטראכט ארויס, אויב ניט אין דער בעגלייטונג פון די הייליגע שוועסטער און די חבר׳טעס, די קריסטליכע מיידלעך.

און מאמען, ביז זעקס יאהר. דאן האט דער געוועהנליכער גאנג פון איהר לעבען, פון רויזעלעס לעבען, זיך פלוצלונג איבערגע־ריסען. זי האט געלעבט ניט אין דער היים, ניט צווישען טאטע און מאמע, שוועסטער און ברידער, אין איהר היימישען שטעד־טיל קאלאשין, נאר ווייט, ווייט פון דארט, צווישען שיקסעס, מנישקעס, גלחים. דרייצען יאהר האט זי פערלעבט אין א פוי־לישען קלויסטער א שמד'קע, א קריסטין, אונטער דעם נאמען אנטאנינע לומינסקא ביז... אין א שעהנעם פריה־מארגען האט זי אלץ אראבגעווארפען, וואס עס האט זיך אנגעקליבען אויף איהר נשמה פאר די גאנצע דרייצען יאהר, און איז איבער א נייעס געווארען רויזעלע ווי אמאל.

דער לעזער שטויסט זיך אן, אז מ'האט רויזעלען גע'גנב'עט. „דאס איז געווען האט זי מיר — ווען זי איז שוין צוריק רוי־זעלע געווארען — ערקלערט, א פרייטאג־צונאכט. „יע־שמשע פאמיענטאם יאק דזיס" (איך געדענק נאך ווי היינט. רויזעלע האט גערעדט נאר פויליש, זי האט געקענט זעהר שוואך יודיש). מען האט ביי אונז אנגעצונדען די ליכט. דער טאטע מיט'ן „סטארע דזיאדעק" (אלטען זיידע) זענען אוועק אין שוהל די מאמע איז געזעסען אויפ'ן פריזבע און גערעדט מיט שכנות. איך מיט נאך מיידלאך פון מיינע יאהרען האבען זיך געשפיעלט אויפ'ן גאס; שפיעלענדיג זענען מיר פערשפרונגען אין א גע־סעל. איך געדענק ניט, ווי אזוי איך בין געבליבען אליין, איך האב ניט מורא געהאט, ווארום דא איז מיר אלץ געווען בעקאנט. איך וויים ניט, ווי אזוי עפעס אנ'אלטע גוי'ע האט מיך אנגע־נומען פאר'ן האנר, גענלעט מיך פאר די האאר, געקושט מיך אין שטערען; האט מיך ארייננענומען אין א הויז, נעגעבען גוטע זאכען; און אז איך האב געוואלט געהן א היים, האט מען מיך ניט געלאזען; אז איך האב אנגעהויבען וויינען, האט מען מיר געדראהט און איך האב געמוזט שווייגען".

וואס ווייטער איז געווען געדענקט רויזעלע זעהר שוואך. זי געדענקט אויך ניט, ווי אזוי זי איז געקומען אין קלויסטער, וואס דארט האט פאסירט די ערשטע צייט. די טאקטיק איז צו איהר געווען די געוועהנליכע אין אזעלכע פאלען: מיט גוטען

# רויזעלע די הויכע נשמה.

.1

פאר גרויסע אידעאליסטען, וואס די וואהרהייט פון לעבען איז ביי זיי טייערער, ווי דאס לעבען אליין; וואס בעזויצען אין זייער ברוסט א קוואל מיט ליעבע צו מענשען; וואס זענען גרייט יעדע מינוט צו זעלבסט־אפפערונג, אום צו לינדערען די מענשענס ליידען — פאר אזוינע מענשען האט די יודישע פאלקס־מאסע א בעזונדער טיטעל. זי רופט זיי „הויכע נשמות“.

די „הויכע נשמות“ פון דער מאסע טוען זייער גרויסע ארבייט פון ליעבע און זעלבסט־ אפפערונג אין דער שטיל, אין געהיים. די בלעטער רעקלאמירען זיי ניט; אויף די מיטינגען מאכט מען זיי ניט קיין אוואציעס; זייער נאמען ווערט ניט געדרוקט מיט גאלדענע בוכשטאבען אויף מארמארנע טאוולען אין וואויל־טעטיגע הייזער. און דאך איז זייער שפור טיעף אין לעבען. און אויב מען זעהט זיי ניט, אויב מען געדענקט ניט זייער נאמען, שפירט מען זייער איינפלוס, זייער ליעבע, זייער ווארעמקייט און טרייסט, וואס זיי טראגען אריין אין לעבען פון די עלענדע און ליידענדע.

איינע, אזא הויכע נשמה איז די העלדין פון מיין איצטיגער שילדערונג. דאס איז די געוועזענע „שמד'קע“ רויזעלע — אנטאנינע.

רויזעלע האט זי געהייסען אין דער היים, ביי איהר טאטען

6. אט קומט ער!
7. שמולעוויזנע.
8. ווי אזוי עס ווערט געבארען א יודיש שטעדטעל אין פוילען.
9. פון א ציעג.

## צווישען גרעניץ-יודען.

1. ביי גאט'ס מוטער אויף קעסט.
2. א כפרה אמעריקא!
3. יודישע פרנסות ביים גרעניץ.

## אין דער „מלוכה" פונ'ם יודישען קאפיטאל.

1. א פריינד פון ארימע און ליידענדע.
2. „ירמיהו הנביא" פון זגערזש.
3. א שפאציר דורכ'ן „גן עדן" און „גיהנום", אדער וואס איז אזוינס „זאוויערצע?".
4. זאוויערצע פון דער לינקער זייט.

## „ש מ ד ' ק ע ס".

א. וואס טרייבט דאס יודיש מיידעל אין פוילען צום שמד.
ב. ביי דער „שמד'קע" אין דער היים.
ג. די היימישע ערציהונג פון דער „שמד'קע".
ד. „די שמד'קע" אין קלויסטער.
ה. „מאישעלע, געה נישט, דא איז בעסער."
ו. גע'שמד'ט זיך אום ניט געשאסען צו ווערען.
ז. נישט גוט אויסגעפיהרט.
ח. שלום געמאכט.

# אינהאלטס־פערצייכנעס.

## ווארשעווער אנטיקען.



## אויף די „נאלעווקעס".



## אויפ'ן „דעק" פון ווארשא.



## אין פוילישען „ירושלים".



## אין דער פוילישער שטעדטעל.

מיין פאטער׳ם און מוטער׳ם אנדענקען געווידמעט.

פערלאג „פאלקסבילדונג“ ניו יארק

א. ליטווין.

# יודישע נשמות.

באנד 4

פוילען.